# צווישן קלאַנג און געדאַנק

אשר גאָלדענבערג

## א

אַ גאַסט, וואָס כאַפּט זיך אַריין צו אַ צוזאַמענקום פון די שוואַרבע־לערנערס, וואָס די חברה לחקר המקרא (געזעלשאַפט פאַר תנך־פאָרשונג) רופט איין, אַ יעדן פאַר־פּסח, און אינטערעסירט זיך ווייניקער פאַר די לעקציעס פון די רעפערענטן און מער פאַר דעם איינשטעל און באַצי פון דעם עולם, איז עלול צו באַמערקן, און מסתמא באַמערקט ער אויך, ווי אַ סך פונעם עולם הערן זיך ערנצט איין, מישנדיק און געפינענדיק אויף־גיך, אין זייערע תנכלעך, די שטעלן, וואָס די רעפערענטן דערמאָנען זיי. פּונקט אַזוי איז ער, דער גאַסט, עלול צו באַמערקן, און מסתמא באַמערקט ער עס אויך, אַז נישט ווייניק צוהערער פּרוּוון צום ערשט אויסנווייניק דערגאַנצן דעם המשך פון דערמאָנטן פּסוק, און דאָס איז אויך קענטיק אין שטומען באַוועג פון זייערע ליפּן. און אויב דער דאָזיקער גאַסט פאַרמאָגט אַ באמת אויפמערקיקן חוש, שטעלט זיך זיין אויג אָפּ אויף אַ ברייטביינערדיקן מאַן, וואָס שטרעקט אַ ביסל אפיר דעם קאָפּ, שעפּטשעט פאַר זיך שטיל די באַהאַנדלטע פּסוקים, ווי איינער וואָס די גאַנצע תורה געפינט זיך אין דער פעסטער פושקע פון זיין זכרון, און ער איז איצט בלויז אויער. דאָס איז ר׳ אשר גאָלדענבערג, אַ ייִד וואָס האָט יאָרן לאַנג ביי טאָג באַאַרבעט דאָס פעלד אין דעם דאָרף זיינעם, און ביי נאַכט האָט ער אַריינגעקוקט אין אַ ספר, און זייט ער איז בלינד געוואָרן אויף ביידע אויגן, איז די תורה זיין ליכט, וואָס באַלייכט די נשמה זיינע ביז אירע עקסטע ווינקעלעך.

און אַזוי ווי איך רעד מיר איין צו זיין אַזאַ מין אויפמערקיקער גאַסט, מוז איך מודה זיין, אַז צו מיין באַוווּנדער איבער דעם ייִדנס צוגעבונדנקייט צום תנך, וואָס העלפט אים קלאָר געדענקען אַלע פּסוקים, קומט נאָך צו מיין דערשטוינונג איבער אַ פּיל וווּנדערלעכער זאַך — עס גייט דאָ נישט וועגן אַ מלאכה פון אַ פּאַסיוו געדענקען, נאָר וועגן אַ קונסט פון אַן אַקטיוון דערמאָנען, דען ער שפּרייזט איבער די שטעגן פון תנך, ווי איינער וואָס דרייט זיך אַרום אין זיין אייגענער שטוב. און נישט בלויז ער אַליין איז נהנה, נאָר איז אויך מהנה אַנדערע, ברענ־

גענדיק פאַר זיי די פירושים, וואָס זיין פאַרשערישע מי האָט זיך צו זיי דער־טראָגן. אַן עדות זענען זיינע אַרטיקלען און זיין ביכל וועגן אַ רעקאָנסטרוקציע פון ספר איוב, און בעיקר זיין בוך, וואָס איז איצט אַרויס — „מקצב ומשמעות במקרא״ (ריטמוס און באַטייט אין תנך), אַ נייער מעטאָדאָלאָגישער צוגאַנג צו די פּראָבלעמען פון תנך־טעקסט. דער מחבר דערקלערט בעיקר דעם ענין אַליטעראַציע אין תנך, און שעפּט אויס דעם גאַנצן באַווייז־מאַטעריאַל, און שטעלט זיך פּרטימדיק אָפּ אויפן כאַראַקטער פון דער דאָזיקער אַליטעראַציע אין אַלע אירע ניואַנסן, און פּרוּווט דאָס אַלץ צוזאַמענצוקייטלען אין אַ דורכגעטראַכטן סיסטעם, און דאָס אין אַן אומגעוויינטלעכן היקף און מאָס.

ב

איך וויל מודה זיין, אַז ווען איך טרעף זיך צוזאַמען מיטן מחבר פון דעם בוך און הער זיינע שמועסן און זע פאַר מיר ווידער אַ מאָל דאָס טאָפּעלע וווּנדער, מוז איך מיך דערמאָנען אין מיין באַגעגעניש מיטן בלינדן ר׳ שמעון בערנפעלד, וואָס דאָס ליכט פון זיינע אויגן האָט אים אויף דער עלטער פאַרלאָזן, אָבער דאָס ליכט פון ספר הספרים איז אים געבליבן, און ער האָט דאָרט אַרומשפּאַצירט, ווי זיין האַרץ האָט געגלוסט, גלייך עס וואָלט געווען אויסגעשפּרייט פאַר אים, און אַז ער האָט דערשפּירט אין מיינע רייד, אָדער אין זייער אונטערטאָן אַ מין פּליאה, האָט ער געזאָגט, אַז דאָס איז נישט זיין רבותא, נאָר דעם תנכס רבותא, דען דער תנך האָט שוין אַזאַ טבע, זיך איינצוקריצן אין דער מענטשלעכער נשמה, שוין אָפּגעשמועסט אין אַ יידישער נשמה. און ער האָט צוגעגעבן, אַז אויך אַנדערע ספרים, וואָס ער געדענקט אויסנווייניק, ווי אַ שטייגער שעקספּירס דראַמעס, גע־דענקט ער זיי מחמת זייער שייכות צום תנך, ווייל דער תנך פאַרמאָגט אַ סך וועגן זיך איינצופלאַנצן אין מענטשנס האַרצן און זיך צו באַפעסטיקן אין זיין זכרון, און אַזוי אַרום איז ער געוואָרן אַ באַשטאַנד פון דורות, און אַזוי אַרום ווערט אויך פאַרשטענדלעך זיין השפעה אויף דער גאַנצער ברייט, און בעיקר אין דער גאַנצער טיף, פון אונדזער ליטעראַטור.

און עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז אויב מיר גייען אויף דער ליניע פון דעם דאָזיקן דערקלער, פאַרשטייען מיר, אַז איינער פון די פיל וועגן, וואָס דער תנך איז געוואָרן אַזאַ באַשטאַנד ביי אונדזער פאָלק, איז טאַקע דער ענין, וואָס דאָס דאָזיקע בוך באַהאַנדלט — דער טאָפּל־כאַראַקטער פונעם וואָרט, ווי אַ קלאַנג און ווי אַ געדאַנק, וואָס פאַרבינדן זיך נישט ווי אַ מעכאַניש געמיש, נאָר ווי אַן אָרגאַנישער סינטעז. מען מוז גראָד נישט אָננעמען אַלע אסמכתות פון אונדזער מחבר, און מען מעג אַפילו אָננעמען, אַז עס איז כדאי סקרופּולאָט בודק צו זיין, וואָס האָט ער קלאָר געדרשנט פונעם פסוק אַרויס און וואָס האָט ער טונקל

געדרשנט אין פסוק אַריין, דען עס זענען געגוג די געבראַכטע ראיות, וואָס האַלטן אויס אַ יעדע קריטיק, כדי מיר זאָלן קומען צום סך־הכל, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ פולן סובסטראַט, וועלכן דער מחבר האָט מיט גרויס בקיאות און חריפות צונויפגעבראַכט.

ג

ווער עס זאָגט, אַז דער סובסטראַט באַהאַנדלט בלויז דעם ענין אַליטעראַציע אין תנך, טוט דעם בוך אַן עוולה, ווייל עס גייט ווייט אַרויס פון דער ענגער ראַם, אָבער אַפילו אין די גרענעצן פון אַזאַ דעפיניציע האָבן מיר פאַר זיך געגוג מאַטע־ריאַל, וואָס העלפט נישט בלויז לגבי תנך, נאָר אויך לגבי אַנדערע געביטן און בעיקר אין אונדזער ליטעראַטור, דערהויפּט דאָרט, ווו מיר פרעגן, צי איז די אַליטעראַציע אויסגעלייזן פון דרויסן, אָדער האָבן מיר זי געירשנט פון אינעווייניק אַזוי, אַז ווען מיר פרעגן, צי האָט זיך דאָס באַוווּסטע אויסגעלייזנע נישט געשטיצט אויפן אומבאַוווּסט־געירשטן, און איך וועל ברענגען דריי דוגמאות, וואָס זענען מיר באַזונדערס נאָענט.

די ערשטע דוגמה — מיר ווייסן, אַז די העברעיִשע פּאָעזיע אין מיטלעלטער, ווי אויך אין דער צייט פון דער השׂכלה, האָט זיך געדרן באַנוצט מיט בכיוונדיקע וואָרטשפּילן, געבויט אויפן פאַרבייט פון סדר אין די אותיות פונעם שורש (נגע — ענג), און מיר ווייסן, אַז עס איז אַ ירושה פון תנך (פּאַר — אפר), און עס איז געוואָרן אַ מין וואַכנגאַנג, וואָס האָט זיך צוגעגעסן, אַזוי, אַז אַ נייער ווענד אָדער אויפלעב אין דער פּאָעזיע, ווי, אַ שטייגער די מאָדערנע העברעיִשע דיכטונג, האָט זיך דערפון דערווייטערט, אָבער עס איז בלויז לפנים — ווער עס איז גרונטיק בודק דעם הויכשטאַפּל פון דער פּאָעזיע, בעיקר ביי ח. נ. ביאַליק, געפינט, אַז אין אָנהייב האָט ער דאָס שפּיל באַוווּסט מיטגעמאַכט, אָבער ווען ער האָט עס אַרויסגעטריבן דורך די אָפענע פליגל פון דער טיר, איז עס אומבאַוווּסט אַריין דורך די באַהאַלטענע שפּאַרעס פון פענצטער, און דער אַריינגאַנג איז דיסקרעט, סובטיל און אויסגעאיידלט, וואָס סיי איך האָבן שוין היפּש און געגוג באַוויזן. און ווער עס פרעגט פון וואַנעט האָט זיך דאָס אַלץ גענומען, האָט דערויף בלויז אַן איינציקע תשובה: אַנשטאָט מעכאַניש זיך צו קלאַמערן אין דער שאָל פון תנך, איז דער דיכטער אָרגאַניש אַריינגעוואָקסן אין זיין תוך אַריין.

די אַנדערע דוגמה — ווען מאַרטין לוטער האָט איבערגעזעצט דעם תנך אויף דייטשיש האָט ער, צווישן דער ערשטער און דער אַנדערער אויסגאָב, געמאַכט אַ סך שינויים, און צווישן זיי זענען בולט די אַליטעראַטיווע שינויים, אין נוסח פונעם דייטשישן שטאַבריים, ווי ער איז שכיח אין דער דייטשישער מיטלעלטער־לעכער דיכטונג. בדרך כלל האַלט מען, אַז ער האָט עס געטאָן מחמת געטרייקייט

צום גאַנג פון זיין פאָלקשפּראַך און איר פּאָעזיע, אָבער דער זאָג פּטרט אונדז נישט פון אַ קשיא, אויב דאָס איז זיין איינציקע געטרייקייט, עס קאָן דאָך גרייזלעך געמאָלט זיין, אַז עס איז אַ טאָפּעלע געטרייקייט, ווייל אַזאַ איינער, אַפילו זיין געפיל אין העברעיִש איז געווען גרעסער ווי זיין ידיעה אין איר, האָט דאָך געמוזט שפּירן די באַזונדערקייט פון תנך־לשון און דערשנאַפּן איר באַטייט־רייכע אַליטעראַטיווקייט, און ווייל ער האָט פאַרשטאַנען, אַז איבערזעץ פון איין שפּראַך אין דער אַנדערער איז מחייב אַ שיטה לויט גוט דורכגעטראַכטע באַלאַנסן, האָט ער אין זיין איבערזעץ־טעכניק געזוכט אַ מיטל, מעג עס זיין אַן אילוזאָריש, צו דערגרייכן גייסט אין גאַנג פונעם אָריגינאַל.

די לעצטע דוגמה — דער נוסח פון דייטשישן שטאַבריים, לויט זיין בפירושן געזעץ, האָט דאָך געקאָנט אַריבערגיין אין דער ייִדיש־אשכנזישער תנך־פּאָעזיע (שמואל־בוך, מלכים־בוך, דניאל־בוך), אָבער ווער עס איז בודק די דאָזיקע עפּישע פּאָעזיע אונדזערע וואָס שטיצט זיך, מער אָדער מינדער, אויף דער מסורה פון דער ניבעלונגישער שורה, זעט תיכף, אַז די פּאָעזיע איז נישט געבונדן אין דעם דרך אין זיין געזעץ, אדרבה זי איז פריי פון זיי, אַזוי, אַז די אַליטעראַציע איז אַ גענוג זעלטענער גאַסט אין אירע שורות. וואָלט מען דאָך דערפון געקאָנט דרינגען, אַז די שמועס־שפּראַך אין ייִדיש וואָלט אַליטעראַטיוו באַדאַרפט צו זיין אָרעמער פון דער דייטשישער שמועס־שפּראַך. הייבט זיך אָבער גאָרנישט אָן — ייִדיש פאַרמאָגט אַ ים אַליטעראַטיווע באַנוצן, פון זיי אַ גאָר היפּשע צאָל, ווו די אַליטעראַציע גייט אָן נישט בלויז אין דייטשישן קאָמפּאָנענט, נאָר אויך אין סלאַווישן, און בעיקר אין געמיש פון די קאָמפּאָנענטן (פּוסט און פּאַס, פּראָסט און פּשוט), און עס פרעגט זיך, אויב די אַליטעראַטיווע געדיכטעניש אין ייִדיש, וואָס איז בולט בעיקר אין ייִדישן ווערטל און אידיאָם, דערקלערט זיך בלויז ווי אַ הלוואה פון דרויסן, אָדער, און דאָס בעיקר, ווי אַ ירושה פון דער היים, און דאָס בוך וואַרפט אַ באַזונדער ליכט אויך אויף די קשיות.

[כ״ב סיון תש״ל]

# צווישן לייכטערן און שווערערן קאַליבער

יעקב אַפּטייקער

## א

ווער עס נעמט, לשם ראשית־אינפאָרמאַציע וועגן יעקב אַפּטייקער, דעם לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, געפינט דאָרט, אין ערשטן באַנד (1956) אַ בינטעלע ידיעות — דאַטע פון געבוירן (14 דעצעמבער 1889); אָרט (שפּאָלע, קיִעווער גובערניע); חינוך (חדר, גימנאַזיע, לערער־סעמינאַר); וואַנדער (1916 קיין אַמעריקע), נעמען פון צייטונגען און זשורנאַלן, ווו ער האָט פּובליקירט („טאָג", „אַמעריקאַנער", „זיין"); נאָמען פון זיין איינציקן געדרוקטן בוך („די ווייס־בלויע פאָן", ניו־יאָרק, 1953) און כאַראַקטער פון זיינע סוזשעטן (לידער און מעשׂהלעך). אמת, עס איז אַ קאַרג, אפשר צו קאַרג, בינטעלע, אָבער מער לאָזט זיך, אין זעקס־און־אַ־פערטל שורה, נישט אַריינקוועטשן.

דער לייענער, וואָס האָט זיך מיט דעם מחבר אינטערעסירט, וווּנדערט זיך צו הערן, אַז דאָס אָרט ווו ער איז געבוירן געוואָרן איז שפּאָלע, ווייל ער האָט געהערט אַנדערע נעמען — סיי קודם: סמילע, סיי נאָך דעם: ראַיגאָראַד, און עס קומט אים פיר, אַז אחרון אחרון אמת. אמת, וועגן שפּאָלע ווייסט דער דאָזיקער לייענער נישט וואָס צו זאָגן, אָבער די אַנדערע צוויי נעמען זענען נישט סתם צוגעקלעפּט צו דער דאָזיקער ביאָגראַפיע — דען אין איין אָרט (ראַיגאָראַד) האָט עס זיך אונדזער מחבר געכאָוועט און איז דאָ געגאַנגען אין חדר אַריין, אין אַנדערן אָרט (סמילע), איז ער געקומען, אַ פּופּצן־יאָריקער בחורל, און דאָ זיך געגרייט אין גימנאַזיע אַריין, און וואָס שייך יידישער לערער־סעמינאַר, איז עס שוין אַן ענין פון אַן איבער פינף און צוואַנציק יאָריקן יונגערמאַן און מעבר לאוקינוס (ניו־יאָרק). מער פּרטים קאָן מען לייענען אין אַנהויב פון דערמאָנטן איינציקן בוך — אין אַריינפיר פון נח מישקאָווסקי, וואָס איז געווען איינער פון די ערשטע, אויב נישט דער ערשטער, מיט וועלכן יעקב אַפּטייקער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן, אָנקומענדיק קיין אַמעריקע. אַ שאָד, וואָס דער לעקסיקאָן האָט אויף דעם אַריינפיר נישט אָנגעוויזן, — אַ צוגאָב פון נאָך אַ האַלבע שורה, וואָלט נישט געווען קיין קאַטאַסטראָפע.

פון דעם דאָזיקן אַריינפּיר, וואָס ברענגט די ייִדישע דאַטע פון געבוירן (כ״ב כסלו תר״ן), דערוויסן מיר זיך, אַז אין סאַמע מיט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (יאַנואַר 1916) האָבן זיך צוויי שיפן צוגעשלאָגן קיין סאַן־פראַנציסקאָ און אַראָפּגעבראַכט אַ זעכציק־זיבעציק רוסישע ייִדן, דערונטער אויך אונדזער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך אויסגעוויזן ווי אַ ישיבה־בחור, כאָטש באמת האָט ער געלערנט ביי זיין טאַטן, ר׳ דוד מאיר אַפּטייקער, אַ משׂכּיל, און בעל־דקדוק, און וויצלער מיט שרייבערשע נטיות, — אַ ראיה: די ייִדישע ראָמאַנען, דערציילונגען וכדומה, וואָס ער האָט אָנגעשריבן און וואָס ער פלעגט יעדן שבת פּירלייענען בכתב, אָבער נישט פאַרעפנטלעכן בדרוק. און דאָ דערלויבן מיר זיך אויפמערקיק צו מאַכן, אַז דער דערמאָנטער לעקסיקאָן ברענגט נאָכן ערך: אַפּטייקער יעקב, **דעם ערך**: אַפּטייקער מאיר פון ראַיגאָראָד, גיט אָבער נישט אָן קיין דאַטעס פון געבוירן און פטירה, און דערמאָנט בלויז זיין ביכל („די ערלעכע ליבע״, ווילנע 1881). מיר פרעגן זיך: אי מאיר, אי אַפּטייקער, אי ראַיגאָראָד — צי קער זיך דאָס עפּעס אָן מיט אונדז, אָדער עס איז בלויז אַ צופאַל, און מיר האָבן פאַר זיך אַ מין שני יוסף בן שמעון. בפרט אַז חוץ דעם אוקראַיִנישן ראַיגאָראָד איז פאַראַן אַ פּוילישער ראַיגאָראָד, און אויך דאָ דערלויבן מיר זיך אויף עפּעס אויפמערקיק צו מאַכן — אין צווייטן באַנד פון דערמאָנטן לעקסיקאָן (1958) ווערט געבראַכט דער ערך: דאָמבראָצקי אלי (אליהו), געבוירן אין פּוילישן ראַיגאָראָד און אַלע בויטיקע דאַטן, און נאָך אים קומט דער ערך דאָמבראָצקי אפרים, אָן אָרט און צייט פון געבוירן וכדומה, אָבער עס ווערן אויסגערעכנט זיינע דריי ייִדישע ביכלעך; ווילן מיר באַמערקן, אַז אפרים דאָמבראָצקי איז אַ מחבר פון אַ ספר „משלי אגור בעקבות משלי שלמה״ (וואַרשע, 1910) און צייכנט נאָך זיין נאָמען, אין קלאַמערן: יליד ריגרוד, און דאָס איז דאָס פּוילישע ראַיגאָראָד, (ער גופא, וואָס שרייבט זיך אויך אונטער: אדיר, האָט דעמאָלט געוווינט אין פּלאָצק, און דאָס ביכל הייליקט ער דעם דעמאָלט זיבעציק־יאָריקן אברהם יעקב פּאַפּירנא). און אָבער־אַמאָל פרעגט זיך: אי אפרים, אי דאָמבראָצקי, אי ראַיגאָראָד — צי האָבן מיר ווידער פאַר זיך אַ מין שני יוסף בן שמעון. על כל פנים, אין ביידע פאַלן, בעט זיך אַ שטיקל חקירה.

ב

אָבער סיי יעקב אַפּטייקערס פאָטער האָט עפּעס פון זיינע כתבים פּובליקירט, סיי נישט — האָט ער פון זיין פאָטער געירשנט אַ ליבשאַפט און נטייה צו שרייבעריי, און ווי מיר הערן, האָט ער נאָך פאַר דער ערשטער מלחמה, זייענדיק אין סמילע, געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס צום וואַרשעווער „פריינד״, וואָס האָבן אַרויסגערופן נייגער אין שטעטל, און מען האָט זיי אַפילו פּירגעלייענט אין

די בתי־מדרשים. נאָך עפּעס: ער זאָל אויך עפּעס האָבן פּאַרעפנטלעכט ביי א. ליטווין.

אין דער סביבה פון זיינע פריינד, וואָס האָבן אויך געלערנט אין דער קאַזשיאַנער גימנאַזיע אין סמילע און אין טשערקאַס, האָט זיך געשטאַרקט זיין נאַטירלעכער אינטערעס פאַר ייִדיש לשון און ליטעראַטור. צווישן זיי דער סמילער נתן פידעל, וואָס איז געווען פינף יאָר ייִנגער פון אים, און האָט געשריבן אין „גוט מאָרגן", און איז מיט יאָרן שפּעטער עפּעס מער באַקאַנט געוואָרן אין דער ייִדיש־סאָוויעטישער פּרעסע, בעיקר דורך זיין דראַמע „ערד קאָמונע" (1920). אַזוי, אַז יעקב אַפּטייקערס אַנהויב־פּרוּוון אין העברעיִש, זענען געבליבן אַן עפּיזאָד, אָבער זיין אינטערעס פאַר העברעיִש לשון און ליטעראַטור, בעיקר אין דער אַלטער און מיטלעלטערלעכער תקופה, האָט אָנגעהאַלטן זיין גאַנץ לעבן לאַנג. וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן אין דער אַלטער היים, האָט ער פאַרשטאַרקט אין דער נייער היים. נאָך אַ יאָר ווילנעו אין סאַן־פראַנציסקאָ, ווו ער האָט געגרינדט אַ קאָאָפּעראַטיוון רעסטאָראַן „סטאָלאָווקאָ", וואָס האָט מסדר געווען סיי ליטע־ראַרישע אָוונטן — ער גופא פלעגט פירלייענען, און פון אויסנווייניק, פּרצס פאָלקס־מעשׂיות; סיי מנינים און ימים נוראים; איז ער אַוועק קיין ניו־יאָרק, ווו ער האָט אָנטייל גענומען ווי אַ דעלעגאַט פון סאַן־פראַנציסקאָ, ביים קאָנגרעס לטובת ארץ־ישׂראל (1917), זיך פאַרשריבן אין ייִדישן לערער־סעמינאַר (1918), און זיך אָפּגעגעבן מיט חכמת ישׂראל, און בעיקר מיט תנך, אַפּאָקריפן, ליטורגיע, ייִדישע לשונות וכדומה, זיך אַריינגעלייענט אין די עצם מקורות און אין די פאָרשונגען וועגן זיי.

דאַריבער האָט זיך אין זיין שרייבן דער דאָזיקער אינטערעס אַנטפּלעקט ערשט שפּעטער, בשעת פריִער איז עס געגאַנגען אויף דער ליניע פון אַ לייכטן ליטעראַרישן זשאַנער — בעיקר הומאָריסטיק און פּסעוודאָ־הומאָריסטיק, ווי עס גייט אָן אין דער באַזונדערער רובריק אין דער ייִדישער טאָג־ אָדער וואָכן־פּרעסע, — וויציקע לידלעך, שפּאַסיקע אַנעקדאָטן וכדומה, ווי מיר האָבן זיי אין זיין בוך „די וויס־בלויע פאָן" וואָס כאָטש עס איז זיין, ביי זיין לעבן, איינציק געדרוקט ביכל, איז עס ווייט צו זיין דער עיקר פון זיין אויפטו.

דען אַפילו ווען מיר געפינען, דאָ און דאָרט, אַ פּיקאַנט לידל אָדער אַ שאַרפן זאָג (אַ שטייגער: „ווי ער דערקענט אַ ייִדן"), זענען דאָס זאַכן, וואָס גייען צוועלף אויפן טוץ, און אויב מיר שטעלן זיך דערויף אָפּ, איז עס מחמת דריי טעמים.

## ג

דער ערשטער טעם — דאָס שפּראַכלעכע, דערהויפּט דאָס דיאַלעקטישע, וואָס האָט זיך בעיקר דערהאַלטן אין די גראַמען. דאָס בת־קול פון ראַיגאָראָד און

סמילע הערט זיך בפירוש, ווען מיר לייענען: „ווו סע שוויבעלט און גריבעלט / מיט מענטשליכן שטראָם / אַ צעבראָכענע שיף אינ׳ם ברויזנדן ים" (ז. 13); אָדער: „ווער איז יענער גראָבער „באָס" / וואָס שטאָפּט אין זיך ווי אין אַ פּאָס" (ז. 91). משמע, נישט יאָם און פּאָם נאָר יאָם און פּאָס. דעסגלייכן: „פון שנים אוחזים בטלית / ווען צוויי קבצנים רייסן זיך / ביי די פּאָלעס / איז — יחלוקו! זאָלן זיי זיך טיילן, מיטן דלות" (ז. 18); ענלעך: „ער לויפט מיט די גראַגערס / וואָרפט מיט די פּאָלעס / שרייט: קינדערלעך העלפט מיר / פאַרטרייבן דעם דלות" (ז. 40); אָדער: „צי ניט אַרויף אויף זיך / קיין צו היבשן ספּאָדיק / און מאַך זיך ניט פאַר קיין גרויסן צדיק" (ז. 48); משמע, נישט: טאַליס און דאַליס און צאַדיק נאָר: טאָליס און דאָליס און צאָדיק. דעסגלייכן: „דער נגיד זיצט / און טראַכט קיין סך / ער הויבט זיין פרייז / און ווערט שנעל רייך" (ז. 88); אָדער: „דאָס ערשטע אויף אונדזער פראָגראַם וועט זיין / אַ חזנישע זאַך / הגם חזניש (= חזנות) איז ניט מיין פאַך, / אָבער איך וואָרן אייך: / דערוואַרט פון מיר ניט קיין סך / און שולדיק דערינען איז אונדזער טייך" (ז. 94). משמע, נישט: ראַיך און אַיך און טאַיך נאָר: ראַאַך און אַאַך און טאַאַך. אויב אַזוי וווּנדערן אונדז כלל נישט גראַמען, ווי: ער שאַפּט — ער האָפּט (ז. 96), אָדער: יונג — אַלצדינג, צנים — שטראָם (ז. 94), אָדער: „איך ווייס דוקא ווער איר זאַנט" אָדער: און ס׳זאַגעט דאָ מענטשן" (נאָר אין די בריוו צו אַ סמילער, 1962) וכדומה. וואָס עס ווונדערט אונדז, איז, אַז אין זיין דרומדיקן שרייב־נוסח, האָט זיך פאַרווישט דער חילוק צווישן דער רעכטער און לינקער שי״ן (אָדער סמ״ך), ווי אַ שטייגער: „אה, ברודער מיין חתן / ביסט אַ טיפּוש (= טיפּש) אַ גרויסער — / איך האָב דאָך געמיינט, / אַז ביסט גאָר אַן עושר" (ז. 38), אָדער: „לויפט צום ים זיך צו דערפרישן / פון פרישע לופט דאָרט צו געניסן" (ז. 68), „ער גלאָנצט (= גלאָצט) די אויגן, ווי אַנ׳אָקס / און דערוואַרגט זיך מיט אַ לאָקש" (ז. 70); אָדער: „פאַרפאַלן! איך קען דיך ניט פאַרגעסן / און מיין ליבע אויס־צולעשן" (ז. 73), אָדער: „נעמט אַ מאַן פון פּלאַץ זיך הויבן / ציילט און קלייבט זיין געלט פון טיש / שפּרינגט צו אים זיין ווייב גלייך אונטער / טוט אַ שלעפּ, אַ זעץ, אַ ריס" (ז. 93). ענלעכע גראַמען ווי: אויסגעלאָשן — אויסגעשלאָסן (ז. 95), פריש — זיס (ז. 98) וכדומה. מיר דערוועגן נישט צו אַנטשיידן, וואָס דאָ קומט פיר, און לאָזן עס איבער געניטערע מומחים, דען אויב דאָס האָט עפּעס אַ האַפּט אין זיין היים, קען עס וואַרפן אַ ליכט אויך אויף ביאַליקס גראַמען (נוסח: עכביש — זוית וכדומה), וואָס מען טייטשט געוויינטלעך אויס ווי אַ וואָלאָזשינער השפּעה.

כדי צו פאַרענדיקן דעם ענין גראַמען ווילן מיר באַמערקן, אַז אין ביכל געפינען זיך אויך צוויי העברעישע לידער, און מיר האָבן דאָ אַ גראַם: „האם

זה דרך צדק ויושר / לחזור כי אם אחר איש עושר" (ז. 78), וווּ ער איז געטריי סיי דעם העברעיִשן דקדוק: איש עושר, ווו דאָס וואָרט עושר איז אַ סובסטאַנטיוו, אַזוי ווי עס איז אין באַהעפטן: איש מלחמה, איש שדה, איש בושת וכדומה; סיי דעם יידישן אַרויסרייד, ווו דאָס וואָרט עושר איז אַן אַדיעקטיוו און אידענטיש מיט עשיר.

ד

דער צווייטער טעם — נישט בלויז אין קלאָרן, דעקלאַראַטיוון נאָמען פון בוך „די ווייס־בלויע פאָן", און אין מאָטאָ, וואָס ווערט געבראַכט אויפן שער־בלעטל דערנעבן: „ויש תקוה לאחריתך, נאום ד', ושבו בנים לגבולם"; נישט בלויז אין דער תפילה פאַר מדינת ישׂראל, וואָס ווערט געבראַכט אויפן אַנדערן זייטל און נישט בלויז אין דער הסכמה פון הרב ר' מרדכי אהרן קאַפּלאַן, וואָס הויבט אָפּיר די לידער, וועלכע שפּיגלען אָפּ די געפילן פון דור לגבי דער אתחלתא דגאולה, נאָר אויך אין די צעוואָרפענע נאָטיצן, ווי, אַ שטייגער, די פיר קאַפּיטעלעך „די גרויסע פאַרשטייערס" (ז"ז 30—33), ווו ער באַהאַנדלט סאַטיריש די אַנטי־ארץ־ישׂראלדיקע מינאָריטעט ביים אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס (1918) און פּראָפּילירט סאַרקאַסטיש די ציון־קעגנערס פון קלענערן און גרעסערן פאָרמאַט (סלוצקי, צביון, זשיטלאָווסקי); האָבן מיר אַן אני מאמין, וועלכער איז כאַראַק־טעריסטיש פאַר אונדזער מחבר, וואָס דער אַריינפיר צו זיין בוך שטעלט אים אַנידער ווי אַ יידישיסטיש אָריענטירטן שרייבער און לערער — נאָך אין זיין שטעטל, ווו ער העלפט אומלעגאַל באַגרינדן, סיי אַ יידישע סיי אַ העברעיִשע ביבליאָטעק, לערנט יידיש לשון און ליטעראַטור די תלמוד־תורה־קינדער. קומענ־דיק קיין סאַן־פראַנציסקאָ נעמט ער אויס מיט זיין ליטעראַרישן יידיש, און אין דער „סטאָלאָווקאָ" רעדט ער בלויז יידיש מיט די עמיגראַנטן, די סיביראַקעס, וואָס פאַרשטייען זיך אויף רוסיש, און קומענדיק קיין ניו־יאָרק, זעצט ער זיך אויף דער שולבאַנק פון דעם יידישן לערער־סעמינאַר. ווונדערן מיר זיך טאַקע נישט אויף דער יידישער אַטמאָספער פון זיין שטוב, אין וועלכער עס האָבן זיך זיינע קינדער און קינדס־קינדער דערצויגן. איך זאָג דאָס אויפן סמך פון אַ טאָפּל באַגעגעניש — סיי מיט זיינע דריי טעכטער (דבורה קאַכאַנסקי, רחל גאָטעסמאַן, סיליע שעכטער) אין ברוקלין, סיי אויף דער חתונה פון זיינס אַן אייניקל אין ירושלים.

ה

דער דריטער טעם — אין בוך זענען צעזייט, טיילס אימיטאַטאָריש, טיילס פּאַראָדיסטיש, באַאַרבעטע לידלעך, וואָס זייער מקור איז אין דער אַלטער און

עלטערער ליטעראַטור אונדזערער — פון תנך ביזן מחזור, און וואָס זענען ווי פריִע שטיפערישע געניטונגען צו זיינע שפּעטערע ערנצטע פּרוון צו פאַרייִדישן אַלטע און עלטערע מקורות. אַזוי, אַ שטייגער, לייענען מיר: „זיי ניט האַסטיק / מיט דיין מויל: / אויפן וואָרט / זיי דוקא פויל" (ז. 47)! אין מקור הייסט עס: „אל תבהל על פיך ולבך אל ימהר להוציא דבר וגו'" (קהלת ה' א'); — ער גייט דאָ בפירוש נאָך יהואש, וואָס טייטשט: „זאָלסט ניט זיין האַסטיק מיט דיין מויל, און דיין האַרץ זאָל ניט איילן אַרויסצולאָזן אַ וואָרט"; אָדער: „בעסער די זעונג / פון די אויגן / איידער דאָס וואַקלעניש / פון דער זעל" (ז. 48); אין מקור הייסט עס: טוב מראה עינים מהלך נפש (קהלת ו' ט'), אויך דאָ גייט ער נאָך יהואש, וואָס טייטשט: „בעסער זעאונג פון די אויגן איידער וואַנדערניש פון דער זעל", און דערלויבט זיך פאַרבייטן אַ וואָרט (וואַנדערונג) אויף אַן ענלעכס (וואַקלעניש).

די דאָזיקע אָבסערוואַציע דערקלערט זיין שפּעטערן גאַנג, ווען ער האָט גענומען פאַרייִדישן כלערליי פּרקים פון דער אַלטער ליטעראַטור און זיי מפרש זיין — עס איז די שול פון יהואש, און דאָס אין אַלע דריי עיקר־פּונקטן: דאָס וויסנשאַפטלעכע דערגרונטעוועט זיך צום אייגנטלעכן זינען פון וואָרט און פּסוק; די זאָרג פאַרן קינסטלערישן עקוויוואַלענט אין איבערזעץ־נוסח; דער פּראָ־פּאָרציאָנאַלער באַנוץ מיט דער טייטש־מסורה. וואָס שייך דעם לעצטן פּונקט, מערקט ער זיך שוין אויך אין די לידלעך — אַזוי, אַ שטייגער, שרייבט ער וועגן האַרצן: „ניט לאָזן עס פאַרפירן — ס'זאָל מער ניט שימלען און ניט אירן" (ז. 63), אַלע דריי ווערבן, פאַסן זיך אין טייטש אַריין און בעיקר דער לעצטער, וואָס איז נישט אַריין אין דער שמועס־שפּראַך, און האָט זיך דערהאַלטן בלויז אין טייטש (תעה אין עלטערן ייִדיש: אַרן, ערן, אין ייִנגערן: אירן; און לגבי דעם האַרצן זע: תועי לבב, יתעה לבבי).

אַזוי אַרום זעען מיר, אַז אין זיין לייכטן קאַליבער געפינען זיך דריי מאָמענטן, וואָס זענען געוואָרן דריי עלעמענטן אין זיין שווערערן קאַליבער — דאָס היימיש־אידיאָמאַטישע, דאָס היסטאָריש־קולטורישע, דאָס אינטעלעקטואַל־קינסטלערישע.

ו

וואָס שייך דעם היימיש־אידיאָמאַטישן עלעמענט — אויב ער שרייבט אין אַ לידל: „אַז דאָס דאָזיקע לאַנד / זאָל צו זייער זאָמען געערן" (ז. 21), האָט ער דעם אויסלאָז פון דער האָ' (געהערן) פון פּיק אויף, און ווען ער האָט, אין זיינע דריי ווערטיקע אַרטיקלען „ווערטער און אויסדרוקן פון סמילע" (ייִדישע שפּראַך, באַנד 22, העפט 2, ז"ז 53—57 — שפּעטער אויך איבערגעדרוקט אין

אָרגאַן פון דער סמילער און טשערקאַסער לאַנדסמאַנשאַפט) — „נאָך ווערטער און אויסדרוקן פון סמילע און אומגעגנט" (דאָרט, העפט 3, ז. 87־88), „נאָך אַ פּעקל ווערטער און אויסדריקן פון סמילע און אומגעגנט" (דאָרט, באַנד 24, ז. 23—28), געבראַכט אַן אינטערעסאַנטן און כאַראַקטעריסטישן מאַטעריאַל, האָט ער נישט פאַרגעסן צו דערקלערן, אַז ראַיגאָראַד ווערט אוקראַיִניש אַרויסגערעדט ראַיהאָראַד, אָבער ייִדיש פאַרשלינגט די הא' און עס הייסט: ראַיראָד. דער דערמאָנטער מאַטעריאַל וועט מסתמא אָנרעגן די דיאַלעקטאָלאָגן, צו מאַרקירן די גרענעצן פון זיין אויסשפּרייט — אַזוי, למשל, איז וויהאַן, וואָס באַטייט ווערט־לעך: אַרויסטרייב, און מיינט דעם פּלאַץ, ווו מען האָט די בהמות אַרויסגעטריבן אויף פּאַשע, אַנגעגאַנגען בעיקר אין ייִשובישן ייִדיש, איןביידע זייטן קורדאָן; וואָס עס לאָזט זיך נישט זאָגן וועגן בראש (= בעיקר), וואָס איז מסתמא אַריבער פון ווייסרוסלאַנד און פון ליטע, און האָט נישט אַריבערגעשפּאַנט קיין גאַליציע; פּונקט ווי עס האָט נישט אַריבערגעשפּאַנט: איך לאַך פון דיין היטעלע, (ווו מיר האָבן אפשר אַ צוגאָב פון אַ הא, און גרונטיק איז אפשר געווען: פון דיין ניטעלע, און עס האָט זיך מעטאַאַנאַליטיש איבערגעפורעמט), אַ זאָג וואָס דער וויטעב־סקער לעאָן קאָברין לאָזט אָפּט באַנוצן אין די דיאַלאָגן; אָבער דער ענין פון שיקן ברענגען די סוכה־שער, איז געווען גאָר פאַרשפּרייט, און האָט געהערט צום איניציאַציע־ריטוס ביי אַלע סטאַליאַרעס אין מיינע קאַנטן. וואָס שייך דעם באַמערק לגבי דעם זאָג: פּוץ אונטער דיין שמאַרק (= סמאַרק), אַז ער פאַרשטייט אים נישט, איז כדאי צו באַמערקן, אַז אונטערפּוצן און אָפּשנייצן איז דאָס זעלבע און מיינט אָפּשניידן צוויטן פון אַ ליכט, ווי אויך דעם ראָץ פון דער נאָז, און עס איז אידענטיש מיטן העברעיִשן ווערב מחט, וואָס באַטייט גרונטיק אַראָפּשאַרן די קוילן אָדער די סאַזשע פון מזבח, און האָט זיך ענלעך אויסגעברייט, אַזוי, אַז עס איז אַפילו, אין מאָדערנעם העברעיִש, געשאַפן געוואָרן אַ סובסטאַנטיוו ממחטה אין באַטייט פון נאָזטיכל.

אָבער צוריק צום סמילער ייִדיש — די שטאָט און איר זכרון זענען אונדזער מחבר געווען נאָענט, ער פלעגט, אין די פּורים־טעג, צוקומען צו די באַגעגענישן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, האָט אויך געגעבן עצות, ווי אַזוי אַרויסצוגעבן אַ פּנקס זכרון, און ער האָט געטרויערט אויפן אונטערגאַנג פון דער קהילה, ווו ער איז אויסגעוואַקסן, און ווען ער האָט געלייענט אין דער גרויסער סאָוויעטיש־רוסישער ענציקלאָפּעדיע, אַז דאָס שטעטל צייכנט זיך אויס מיט האָדעווען חזירים, האָט ער מיט ביטערקייט באַמערקט, אַז מען האָט אויסגעהרגעט די ייִדן און עס פלאָדעט זיך דבר אחר. ווי ווייט זיין אַסאָציאַציע איז געווען געבונדן מיט ראַיגאָראַד, אַ ישוב וואָס איז געווען האַלב־דאָרף האַלב־שטעטל און ווו עס האָבן, צווישן אַ המון מאַלאָרוסן און קאַצאַפּעס, געלעבט עטלעכע צענדליקער ייִדישע

משפחות, לערנען מיר אָפּ פון אַ קליינעם פּאַרבײַס, און דאָס פון אַן אײנציק וואָרט, אין אַ באַקאַנטן זאַג, ווען ער שרײַבט: ווי עס פּוּיערט זיך אַזוי ייִדלט זיך. ווי ווײַט סמילער ייִדיש איז פּאַר אים כאַראַקטעריסטיש לערנען מיר אָפּ פון זײַן סברה, אַז זי איז עס שלום עליכמס קאָסרילעווקע, כאָטש ער ווייסט, אַז דאָס איז גאָר בערדיטשעוו. על־כל־פּנים ברענגט ער אַ דוגמה פון אַ שפּראַכלעכן צוזאַמענפּראַל אין דעם שטעטל — דאָ האָט מען באַנוצט אַלע דרײַ פאָרמעס: טאָן, טון, טין, און ער פּרוּווט באַשטימען זייער דיפערענציאַציע.

ז

וואָס שײַך דעם היסטאָריש־קולטורישן עלעמענט, — וואָס האָט, בעצם, אונ־דזער מחבר איבערגעפירט פון לײַכטן און שטיפערישן צום שווערן און ערנצטן קאַליבער. אַ מין אײַביקער תלמיד, האָט ער זיך אַרײַנגעלייענט אין אונדזער אַלטער ליטעראַטור, און בעיקר עטלעכע גרויסע אַפּשניטן, וואָס האָבן זיך געבעטן פאַרייִדישט צו ווערן. עס איז געווען אַ לאַנגיאָריקער צוגרייט, וואָס האָט אים באַפעיִקט צו זײַן, סײַ אַ מפרש סײַ אַן איבערזעצער פון יענע אַפּשניטן, וואָס האָבן באַדאַרפט אַרומנעמען פיר בענד, ווי ער שרײַבט אין זײַנעם אַ בריוו (1 יאַנואַר 1963) — דער ערשטער באַנד האָט באַדאַרפט הייסן: אויפן וועג פון דער ייִדישער אייביקייט. דער צווייטער באַנד האָט באַדאַרפט אַרומנעמען זײַנע איבערזעצן: ספר יהודית, ספר ברוך, שלמהס תהלים, די אַפּאָקריפע מגילת אסתר, מנשהס תפילה, תהלים קאַפּיטל קנ״א, די סיריאַקישע מזמורי תהלים, דער סיריאַקישער ספר ירמיה, דער ספר ההודיות פון ים־המלח; דער דריטער באַנד איבערזעצן פון סיריאַקישער ליטעראַטור: די תפילה פון יעקב סארוג, וועגן אלכסנדר מוקדון, מדרש גן־עדן פון אֶפרֶם דעם סירער, פּירושים פון בר־העברעאוס, שטיפערייען פון גרעקיש, אַראַביש, אינדיש; דער פערטער באַנד: איבערזעצן פון פּיוטים און תפילות (נוסח קאַטאַלאָניע, באַרצעלאָנאַ, אַראַגאָן, אַוויניאָן, רוים, טוניס, ספרד, אשכנז וכדומה). ווי מיר זעען, איז עס אַ ברייט פאַרטראַכטער פּלאַן, און איידער מען האָט נישט דורכגערעווידירט זײַן עזבון, לאָזט זיך נישט באַשטימען, צי און ווי ווײַט דער פּלאַן איז אַ ממש. וואָס מיר ווייסן יאָ, אַז טיילן דערפון האָט ער, נאָך בײַ זײַן לעבן, פאַרעפנטלעכט, אָבער אַזוי ווי די זאַכן זענען לרוב געגאַנגען אין קליינע, זייטיקע זשורנאַלן — בעיקר אין ניו־יאָרקער „זײַן״ און אין מאָנטעווידעאָער „דאָ״ — האָט זיי בלויז אַ קליינער קרייז לייענער באַמערקט. אַ דורכקוק פון די העפטן ברענגט פאַרן לייענער אַ רייסטער אַרבעטן — מיגראַציע אין אברהם אָבינוס צײַטן; יציאת מצרים אין דער תקופה פאַר משהן; וואָס פאַר אַ לשון איז דאָס סיריאַקיש; וועגן בר־העברעאוס (צוויי אַרטיקלען וואָס זענען זיך סותר אין כלל אַפּשאַץ) וכדומה;

ווי דער שרייבער איז בעיקר אַן אינפאָרמאַטאָר, אַ מסביר, וואָס דערלויבט זיך, דאָ און דאָרט, אַן אייגענע השערה, אַ פּאָלעמישן באַמערק, צו מאָל אַ שטיקל וואָטום סעפּאַראַטום. אַ שטאָפּל ווייטער זענען די איבערזעצן זיינע און די נויטיקע פּירושים דערצו. און ווי אַ דוגמה קאָן דינען אַ קליין זעכצן־זייטיק העפטל: „מוסטערן פון די ספרים החיצוניים און פון די דינים פון האמוראַבי (אמרפל מלך שנער)״ — עס ווערט דאָ געבראַכט דאָס געזאַנג פון יהודית, עטלעכע פּרקים פון שלמהס תהלים און עטלעכע פּאַראַגראַפן פון האמוראַביס קאָדעקס און זייערע פּאַראַלעלן אין חומש. כדי צו געבן אַ מוסטער פון די מוסטערן, וועלן מיר ברענגען אַ פראַגמענט פונעם דערמאָנטן געזאַנג: „ער האָט געזאָגט צו פאַרברענען אין פייער מיינע געמאַרקן / צו פאַרשניידן מיינע בחורים מיט דער שווערד / און צו מאַכן פאַלן מיינע זויגנדיקע צו דער ערד / צו געבן מיינע קליינע קינדער צו רויב / און מיינע יונגפרויען צו געפאַנג״. אויף דעם שניט גייען אויך אַנדערע פּרווון זיינע — אָנגעהויבן מיט ספר ברוך (דער פּאָעטישער טייל) קאַפּיטלען תהלים פון ים המלח און געענדיקט מיט פּיוטים (פאַר פּסח, פאַר יום־כיפּור).

### ח

אָבער דאָ האָבן מיר שוין צו טאָן מיטן אינטעלעקטואַל־קינסטלערישן עלע־מענט — די אָפּגעהיטנקייט אין פּירוש־המלות פּאָרט זיך דאָ מיט דער דאגה צו געבן אַ ציכטיקן יידיש־לבוש, אַז דער לייענער זאָל האָבן פאַר זיך אַ ריינעם קלאָרן און באַטעמטן עקוויוואַלענט פון אָריגינאַל. דאָס איז גענוג בולט ביים דורכלייענען פון אַ פראַגמענט ווי, אַ שטייגער, דער דערמאָנטער געזאַנג פון יהודית, אָבער עס ווערט ערשט קלאָרער ווען מען לייענט דאָס גאַנצע בוך, און זיינע פּירושים, וואָס ליגט פאַר אונדז אין כתב־יד, און וואָס מען וואָלט באַדאַרפט אַרויסצוגעבן, אפשר צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע איבערזעצן זיינע, און דאָס וואָלט אונדזער מחבר אַנידערגעשטעלט ווי אַן אָרגאַניש רינגל אין דער קייט פון די וועלכע האָבן געשאַפן אַ באַזונדערן תחום אין דער מאָדערנער יידיש ליטעראַטור, פאַריידישנדיק אונדזערע אייגענע מקורות. אָט די בכיוונדיקע וויסנ־שאַפטלעך־קינסטלערישע מי אַרום די אוצרות פון אונדזער אַלטער ליטעראַטור, וואָס האָט אויסגעצייטיקט קאַפּיטאַלע אויפטוען, אין טייטש און פאַרטייטש; אָנגעהויבן מיט תנ״ך (יהואש), דורך דער מישנה (זאַלקינד, פּעטרושקע), די מדרשים (שמשון דונסקי), געענדיקט מיט מיטלעלטערלעכער און מאָדערנער העברעישער פּאָעזיע (י. י. שוואַרץ, מרדכי יפה), האָט געפונען אַ השלמה דורך אונדזער מחבר, וואָס האָט זיך בעיקר פאַרנומען מיט יענע שאַפונגען, וואָס זענען אָדער נישט אַריין אין קאַנאָן (אַפּאָקריפן) און האָבן זיך דערהאַלטן אין אַנדערע

שפראַכן (גרעקיש, סיריאַקיש), אָדער ערשט לעצטנס אָפּגעפונען געוואָרן (מגילות ים המלח), און האָט זיי פאַרייִדישט מיטן כוח פון זיין פילאָלאָגישער באַהאַוונטקייט און סטיליסטישן יכולת.

ט

געטריי דעם רצון פון יעקב אָפּטייקער, האָט אַ גרופּע פריינד זיינע, און בראשם זיין לאַנדסמאַן ר׳ משה ווישניעצקי, גענומען אויף זיך אָמערשט אַרויסצוגעבן זיין אַרבעט וועגן די דריי עלטסטע תנך־איבערזעצן (השבעים, פשיטתא, ווולגאַטאַ) און זייער פאַרגלייך צו אונדזער מסורה, ווו ער ברענגט די ציטירטע פסוקים אין זייער מקור און אין זיין ייִדיש־נוסח, און פאַרווייזט אויף די היימישע טייטשן, אין צען ייִדיש־שפּראַכן, וואָס דיפערענצירן זיך נישט אַזוי אין מהות פון זייער ייִדישקייט ווי אין דער מדרגה פון זייער אָפּגעהיטנקייט — און אַזוי דערציילט ער, אַז ער האָט צוויי גויִים געבעטן צו לייענען אַ קאַפּיטל תהלים און עס צו דערקלערן, איינער איז געווען אַ פאַרטאָריקאַנער, און אים האָט ער דאָס קאַפּיטל דערלאַנגט אין ספרדישן ייִדיש (לאַדינאָ), דער אַנדערער איז געווען אַ דייטש, און אים האָט ער דאָס קאַפּיטל דערלאַנגט אין אשכנזישן ייִדיש — דער ערשטער האָט אַלץ פאַרשטאַנען, דער צווייטער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען.

די אַרבעט ווערט דאָ געגעבן נישט בלויז כלשונה, נאָר אויך ככתבה, ווי דער מחבר האָט געשריבן — אין זיין פּראַקטיקן געכתיבטן סופרים־כתב, און מיר האָפן, אַז דער לייענער וועט האָבן סיי אַ גייסטיקע הנאה און סיי אַן עסטעטיש פאַרגעניגן. און זאָל דאָס זיין אַן אות זכרון פאַרן מחבר, וואָס האָט זיך כל ימיו געמיט אין דער תורה.

[י״ג כסלו תשל״ב]

# חומש־טייטש

אריה גאַליה

## א

אי פון אַ כראָניק, אי פון אַ רעפּאָרטאַזש אין דער ייִדישער פּרעסע, ווייסט שוין דער לייענער וועגן ערשטן ייִדיש־דאָקטאָראַט אין ירושלימער אוניווערסי־טעט — עס איז די אַרבעט פון אריה גאַליה וועגן דער מסורה פון טייטש; און אַזוי ווי מיר נעמען אָן, אַז נישט בלויז מומחים, נאָר אויך אַ ברייטערער עולם קאָן האָבן אַן אינטערעס דערינען, וועלן מיר זיך דעריבער דורכשמועסן, און קודם־כל דערציילן עפּעס וועגן מחבר, כדי קלאָר צו מאַכן, ווי אַרום ער איז געקומען צום חיבור.

דער מחבר, וואָס האַלט שוין ביי די פופציק, איז מיט אַ סך יאָרן צוריק געווען אַ תלמיד פון העברעיִשן אוניווערסיטעט און האָט געלערנט בעיקר תנך, און נאָך דעם, וואָס ער האָט געקריגן ביידע אַקאַדעמישע גראַדוסן, האָט ער זיך אָפּגעגעבן, און גיט זיך אויך איצט אָפּ, מיט לערעריי. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ער אָנטייל גענומען ביי מיינעם אַ זומער־קורס וועגן מאָדערנער העברעיִשער פּראָזע, ווו עס איז אויסגעקומען פּרטימדיק צו פאַרנעמען זיך מיט דער תנכישער מסורה אין איר, און פון דער אַרבעט, וואָס ער איז מחויב געווען צוצושטעלן, האָב איך געדרונגען, אַז ער איז זייער גוט באַהאַוונט אין דעם פאַך, און ווען ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער וואָלט גערן געוואָלט אַרבעטן אין דער מאַטעריע, איז אויסגעוואַקסן דער פּלאַן פון אַ דיסערטאַציע מכוח דער דערמאָנטער טעמע.

אומר ועושה — במשך מער ווי פינף יאָר האָט ער דורכגעאַקערט דאָס פעלד, וואָס האָט אַפילו היפּש אינטערעסירט די פאָרשער, האָט אָבער אויסגעצייטיקט נאָר טייל־אַרבעטן, וואָס זענען וועגן דעם ענין אויסצושעפּן. די איינציקע צוויי אַרבעטן, וואָס באַהאַנדלען ברייטער די טעמע, איז דאָס דייטשישע בוך פון נחמה לייבאָוויטש און דאָס ייִדישע בוך פון שלמה נאָבל. דאָס ערשטע בוך, וואָס האָט די מחברטע מזכה געווען מיטן דאָקטאָר־טיטל פון מאַרבורגער אוניווערסיטעט, פאַרנעמט זיך מיט דער איבערזעץ־טעכניק פון ספר תהלים, לויט עלטערע כתבידן, — און דער עיקר־חידוש באַשטייט אין באַשטימען די כללים פון אַ

וואָרט־פאַר־וואָרט־איבערזעץ, וואָס רעכנט זיך בלויז מיטן סינטאַקס פון מקור און נישט מיטן סינטאַקס פונעם איבערזעץ, אַזוי אַז דער ייִדיש־איבערזעץ איז בשום־אופן נישט מסוגל, און אויך נישט באַשטימט, איבעריק צו מאַכן דעם העברעיִשן מקור, און איז אָן דעם מקור כמעט אומפאַרשטענדלעך, און ממילא איז דער איבערזעץ נישט מער ווי אָן אָנשפּאַר פאַרן מקור. דאָס אַנדערע בוך פאַרנעמט זיך מיט אַ גרעסערער גרופּע חומש־טייטשן, ווי זיי האָבן זיך דערהאַלטן אין זכרון פון פאַרשיידענע קראַנטנע אינפאָרמאַנטן אין די לעצטע צוויי־דריי דורות, און יעדעס וואָרט ווערט באַגלייט מיט אַ פאַרגלייך־אַפּאַראַט, וואָס נעמט אַרום די חשובסטע געדרוקטע טייטש־מקורים, בעיקר ייִדיש, אָבער אויך דייטשיש (דער הויפּט פאַר מאַרטין לוטער, ווי, אַ שטייגער, די מקורות ביי קורעלמייער), און גיט אויך אָן די רעכטע עטימאָלאָגיע.

חוץ דעם וואָס גאַליהס חיבור איז גרעסער אין כמות (וואָלט אין דרוק פאַר־נומען דריי הונדערט גרויסע זייטן), האָט ער אַ ברייטערן סובסטראַט — די עיקר טעמע איז אָפּילו אַ באַגרענעצטע: די פּאַרטייטש־געשיכטע פון אַ גרופּע רעאַליאַ (אבני החושן, שמן־המשחה, סמי־קטורת, עופות טמאים), אָבער זי ווערט באַ־האַנדלט, לויט איר אָפּשפּיגל אין אַלע מקורות, וואָס דער מחבר האָט געקאָנט צו זיי צוקומען — אי בכתב (בעיקר גלאָסאַרן), אי בדרוק, און אַ יעדע פון די פיר אונטער־גרופּעס ווערט וואָרט־פאַר־וואָרט דורכגעפאָרשט, כדי קלאָר צו מאַכן, צי, און אויף וויפיל, דער טייטש האָט זיך במשך פון די לאַנגע דורות, דערהאַלטן אָדער פאַראַנדערט, און וואָס האָט דערצו גורם געווען. כדי יוצא צו זיין נישט בלויז לגבי דער מסורה־שבכתב און דער מסורה־שבדרוק, נאָר אויך לגבי דער מסורה־שבעל־פה, באַהאַנדלט דער מחבר עטלעכע אויסגעברייטערטע טייטש־דוגמות (אויסרעדענישן פון טיפּ: ואני בבואי מפדן אדם וכדומה), אין עטלעכע וואַריאַנטן.

ב

ווי אַ יעדע טעזע, איז אויך די דאָזיקע טעזע אַ שאלה און אַ תשובה. די שאלה — אויב עס איז באמת פאַראַן אַן איינהייטלעכקייט אין דער טייטש־מסורה; די תשובה — אַ בפּירושער יאָ; אָבער דער יאָ מיינט נישט אַ מעכאַנישן גאַנג, נאָר אַן אָרגאַנישן פּראָצעס. צווישן דעם העברעיִשן טעקסט־וואָרט און דעם ייִדישן טייטש־וואָרט ווערט דאָך איינגעשפּונען אַ גאַנצע וועלט — די תרגומים, די מדר־שים, די פּירושים; און עס פּאָדערט זיך גרויס בקיאות אין דער דרייִיִקער ליטע־ראַטור, כדי נאָכצוגיין זייער השפּעה אויף דער טייטש־מסורה. דער מחבר, וואָס האָט זיך די מי געגומען און איז דעם אַלעמען נאָכגעגאַנגען, באַווייזט, אַז עס זענען פאַראַן דריי שיכטן פון טייטש: — איינע, און זי איז די עלטסטע, וואָס

שעפּט פון אַ מסורה פון פּאַר רש״ין; די אַנדערע, אַ שפּעטערע, וואָס שטיצט זיך בעיקר אויף רש״י; די לעצטע, די יינגסטע, וואָס גרייכט ביז היינט, און וואָס איז נישט מער ווי אַ געטרייער איבערזעץ פון רש״י (אַן עקסטרעמע דוגמה דערצו איז דער חומש „בית יהודה״, וואָס דרוקט זיך נאָך איצטער).

און דאָ דאַרף מען שטאַרק אונטערשטרייכן דעם חילוק צווישן דעם טייטש־שבכתב־ושבדרוק, און דעם טייטש־שבעל־פּה, וואָס גייט ביז אונדזער צייט אַן אין די חדרים, און ווו עס זענען פּאַראַן אַפילו שינויים אַהין און אַהער, אָבער אין־גרויסן־און־גאַנצן היט ער אָפּ אַ טייטש־נוסח, וואָס האָט זיך, במשך דורות, אויסקריסטאַ־ליזירט און האַלט זיך פעסט און באַשטאַנדיק. אָט דער חילוק צווישן דער מסורה־שבכתב און דער מסורה־שבעל־פּה גיט דעם מחבר אַ וועלט צו זען — האָט ער דאָך געמוזט אויסגעפינען, וואָס פאַר אַ שייכות באַשטייט צווישן די תנך־טייטשן, אין כתבידן און אין דרוק (ווי אַ בולטע דוגמה דער ערשטער דרוק, אויגסבורג, און כתב־יד־בערלין), כדי צו באַשטימען די איבערגאַנג־סטאַציעס פון אַ טייטש, ווו יעדעס וואָרט גייט באַזונדערס, און דערלויבט זיך העכסטנס אַריינצושיבן אַ שטיקל דערקלער לויט דער אגדה, ביז צום טייטש, ווו דער איבערזעץ לאָזט זיך פאַרשטיין פאַר זיך; אַ זאַך, וואָס דריקט זיך פּולקום אויס ביי יקותיאל בל״ץ, וועלכער האָט מוותר געווען אויפן קעגנאיבערשטעל פון יעדן איינציקן טעקסטוואָרט און יעדן איינציקן טייטש־וואָרט, און האָט אויסגעקלאָרט אַ נייע שיטה, וואָס האָט געפירט צום תנך איבערזעץ פון משה מענדעלזאָן און זיינע חברים. און דאָ דאַרף מען דערמאָנען, אַז בעצם, איז מענדעלזאָן ממשיך דעם תוך פון דער טייטש־מסורה — דערקלערט ער דאָך אין זיין „אור לנתיבה״. פאַר וואָס ער קאָן און טאָר זיך נישט פאַרלאָזן אויף אַ סתם דייטשישן איבערזעץ, וואָס גייט נאָך דער קריסטלעכער מסורה, בשעת ער וויל און מוז נאָכגיין נאָך דער יידישער מסורה. אמת, אַזוי ווי דער אויפּטו פון מענדעלזאָן און זיין חבורה, איז דייטשיש און נישט יידיש, געהער עס נישט מער צו אונדזער טעמע, אָבער דער מחבר באַרירט עס שוין מחמת דעם, וואָס נאָך מענדעלזאָן איז פירגעקומען אַ צוריקטריט פון דער נייער שיטה, און אַן אומקער צו דער אַלטער שיטה — דער מענדעלזאָנישער נוסח איז אָפּגעטיילט געוואָרן אין מינימאַלע סינטאַקטישע טיילן. אַזוי דערקלערט זיך, פאַר וואָס דער מחבר פאַרנעמט זיך מיט איינעם פון מענ־דעלזאָנס חבורה, וואָס האָט דעם צוריקטריט געמאַכט—ברי״ל.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך די שייכות צווישן די דייטשיש־קריסטלעכע און יידישע איבערזעצן פאַרדינט, און האָט אויך געקריגן אַ רעכטן אויפמערק. און דאָ שטעלט זיך אַרויס אַ חידוש. בדרך כלל איז אָנגענומען, אַז דער באַצי איז געווען אַן איינזייטיקער — די קריסטלעך־דייטשישע תנך־איבערזעצער האָבן זיך באַנוצט מיט דעם דרך פון יידישע פאַרטייטשערס, — אָדער זיי האָבן אַריינגעקוקט

אין די טייטשן פון יידישע מחברים, אָדער זיי האָבן זיך ביי זיי אָנגעפּרעגט, אָבער נישט פאַרקערט. נאָר לויט די ראיות פון אונדזער מחבר האָט די דאָזיקע סברה פאַרלוירן אַ סך פון איר האַפּט — אמת, פאַר מאַרטין לוטער איז דער באַנוץ מיט יידישע מקורים געווען אַ קלענערער, האָט מען דאָך בעיקר איבערגעזעצט לויט דער לאַטיינישער וואולגאַטאַ, און זינט לוטערן איז דער דאָזיקער באַנוץ געווען אַ גרעסערער, האָט ער דאָך איבערגעזעצט לויטן העברעישן מקור; אָבער די שייכות איז איצט שוין אַ צווייזייטיקע, און דער מחבר באַווייזט באַשיינפּערלעך לוטערס השפעה, בעיקר אין טייטש פון די עופות טמאים, נישט בלויז ביי יקותיאל בליץ, נאָר אויך אין „מגישי מנחה".

ג

ווי אַזוי האָט זיך די טייטש־מסורה אַנטוויקלט — זי הייבט זיך אָן מיטן גלאָסאַר, און דער מחבר באַהאַנדלט באַזונדערס אַ כתב־יד, וואָס ער האַלט פאַרן עלטסטן גלאָסאַר, און וואָס ברענגט לעבן יעדן העברעישן תנך־וואָרט, דעם אַראַמישן עקוויוואַלענט (תרגום אונקלוס), אַ העברעישן ביאור, און אַ מאָל אויך דעם יידיש־טייטש; בשעת די שפּעטערדיקע גלאָסאַרן האָבן אַ שטאַבילן יידיש־טייטש, אַזוי אַז איטלעך וואָרט ווערט דערקלערט אויף העברעיש און פאַרמאָגט אַ יידיש־טייטש; נאָך שפּעטער קומט דער חומש־טייטש, וואָס איז תחילת נישט מער ווי אַן אויסגעברייטערטער, און אַלץ מער זיך אויסברייטנדיקער, גלאָסאַר, און וואָס שטעלט זיך אָפּ פאַר דער לעצטער סטאַנציע — דער איבערזעץ פון פּסוק קעגן פּסוק. און דאָ קומט אָן אינטערעסאַנטע אָבסערוואַציע — ווי באַקאַנט, מיידט אויס תרגום אונקלוס אַנטראָפּאָמאָרפיזמען (תארי ההגשמה) און רעדט נישט וועגן גאָטס מויל אָדער גאָטס האַנט, נאָר וועגן גאָטס זאָג, וואָלט דאָך יידיש־טייטש באַדאַרפט נאָכצוגיין אין אַזאַ איידעלן פּונקט, איז עס אָבער נישט אַזוי, און דאָ דווקא האַלט זיך דער טייטש סטריקט ביים טעקסט: מונד (מויל), האַנט וכדומה. דאָס איז אַ פּועל־יוצא פון דער וואָרט־פאַר־וואָרט־שיטה, וואָס האָט זיך דערהאַלטן אויך נאָך דעם ווי מען האָט זי פאַרביטן אויף אַן אַנדערער שיטה. עס קומט אויס, אַז דער אַנטראָפּאָמאָרפיזם באַשטייט אין באַהעפט פון די ווערטער: פי השם, יד השם, אָבער נישט אין זייער אָפּגעטיילטקייט.

איידער דער מחבר נעמט זיך צום עיקר־ענין זיינעם — די גרופּע פון די אויסגערעכנטע רעאַליאַ — אילוסטרירט ער דעם אַנטוויקל פון טייטש אויפן גרונט פון אַ פּאָר ווערטער און באַהעפטן (רקיע, מאה שערים, ולמה תתראו) און פאַרענדיקט מיט אַ גאַנצער פּרשה (יעקב אבינוס ברכה), שטעלט זיך אָפּ אויף זייער פאַרשיידענע פּירושים אין די מקורות, אָנגעהויבן מיט חז"ל און פאַרענדיקט מיט די מפרשים אין מיטלעלטער און זייער השפעה אויפן טייטש. עס איז אַ פּאַר־

כאַפּנדיק קאַפּיטל — מען זעט ממש דעם גערא‏ַנגל צווישן טייטשן, וואָס זענען אַרויס און טייטשן, וואָס זענען אַריין, פּונקט ווי מען זעט ווי אַרום טייטשן זענען אַרויסגעשמיסן געוואָרן. צום ערשט ווערן זיי נאָך דערמאָנט מיט אַ באַצייכן: ויש אומרים (און אַ טייל זאָגן), צום סוף ווערן זיי פאַרשווונדן. יאָ, ס'איז אַן ענין, וואָס לאָזט זיך אויסברייטערן און וואַרט אויף אַ באַזונדערן באַהאַנדל, און מעגלעך, אַז דער מחבר וועט זיך נאָך דערצו נעמען. על כל פנים זענען די אַנאַליזירטע דוגמות היפש און גענוג צו אילוסטרירן דעם כלל־וועג פון דער טייטש־מסורה.

מיר לערנען דערפון אָפּ, ווי עס לאָזן זיך באַשטימען, אי די צייט פון די כתב־ידן, אי דער כאַראַקטער פון זייערע, לרוב אַנאָנים געבליבענע מחברים, אַזוי, אַז מיר קאָנען די חיבורים אויסשטעלן אין אַ בערך פאַרלאָזלעכן כראָנאָלאָגישן סדר. דער מחבר אַנאַליזירט די ערשטע גלאָסאַרן, בעיקר דעם דערמאָנטן גלאָסאַר, וואָס נעמט אַרום ספר בראשית און די ערשטע קאַפּיטלען פון ספר שמות, און עס איז אַפּנים דער עלטסטער גלאָסאַר, און באַגעגנט זיך גאָר ווייניק מיט פּירוש רש״י, און אויך די פּאָר קליינע באַגעגענישן שטאַמען נישט פון רש״י, נאָר פון די זעלבע מדרש־קוואַלן, וואָס רש״י האָט פון זיי געשעפּט, און דער מחבר ברענגט דערויף קלאָרע ראיות. דען דאָס שייכות צו פּירוש רש״י איז פאַר אונדזער מחבר אַן אַנטשייד־פּונקט, דערפאַר אונטערשטרייכט ער טאַקע דאָס באַזונדערע חשיבות פון אַ כתב־יד, וואָס ברענגט נישט דעם פּירוש רש״י כלשונו, אַ זאַך וואָס איז נישט בנמצא אין די טייטשן פון 15טן יאָרהונדערט און ווייטער, אַזוי, אַז יענער כתב־יד מוז זיין עלטער. דער מחבר פּרוּווט אויך אָנווענדן אַ שפּראַכלעכן אַנאַליז צו באַשטימען די צייט, ווען דער אָדער יענער חיבור איז אַנטשטאַנען, און דער אַנאַליז פון עלטסטן גלאָסאַר איז אַ חיבור פאַר זיך, אָבער דער צענטער פון זיין אַרבעט בלייבט אַלץ דאָס אויספאָרשן פון שייכות צווישן דער טייטש־מסורה און פּרשנים און דרשנים פון די פריִערדיקע דורות.

ד

ערשט איצט קומען די גרופּעס פון די רעאַליאַ, אָנגעהויבן מיט די אבני־חושן, שמן־משחה און סמי קטורת, און פאַרענדיקט מיט די עופות טמאים; עס איז אַ קאַליידאָסקאָפּ פון טייטשן, און אין פלוג דאַכט זיך, אַז מען ווערט פאַרטאַמלט, אָבער דער מחבר באַגלייט אַ יעדע גרופּע און איטלעך וואָרט אין איר, מיט אַן אויסשעפּלעכן ביאור, און די סינאָפּטישע טאַוולען, ווו די טייטשן גייען לויטן כראָנאָלאָגישן סדר פון די כתב־ידן און דרוקן, פאַרהעלפן צו אַ לייכטער און גיכער אָריענטאַציע, בפרט אַז דער מחבר ווייזט אָן, וואָס נעמט זיך פון אינעווייניקסטע מקורות, און וואָס איז אַריינגעדרונגען מכוח אַ דרויסנדיקער השפּעה. אַ באַזונ־

דערן דאַנק קומט אים פאַרן אַנאַליז פון די אַרויסזאָגעכצן, וואָס וויל באַווייזן זייער שורש אין אַ גאָר לאַנגער און אַלטער מסורה־שבעל־פּה.

פּרינציפּיעל גייט דאָ אין באַווייזן, אַז דער טיפ פון חדר־אַרויסזאָגן ציט זיך בעל־פּה (אָדער, בעסער געזאָגט: מפּה־אל־פּה) פונעם סאָרט אויסטייטש, ווי עס איז געווען דער פּשר פון די מגילות וואָס מען האָט געפונען ביים ים־המלח, אָדער ווי ער געפינט זיך ביי פילאָנען פון אַלכסנדריה, און איז נישט אַריבער אין די באַקאַנטע מדרשים־שבכתב, איז אָבער אַריין אין די מדרשים־שבעל־פּה, אַזוי אַז ווו מיר טרעפן אַ טייטש, בפרט אַן אויסערדעגניש, וואָס מיר קאָנען נישט באַווייזן זיין מקור אין מדרש, מעגן מיר היפּאָטעטיש אָננעמען, אַז ער שטאַמט פון יענער מסורה־שבעל־פּה. למעשה איז עס דעם מחבר געלונגען צו שטאַרקן אַזאַ היפּאָטעזע אין דוגמות, ווי, אַ שטייגער, אין אויסטייטש פון ויאכל, וישת, וילך וגו׳, ווו עס הילכט אָפּ אַן עכאָ פון אַ מחלוקות מיט די קריסטן, וואָס איז אפשר אַ גלגול פון אַ מחלוקת מיט די צדוקים. ענלעך האָבן מיר עס אין אַרויסזאָגן פון ברכת יעקב אבינו, בפרט אין ענין עד כי יבוא שילה, ווו עס פאַרבאַהאַלטן זיך אַלטע קולות.

דאָס אַלץ איז, דוכט זיך, גענוג פאַר די מסקנות וועגן דער קירבהשאַפט און אָפּהענגיקייט פון דער טייטש־מסורה נישט בלויז לגבי די דאָזיקע מקורות צווישן זיך, און דאָס תמצית פון די מסקנות איז דער באַשטאַנד פון אַ לאַנגער מסורה־קייט, וואָס ציט זיך עד־היום. אַוודאי זענען פאַראַן שינויים ווי, אַ שטייגער, דער פאַרבייט פון עטלעכע אַרכאַיִשע אויסדרוקן, אָדער דער פאַרבייט פון סמיכות, וואָס האָט זיך דערהאַלטן אין די טייטשן אין דער פאָרעם פון צוויי סובסטאַנטיוון און ערשט שפּעטער פאַרביטן געוואָרן אויף אַן אַדיעקטיוו און אַ סובסטאַנטיוו, אַ זאַך וואָס יקותיאל בליץ באַטרייבט זי קאָנסעקווענט, און נישט אומזיסט האַלט דער מחבר בליצס אויפּטו נישט בלויז ווי אַן אומווענד, נאָר אויך ווי אַן איבער־בראָך אין דער טייטש־מסורה. אינטערעסאַנט איז דער פּרווו צו באַווייזן אַ שייכות לויט די זעלבע טעותים אָדער בלויזן, וואָס קומען פיר אין עטלעכע מקורות (ווי, אַ שטייגער, טעותים וואָס האָבן בשותפותדיק עטלעכע דרוקן — אויגסבורג, קרעמאָנאַ, באַזל, פּראָג), און אַ מאָל זענען די דוגמות גאָר פּיקאַנט, — אַזוי, אַ שטייגער גייט דער טייטש פאַרן וואָרט: כנך (דיין שטאַנד), גלייך עס וואָלט געשטאַנען קנך (דיין נעסט), אין דריי דרוקן (אויגסבורג, קרעמאָנאַ, באַזל), משמע, אַז די דרוקן האָבן זיך סומך געווען איינס אויפן אַנדערן, אָדער האָבן אַ בשותפותדיקן טייטש־מקור.

וואָס מיר קאָנען ווינטשן דעם מחבר — ער זאָל ווייטער פירן זיין אַרבעט און זי אויך ברענגען פאַר אַ ברייטערן רשות־הרבים.

[ערה״ש תשל״א]

# שפּראַך־אַקאַדעמיע

## א

אַ קורצע צייט איידער איך האָב מיך געלאָזט אַ שפּרייז טאָן איבער ייִדישע ישובים אויף יענער זייט אוקינוס, איז דאָ, אין ירושלים, פּירגעקומען אַ זיצונג פון דער מנהלת האקדמיה ללשון העברית (די לייטונג פון דער אַקאַדעמיע פאַר העברעיִשער שפּראַך), ווו מיר האָבן באַשלאָסן דאָס יאָר תש״ל אויסצורופן ווי אַ יובל־יאָר — מיט אַכציק יאָר צוריק איז געגרינדעט געוואָרן דער ועד הלשון העברית (קאָמיטעט פון דער העברעיִשער שפּראַך), וואָס זיין יורשטע איז די דערמאָנטע אַקאַדעמיע. איך האָב צוגעזאָגט צו רעדן דאַריבער אויף מיינע נסיעות און האָב מיינס געטאָן — איך האָב דערוועגן רעפערירט פאַר אַן עולם ייִדן אין כמה שטעט: אין בוענאָס־איירעס (דאָ איז דער יובל צו ערשט אויסגערופן גע־וואָרן), באָסטאָן, סינסינעטי, און, פאַרשטייט זיך, אין ניו־יאָרק, און איך האָב דעם רעפעראַט אויך געלאָזט דרוקן („הדואר״, ב׳ שבט, תש״ל). מיינע חברים ווייטער דאָ האָבן געטאָן זייערס — האָבן אַרויסגעגעבן אַ שיינעם אָפּקלויב צו דער געשיכטע פון ועד הלשון און דער אַקאַדעמיע (צוזאַמענגעשטעלט פון ראובן סיון און ג. קרעסל), ווי אויך דעם ערשטן דאָקומענט פון ועד הלשון; דאָס פּלענום פון דער אַקאַדעמיע איז זיך צוזאַמענגעקומען אין הויז פון פּרעזידענט זלמן שזר און אויך אויסגעהערט אַ רעפעראַט פון איר וועטעראַן, דעם גרויסן בקי ניסן בערגרין: לשון־הדיבור היהודית בגולה כמקור לחקר העברית (די ייִדישע שמועס־שפּראַך אין גלות ווי אַ קוואַל פאַר פאָרשן העברעיִש), וואָס איז אויך אָפּגעדרוקט געוואָרן („לשוננו״, ניסן תש״ל, זז׳ 165—171).

אַוודאי וואָלט כדאי געווען וועגן דעם ענין פּרטימדיקער צו אינפאָרמירן דעם ייִדישן לייענער, כאָטש דאָס יובל־יאָר איז שוין דערוויל אַריבער, איך וויל אויך דאָ מאַכן אַ קליינעם אָנהויב דערצו, דערציילנדיק וועגן דער העברעיִשער שפּראַך־אַקאַדעמיע גופא, איר אויפבוי, גאַנג און אירע פּעולות.

## ב

און איך וועל מודה זיין, אַז איך האָב נאָך אַ טעם דערביי. אין דער לעצטער צייט קומט נישט זעלטן אויס צו הערן וועגן וויכוחים, ווידעראַנאַנדן, אויך שפּאַ־

רעניש‍ן, אין תחום פון דער ייִדישער שפּראַך און אירע נאָרמעס, בעיקר אין אויס־לייג, און עס הערט זיך דאָ און דאָרט די פֿאָדערונג אויפֿצושטעלן אַן אויטאָ־ריטאַטיוון גוף פֿאַר די פּראָבלעמען. מע רופֿט דעם גוף, וואָס מען דאַרף עטאַבלירן אָדער רענאָווירן, אָן מיט כּלערליי נעמען, אָבער סוף־סוף מיינט מען אַן אַקאַדעמיע. און אויב אַזוי, שטעלן זיך גלייך נישט ווייניק קשיות און קודם כּל די פֿינף פּראָבלע־מאַטישע וואָוון: ווער, וואָס, ווען, ווו, וויאַרום, אָבער דרך אגב איז זיך כּדאַי אינטערעסירן, ווי עס זעט אויס אַ היימישע שפּראַך־אַקאַדעמיע, און וואָס קאָן פֿאַר ייִדיש לייכטער און ליבער זיין, ווי אַ קוק דערלאַנגען, וואָס טוט און מאַכט, אין דעם תחום, איר, אי עלטערע, אי ייִנגערע שוועסטער־שפּראַך.

איז כּדאַי קודם־כּל צו וויסן, אַז די העברעיִשע שפּראַך־אַקאַדעמיע איז די העכסטע שפּראַך־אינסטאַנציע פֿון דער מדינה, און אירע באַשלוסן זענען געזעצלעך מחייב, אָבער די עיקר־עובדא אירע איז צו קאָנטראָלירן, אינסטרויִרן, באַוואַכן די שפּראַך־פּראָצעסן, וואָס האָבן אַ ים שותּפֿים — שרייבער, זשורנאַליסטן, לערער, תּלמידים, אינטעליגענציע, יוגנט, עמך, בקיצור: דאָס פֿאָלק. מחמת דעם דאַרף זי האַלטן אַ געשפּיצט אויער אויפֿצוכאַפּן די גלייכע און קרומע גענג און געגנלעך פֿון דער שפּראַך און אַ שאַרף אויג אויפֿצוכאַפּן אירע דיסציפּלינירטקייטן און רעבעלישקייטן, דען נאָר אַזאַ שאַרף אויער און אַזאַ שאַרף אויג שטעלט די אַקאַדעמיע אַנידער אין סאַמע געקאָך פֿון דער גראַנדיעזער און אויסטערלישער דערשיינונג, ווי עס איז דער היסטאָריש־אַקטועלער צווילינג: דער צוריקקער פֿון אַ פֿאָלק צו זיין אַלטער היים און זיין אומקער צו זיין אַלטער שפּראַך.

קיין שום אַקאַדעמיע שאַפֿט נישט און פֿורעמט נישט קיין שפּראַך — דאָס טוען גרעסערע כּוחות און שטאַרקערע פֿאַקטאָרן; פֿון דעסטוועגן איז די דאָזיקע אַקאַדעמיע אַנדערש פֿון די איבעריקע אַקאַדעמיעס — זיי האָבן צו טאָן מיט פֿעלקער, וואָס זענען ממשיך די שפּראַכן זייערע; זי האָט צו טאָן מיט אַ פֿאָלק, וואָס איז מחדש זיין שפּראַך, וועלכע איז דורות געווען אַ שפּראַך, אין וועלכער מען האָט געשריבן, געדאַוונט, געלערנט, אָבער ביז מיט אַכציק יאָר צוריק נישט גערעדט.

פֿאַר אַן אַקאַדעמיע איז עס נישט קיין קליינער חסרון — שטאָט אויף דער באַזע פֿון לעבעדיקער מסורה־שבעל־פּה אויפֿצושטעלן איר קאָנטראָל־אַפּאַראַט, מוז זי צוהעלפֿן די באַזע צו שאַפֿן און באַפֿעסטיקן, ווי עס טוט עס די ליטעראַטור, די פּרעסע, די שול, די שטוב, דאָס טעאַטער, און אַלע איבעריקע גורמים; עס איז אָבער פֿאַר איר אויך אַ גרויסע מעלה — אויב זי פֿאַרשטייט, ווי אַזוי איר אויפֿגאַב צו אַקטיוויזירן, איז זי נישט בלויז דער קאָנטראָלער נאָר אויך דער געסטאָר פֿון דער שפּראַך, איר אויפֿלעב, איר אַנטוויקל.

ג

ווי זעט די אַקאַדעמיע פּראַזאַיִש אויס? איר צוזאַמענשטעל איז אַ דרײַיִקער — חברי־כבוד (ערנמיטגלידער), חברים (מיטגלידער), יועצים (ראַטגעבערס). איין טייל פון זיי זענען שרייבער, צווישן זיי די סאַמע גילדענע פּאַן, דער אַנדערער טייל זענען שפּראַך־פאַרשער, צווישן זיי די סאַמע שפּיגעלעך. און עס איז אַ פיינע קאַאַליציע, און איך האָב שוין אויף דעם געראָטענעם שידוך אַנגעווענדט אַ משל: די ערשטע האָב איך פאַרגליכן צו די, וואָס קענען שפּילן אויפן פידל, און די אַנדערע האָב איך פאַרגליכן צו יענע, וואָס קענען אים פאַרריכטן. אמת, ווען די אַקאַדעמיע איז אויפגעשטאַנען, האָב איך אַפּירגעבראַכט אַ טאָפּעלע טענה — ערשטנס, פאַר וואָס זיצן אין איר בלויז אשכנזים; צווייטנס, פאַר וואָס זיצט נישט אין איר ווער עס איז שוין אַריינגעבוירן אין העברעיש און פון איר אַרויס־געבוירן; איך האָב זיך אַפילו דערלויבט אַ שטיפעריי: ווען די גאַנצע אַקאַדעמיע זאָל, חלילה, אַריינפאַלן אין יענער קרענק, ווו מען פאַרגעסט אַלע שפּראַכן, וואָס מען האָט נישט געקענט קינדווייז, וואָלט זיך אין דער אַקאַדעמיע נישט געפונען קיין איינציקער, וואָס וואָלט געקאָנט רעדן העברעיִש. מיט דער צייט האָט מען גאָר היפּש ממלא געוועןביידע חסרונות — סיי די ערשטע, ספרדים און תימנים, סיי די אַנדערע, סאַברעס, זיצן היינט בכבוד אויבן אָן און עס איז גוט און פיין.

ד

די אינסטיטוציעס פון דער אַקאַדעמיע זענען אויך דרײַיִקע; דאָס פּלענום, וואָס קומט זיך צוזאַמען פון צייט צו צייט, און איז דער פּוסק אחרון; די מנהלה, ווו עס זיצן די פּירזיצערס פון די ועדים (קאָמיטעטן): ועד המינוח (פאַר טער־מינאָלאָגע), ועד הדקדוק (פאַר גראַמאַטיק), ועד הפירסומים (פאַר פּובליקאַציעס), ועד האמרכלות (געשעפטפירונג); און די גרויסע נעץ פון די ועדות (קאָמיסיעס) — וואָס יעדע פון זיי פאַרנעמט זיך מיט אַ באַזונדערן קאָמפּלעקס. אין יעדער ועדה איז געוויינטלעך בלויז דער פּירזיצער אַ מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע. לרוב זיצן דאָרט נישט־מיטגלידער, וואָס זענען מומחים אין דעם פאַך אָדער ענין וואָס ווערט אין דער ועדה באַהאַנדלט. די באַשלוסן פון די ועדות ווערן צוגעשיקט אַלע מיטגלידער פון דער אַקאַדעמיע און אויך אַנדערע מומחים, וואָס זענען מודיע זייערע באַמערקן, איינוועגדן, פּירלייגן — און דער אַקאַדעמישער סעקרעטאַריאַט גרייט צו דאָס מאַטעריאַל פאַר דעם פּלענום — וואָס איז מוסכם, ווערט אַפּראָבירט; וואָס עס איז מחולק, ווערט דיסקוטירט, און דער מאַטעריאַל ווערט, לויטן באַשלוס פון דעם פּלענום אָנגענומען אָדער צוריקגעשיקט אין דער ועדה אָדער אָפּגעוואָרפן, אָדער עס ווערט אָנגענומען אַ נייער פּירלייג פונעם פּלענום גופא. אַזוי זענען צוגעגרייט און פּובליצירט געוואָרן צענדליקער ווערטערביכער אין כלערליי טעאָ־

רעטישע, וויסנשאַפטלעכע און פּאָפּולערע תחומים און פאַכן. אַ מאָל גערדויערט אַן אַרבעט פון אַ ועדה יאָרן און פאַרלאַנגט אומצאָליקע באַראַטונגען, אַ מאָל גייט עס שנעלער, אָבער קיין מאָל נישט פּאַכאַפּנע, נאָר ווי עס פאָדערט מאַק־סימאַלע אחריות.

## ה

אויף דער אָרגאַן פון דער אַקאַדעמיע איז אַ דרײַיִקער — „לשוננו לעם" (אונדזער שפּראַך פאַרן פאָלק), וואָס גייט אַרויס רעגולער איין מאָל אין חודש, פּאָפּולאַר־וויסנשאַפטלעכע העפטלעך, וואָס באַוועגן זיך אויף דער ליניע פון אינ־טעליגענטן פאָלקסמענטש; „לשוננו", אַ פערטליאָר שריפט, וואָס גייט אַרויס אין אַ גרעסערן פאָרמאַט און פאַרנעמט זיך מיט גרונטיקערע שפּראַך־פאָרשונגען, בעיקר וועגן העברעיִש, אָבער אין אַ גרויסער מאָס אויך מיט אַלע שכנישע תחומים, און אַזוי, אַ שטייגער, האָט מען דאָ געדרוקט גאָר פונדאַמענטאַלע אַרבעטן וועגן ייִדיש; „זכרונות האקדמיה ללשון העברית", וואָס גייט געוויינלעך אַרויס איין אָדער צוויי מאָל אין יאָר — דאָס זענען די פּראָטאָקאָלן פון די פּלענום־זיצונגען, אַלץ וואָס די חברים האָבן דאָרט דעבאַטירט און זייערע באַשלוסן. באַזונדערס אינטער־רעסאַנט זענען די פלוגתות אין כלערליי וואַזשנע ענינים, סיי די וועלכע האָבן אויסגעצייטיקט אַ באַשלוס, סיי די וואָס זענען געבליבן הענגען. ווי אַ משל וועל איך דערמאָנען די פלוגתא וועגן אויסלייג, וואָס ציט זיך שוין גאַנצע פערציק יאָר און האָט זיך לעת עתה פאַרענדיקט מיט אַן אומקער צו די תקנות פון ועד הלשון.

די דאָזיקע פלוגתא איז אפשר דער שטאַרקסטער עדות, ווי ווייט עס גרייכט דאָס אחריות פון דער אַקאַדעמיע — דריי באַזונדערע קאָמיסיעס זענען, איינע נאָך דער אַנדערער, געזעסן אַ יאָר אָדער יאָרן, און זייער סקרופּולאַט דורכרעווידירט אַ יעדן פרט, אויסגעקלאָרט אַלע אַרגומענטן און דורכגעזיפּט אַלע מקורים, און זיך סומך געווען אויף פרײַערדיקע יאָרנלאַנגע בירורים פון ועד הלשון; און יעדער צד האָט געבראַכט אַ מין תורה שלימה, וואָס וויל יוצא זיין ביידע אַספּעקטן, דעם היסטאָרישן און דעם אַקטואַלן, און יעדער צד האָט געקעמפט, כביכול, געוואָפנט ביז צו די ציין, פאַר זיין תורה, אָבער די אַקאַדעמיע האָט זיך, אין אַזאַ איידעלער מאַטעריע, אָפּגעזאָגט פון אַ שפּילעריי אין אַ מעכאַנישן רוב, וואָס וואָלט זיך אויך נישט אַזוי לייכט געפונען, און האָט זיך נישט געשעמט מודה צו זיין: לא איכשר דרא, משמע, דער דור איז נאָך נישט מסוגל, און מען מעג אויך איבערלאָזן אַרבעט פאַר קומענדיקע דורות.

דאָ וואָלט איך מיר דערלויבט צו זאָגן אַ שבח דעם נשיא פון דער אַקאַדעמיע, פּראָפ. נפתלי הירץ טור־סיני (טאָרטשינער), וואָס נישט איין מאָל האָב איך אים

אַטאַקירט פֿאַר זײַנע ביבל־קריטישע דרייסטקייטן, אָבער אין דער אַקאַדעמיע האָט ער נישט איין מאָל געגעבן אַ קלאַסישע לעקציע פֿון אחריות ביים באַהאַנדלען דעליקאַטע ענינים פֿון אַזאַ קולטור־קנין, ווי עס איז די שפּראַך. פֿון זיין התנהגות האָבן מיר געלערנט, אַז איינס איז דער בעל־אגדה, וואָס קאָן זיך דערלויבן כמעט אַלץ וואָס ער וויל, און עפּעס אַנדערש איז דער בעל־הלכה, וואָס קאָן זיך דער־לויבן בלויז דאָס, וואָס ער מעג און דאַרף.

ו

די אַקאַדעמיע האָט אויך אַ ביכער־פֿאַרלאַג — גרונטיקע מקורות און שטודיעס. אַזוי האָט זי, אַ שטייגער, אַרויסגעגעבן דעם „ספר הרקמה" פֿון ר' יונה אבן ג'נאח. אין ווילענסקיס עדיציע; דעם אגרון פֿון ר' סעדיה גאון און אַלוניס עדיציע, פֿיר בענד „עברית וארמית נוסח שומרון" פֿון זאב בן חיים, דעם סגן־נשיא פֿון דער אַקאַדעמיע; מחקרים וועגן יל"גס און ביאַליקס שפּראַך פֿון אברהם אברונין, וכדומה. אָבער די קרוין פֿון לומענאַציע — ווי עס פֿלעג זאָגן א. מ. דיק — וועט זיין דער וויסנשאַפֿטלעך־היסטאָרישער ווערטערבוך פֿון דער העברעישער שפּראַך. מיר האָבן אים, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון בן חיים, אַנגעהויבן מיט דער הנחה, אַז אין פֿופֿציק אָדער זעכציק יאָר אַרום, וועלן אפֿשר אונדזערע אייניקלעך האָבן פֿאַר זיך דאָס פֿאַרטיקע ווערק און מיר האָבן געדענקט: לא עליך המלאכה לגמור, יעדער דור איז נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער, נאָר אַ מיט. אָבער איצט האָפֿן מיר, אַז מיטן כוח פֿון די נייע אַרבעטס־שיטות (קאָמפּיוטערס) און פֿאַרגרעסערטן יונגן אַקאַדעמישן מענטשן־אַפּאַראַט, וועט עס אַ סך וויניקער געדויערן. עס איז איבעריק צו זאָגן, וואָס אַזאַ אויפֿטו באַטייט — אַן אוצר, וואָס וועט איינזאַמלען און אָפּשפּיגלען דעם אַנטוויקל פֿון דער שפּראַך, אין איר גאַנצן היקף און איר גאַנצער טיף אין איר היסטאָרישן גאַנג דורך טויזנטער יאָרן, און אויפֿן גרונט פֿון די סאַמע ערשטע מקורות, און זייערע שינויים און וואַריאַנטן. ווער עס האָט געזען דעם באַנד און צוגאָב־באַנד מקורות פֿון איין תקופה — פֿון דעם אָפּשלוס פֿון תלמוד ביז סוף גאונים — און באַרעכנט, ווי אַזוי עס וועלן אויסזען די איבעריקע בענד מקורות (איצט אַרבעטן מיר אויף די מקורות פֿון דער גאָר לעצטער צייט — פֿון דער עליה ביל"ו ביז אויפֿקום פֿון דער מדינה) און נעמט אויפֿן קאָפּ, אַז די אַלע מקורות דאַרפֿן דורכגעפֿאָרשט און סעגרעגירט ווערן, און אַז די גרונטיקסטע, קלאַסישע חיבורים, סיי די אַלטע, סיי די שפּעטערע, סיי די מאָדערנע גייען בשלימות אַריין אין קאָמפּיוטער, קאָן זיך נישט גענוג אָפּווונ־דערן אויף דעם עזות, זיך אַזאַ משא אויפֿצולאָדן, פּונקט ווי ער קאָן זיך נישט גענוג אָפּוווּנדערן, ווי די גרופּע מומחים, וואָס אַרבעט דערביי, איז סוקצעסיוו גובר די אַלע שוועריקייטן.

עס לאָזט זיך אַ סך זאָגן וועגן דער חשיבות פון אַזאַ ווערטערבוך, אָבער די גרעסטע מעלה איז, וואָס די אַקאַדעמיע האָט באַשלאָסן זיך נישט צוצוהערן צו דער טענה אַרויסצוגעבן באַזונדערע ווערטערביכער פאַר באַזונדערע תקופות פון מקרא, משנה, גמרא, מדרש, גאונים, ביז השכלה און מאָדערנע, נאָר גייט אַרויס־געבן דעם כוללדיקן אוצר פון דער גאַנצער שפּראַך אין אַלע צייטן און אַלע ערטער, און דאָס צוליב אַ פּשוטן טעם: די שפּראַך איז איין גרויסע קיום, און אַזוי דאַרף זי מאָסט באַהאַנדלט ווערן, אַז יעדער באַגריף און יעדער טערמין, יעדעס וואָרט און אַ יעדער באַהעפט זאָל אין דער געקייטלטקייט באַשייַנ־פּערלעך געזען, פאַרשטאַנען, געלערנט און באַנוצט ווערן. דען בלויז אַ שפּראַך, וואָס איז זיך באַוווסט איר גאַנצן און פולן נעכטן, און דאָס באַוווסטזיין ווערט איבער־ און אַריינגעלעבט אין איר היינט און שפּייזט אים, האָט פאַר זיך אַ גרויסן מאָרגן. און אויב דער כלל איז חל אויף אַ יעדער קולטור־שפּראַך — אויף אַ שפּראַך, ווי לשון עברי, מיט איר באַזונדערן אויסערגעוויינטלעכן גורל און גאַנג, לא כל שכן.

[כ״ב חשון תשל״א]

# אַ קליינער שפּיגל

אַריינפיר־וואָרט צום זשורנאַל „פּויליש יידנטום״

א

נישט איין מאָל דוכט זיך אונדז, אַז אין גרויסן קאָך פון אונדזערע דאגות פאַרן כלל און פּרט, וואָס עס וואַרפט אויף אונדז אַרויף דער יידישער קיום אין זיין אַקטואַלער געשפּאַנטקייט, זענען מיר אַזוי אַריינגעטאָן אין היינט, אַז עס בלייבט כמעט נישט קיין ביסל צייט און קיין פּיצל אָרט פאַרן נעכטן, אַזוי אַז דער חוב אונדזערער צו דערהאַלטן דעם זכרון פון אונדזער לעצטער תקופה אין גלות־אייראָפּע בכלל און אין גלות־פּוילן בפּרט, ווערט פון טאָג צו טאָג גרעסער און מיר ווערן ממילא אַלץ מער אַנזעצערס, און אַז עס כאַפּט אונדז אָן אַ שטיקל חרטה, זוכן מיר זיך אויסצודרייען מיט דער אַלטער טענה: צרכם מרובה ודעתם קצרה. און באמת זענען דאָך טאַקע קאָפּ, האַרץ און האַנט פאַרמשכנט צום ים באַדערפעניש: ווי דערהאַלט מען אונדזער מדינה דאָ, אונדזערע ישובים דאָרט; ווי דערהאַלט מען אונדזער פאָלק.

ב

אָבער עס איז אַן אַקטואַל שטאַרקע און היסטאָריש שוואַכע טענה: פאַרגעסן מיר דעם נעכטן, אַנגעהויבן פון דעם גאָר ווייטן און פאַרענדיקט מיט דעם נאָענטן, שטייט דער היינט, און ממילא דער מאָרגן, אויף הינערישע פיסלעך. שוין דאָס אַליין באַשטימט, אַז דאָס לעבעדיקע געדעכעניש פון אַלע יידישע נעכטנס, אין אַלע ערטער און אין אַלע צייטן, איז אַ וויטאַלער עלעמענט פון אונדזער לעבן. מיר שטרייכן אונטער: אין אַלע ערטער און אין אַלע צייטן, ווייל מיר האַלטן דעם אָנשטרענג אונדזערן צו דערהאַלטן דעם לעבעדיקן זכרון פון פּוילישער יידישקייט ווי אַ טייל פון אַ כלל־באַמי, און אויב מיר ווייזן אַרויס אין דעם טייל־אָנשטרענג אַ באַזונדערע מסירות, איז עס צוליב דעם, וואָס מיר זענען באַזונדערס מחוייב און מסוגל דערצו — מיר זענען פּוילישע יידן און מיר ווייסן אַמבעסטן, וואָס נוסח־פּוילן באַטייט, מיר קאָנען עס, זיך אַליין און אַלע איבעריקע יידן, געטריי, פאַרלאָזלעך, אויטענטיש — בקיצור: יידישלעך און היימיש — דערציילן.

ג

און מיר דערציילן עס טאַקע: אַ סך מער ווי עס קאָן זיך אויבנאויפיק אויס־דאַכטן: געגנוג דורכצוגיין אונדזער פילשפּראַכיקע פּרעסע — בעיקר אין עברית און אין יידיש — כדי צו זען, וויפל אויפמערק זי, וואָס דינט כביכול בלויז דעם היינט, גיט אָפּ אונדזער נעכטן; געגנוג דורכצוקוקן די ליטעראַטור אונדזערע — דיכטער, דערציילער, עסייִסטן, צעשפּרייט אין אַלע עקן וועלט, און קלערן זיך אַריין אין נעכטן פון אונדזער לעבן אין פּוילן, און דער נעכטן איז די עיקר־קאַנווע פאַר זייער ליריק, עפּיק, געמעל, געדאַנק. נאָך מער, אונדזערע פאָרשער, בעיקר היסטאָריקער, רוען נישט, און זייער פאָרשערישע אַרבעט באַשענקט אונדז כסדר מיט קלענערע און גרעסערע מאָנאָגראַפיעס פון פאַרשיידענע היסטאָרישע תקופות. און צום לעצט דאַרף מיט אַ באַזונדערן באַטאָן דערמאָנט ווערן די אומ־דערמידלעכע מי פון יחידים און לאַנדסמאַנשאַפטן אַרויסצוגעבן באַזונדערע ביכער צום זכר פון זייערע קהילות, און די דאָזיקע ביכער קייטלען זיך ריי צו ריי, און פאַרנעמען היפּשע פאַכן אין פּריוואַטע און ציבורדיקע ביבליאָטעקן.

ד

אויף וויפן די קריטיק איבער דעם אָדער יענעם בוך, אָדער אויף דער אָדער יענער רובריק אין די יזכור־ביכער, זאָל נישט זיין באַרעכטיקט, איז דאָס בפירוש פּאָזיטיווע דער עיקר, וואָס די מסורות, עדות, בילדער פון יידישן לעבן, וואָס ווערן דאָ אָנגעזאַמלט, זענען ווי אַרויסגעריסן פון צווישן די אומרחמנותדיקע ציין פון דער פאַרגעסנקייט, און וועלן פאַר דורות אָפּהיטן אַ ים מיט דעטאַלן, וואָס אָן זיי וואָלט אַ יעדער פאָרשערישער, דיכטערישער, געדאַנקלעכער אויפלעב, פון אונדזער נעכטן דורך אַ מאָרגנדיקן דור, געווען אוממעגלעך. מען טאָר נישט פאַרהוילן, אַז דער פּאַרטיזאַנישער כאַראַקטער פון דער גרויסע אַרבעט טראָגט אין זיך נישט ווייניק סכנות, צופאַליקייט פון מאַטעריאַל, אויספּעל פון פּער־ספּעקטיוו אין אָפּשאַץ, דיספּראָפּאָרציע אין באַהאַנדל — אָבער דאָס פּאַרטיזאַנישע שטעקט אין עצם מהות פון איש לקהילתך ישראל, און נאָך דעם ווי די פּרוון פון אַ כוללדיק געפּלאַנטער ספרי־זכרון־אַקציע האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איז עס ממש אַ מזל, אַז עס געפינען זיך יחידים און גרופּן, וואָס דער חשש, אַז זייער היים וועט פאַרגעסן ווערן, רויבט זיי אַוועק דעם שלאָף ביי נאַכט, און לאָזט זיי נישט אָפּ, און זיי לייגן אַריין אמצי־כוח די יזכור־ביכער אַרויסצוגעבן. אויך מוז מען געדענקען, אַז אַ היימישער פאַרמאָגט אַזעלכע ידיעות פון זיין היים, וואָס אויב ער וועט זיי נישט דערציילן, וועט זיי קיין היסטאָריקער נישט קאָנען געפינען.

## ה

אָבער כאָטש די אַרבעט גייט אָן, דוכט זיך פאָרט, אַז דער זכרון פון אונדזער נעכטן האָט נישט קיין פריינד און קיין גואל, און מעגלעך אַז אַ שטענדיקער ביבליאָגראַפישער איבערבליק וואָלט דאָ היפש געהאָלפן, אָבער נישט ווייניק איז אויך מסוגל צו העלפן אַן אָרגאַן, וואָס וועט זיין ווי אַ קליינער שפיגל פון דער פילפאַרביקער אַרבעט. אַזאַ מין שפיגל וועלן טאַקע זיין אונדזערע העפטן — פאָרשער, דיכטער, דערציילער, פובליציסטן לאָזן אונדז טועם זיין, אַ יעדער פון זיין וועלט אַרויס, פון זיין קוק אַרויס, און דער צד השווה איז יהדות־פוילן. מיר זעען דאָ אַזוי ווי אין מיניאַטור, וואָס עס ווערט געטאָן און וואָס עס זאָל אין גרויסן פאַרנעם געטאָן ווערן.

[תשכ״ב]

# גלות פוילן

א וואָרט ביים צווייטן קאָנגרעס פון פוילישע יידן

## מאמר א׳: מעשה־פּאַנאָראַמע

א

דאָס געמיש פון העזה און עניוות, וואָס באַלייט אַ יעדן פּרווו אַריינצו־דריקן אַ ברייטע און רייכע פּאַנאָראַמע אין אַ שמאָלן און קאַרגן וואָרטצייכן, כדי זי מ׳שטיינסגעזאָגט אויסצודריקן, באַלייט אויך דעם פּרווו אַריינצופּרעסן אַזאַ גוואַלטיקן און פילפּנימדיקן היסטאָרישן פענאָמען, ווי די געשטאַלט פון אונדזער אַלעמענס וויג און היים, אין צוויי ווערטער: גלות פוילן. אָבער עס דאַכט זיך, אַז וויפל מיר זאָלן נישט אַרויפדריקן אונדזער העזה און וויפל מיר זאָלן נישט אַראָפּדריקן אונדזער עניוות, וועלן מיר זיך אַלץ אָנקלאַמערן אין דעם באַגריפ־לעכן און געפיליקן ווערטערפּאָרל, וואָס באַהעפט זיך צו ענלעכע ווערטערפּאָר־לעך, סיי אין סאַמע אָנהייב פון אונדזער גאַנג — גלות מצרים; סיי אין זיין המשך, נאָכן ערשטן חורבן — גלות בבל, נאָכן צווייטן חורבן — גלות רומי, וואָס האָט זיך אויסגעברייטערט צו גלות אדום, און גלות פוילן איז טאַקע איר חשובסטע סטאַציע, און אויף איר פּאַסט טאַקע דער ביטערער הומאָר פונעם זאָג: לאַנג ווי דאָס גלות. אין אונדזער, כמעט צוויי־טויזנט־יאָריקער וואָגלעניש, האָבן מיר געקענט כמה וכמה גלותן: בבל און פרס, ערב און ספרד, צרפת און אַחרון אַחרון אַשכנז, וואָס אין איר איז גלות פוילן בולט סיי אין איר פּאַרנעם, סיי אין איר כוח, סיי טאַקע אין משך פון איר צייט. אי אין דער תקופה פון ערשטן אומ־אָפּהענגיקן פוילן, אי אין דער תקופה פון איר צעטייל, אי אין דער תקופה פון אַנ־דערן אומאָפּהענגיקן פוילן, איז תמיד דער יידישער קיבוץ אין אירע שטחים, גע־ווען אַ גרויסער קאָמפּאַקטער צענטער פון אונדזער פאָלק, וואָס האָט נישט בלויז געהאַט זיין אייגן פּרצוף־פּנים, נאָר האָט אויך באַשטימט דעם פּרצוף־פּנים פון רוב פאָלק, און איז צו מאָל געווען דאָס פאָלק. אַ וווּנדערלעך פולסירנדיקער און וויטאַל וואַכיקער קאָלעקטיוו, איז ער געווען פּנים און שפּיגל צוזאַמען פון אַ קיום פון אונדזער פאָלק אין גלות; שטענדיק אין פּולן צוגעבונד צו זיין שטאַם און

וואָרצל, און אין פולער געטריישאַפט צו זיין היסטאָרישן וועג און זיינע היסטאָרישע אינטענציעס. און ביי אַלע פערמענטן און קריזן, ביי אַלע אויפטרייסלונגען און איבערברעך, וואָס עס האָט איבערגעלעבט אין דער לאַנגער צייט, האָט עס זיך דערהאַלטן, סיי לגבי זיך אַליין, סיי לגבי דעם איבעריקן פאָלק, ווי אַ גרויסע, אויב נישט די גרעסטע פאָרמאַציע, פון אונדזער באַזונדערן אַריינגאַנג און דורכגאַנג: גוי בקרב גוי, וואָס פאַרזיכערט דעם געשיכטלעכן אַרויסגאַנג: גוי מקרב גוי.

ב

דען פוילישע ייִדן, ווי אַ כלל, האָבן ביי אַלע דיפערענציאַציעס, וועלכע האָבן זיך אַנטפּלעקט אין אַלערליי צורות, לויט די באַזונדערע סיבות, תמיד פאַרמאָגט אַ שטאָליקן אינטעגראַל — באַטראַכטנדיק זיך ווי יורשים פון די היסטאָרישע קנינים פון פאָלק, האָבן זיי זיי נישט בלויז דערהאַלטן, נאָר אויסנעמלעך פאַרשטאַרקט און פאַרטיפט. ווען זיי האָבן די קנינים געזען אין דער תורה, און דאָס האָבן זיי אַלע געטאָן ביז מיט דריי־פיר דורות צוריק, האָבן זיי באַוויזן דעם ווונדער פון אַ געלעבטער תורה, וואָס האָט אין פוילן און אין איר נענטערער און ווייטערער סביבה דערגרייכט די העכסטע מדרגה. מיט רעכט האָט זיך גלות פוילן געגרויסט מיט דער גילדענער קייט פון אירע גדולי תורה והוראה, וועלכע האָט זיך ביז איר סאַמע לעצט נישט איבערגעריסן. אויב מיר זאָלן זי אַפילו מצמצם זיין אויף נוסח פוילן אין ענגערן זין, צעשימערט זיך אַ מנורה מיט אַנצאָליקע רערן, פונעם בעל החילוקים און רמ״א, דעם מהרש״ל און מהרש״א, דעם מהר״ם פון לובלין, דעם ב״ח און דעם ט״ז, דעם פני יהושע און דעם ש״ך, דורך דעם נודע ביהודה און מגן אברהם, פרי מגדים און חוות דעת, ר׳ עקיבא אייגער תבינא און דעם קצות, ביז ר׳ אברהמעלע סאָכאַטשיווער און ר׳ יהושעלע קוטנער, און ביז די גדולים פון לעצטן דור. אָבער די אמתע גרויסקייט איז דאָך דאָס פאָלק גופא, וואָס האָט זייער תורה־מי געמאַכט אַ ממש, אַ מאַקסימאַלן, און אפשר דעם מאַקסימאַלסטן ממש, וועלכן די תורה האָט ווען־עס־איז און ווו־עס־איז בכלל דערגרייכט. דאָס איז נישט בלויז אַ שטוינענדיקער פּאַראַדאָקס צו דערהאַלטן אין דער פרעמד אַ תורה, וואָס איר יסוד איז געגעבן געוואָרן פאַר דער היים, נאָר כמעט אַן אוניקום אין דער געשיכטע — אַ דורך אַ גאַנץ פאָלק רעאַליזירטע אמונה.

לאָמיר עס נאָר נעמען אויפן קאָפּ: נישט אַ כת פון נזירים, נאָר אַ גאַנץ פאָלק, אַלט און יונג, קינד און קייט, אַזוי אַז מען מעג זאָגן, אַז דער העכסטער און האַרבסטער פאַרלאַנג פון כביכול: ממלכת כהנים וגוי קדוש, איז דאָ געווען נישט אַ ווייטער אידעאַל, נאָר אַ נאָענט ממשות. אין ברייט אויסגעשפּאַנטע גרע־

נעצן פון מענטשלעכער מעגלעכקייט און ענג איינגעשפּאַנטע גרענעצן פון גלות און פרעמד, האָבן זיי באַוויזן יענע פּערמאַנענטע הערא:יק צו פירן אַ לעבן, וואָס יעדער קער און ווענד איז אַ פעסטער רינג אין דער געשמידטער קייט פון אַב־סאָלוט באַטראַכטע ווערטן. אַוודאי זענען אין דעם וווּנדערלעכן, כמעט איבער־מענטשלעכן אָנשטרענג, געווען אַרויפן און אַראָפּן, צוגעקאָוועטקייטן און אָפּנייגן, באַהעפטונגען און מרידות, אָבער דאָס איז געווען איינער פון די גרעסטע גע־ראַנגלען פון אַ גלייבנדיק פאָלק פולקום צו לעבן זיין אמת; עס איז געווען די גוואַלטיקע גבורה פון הלכה למעשה, וואָס האָט לגבי כביכול פּראָוואָצירט אַ שאַרפן קל וחומר: אויב אין דער פרעמד אַזוי, אין דער היים לא־כל־שכן, ואשרי האב שמקלסין אותו בביתו כך, טייטש: און ווויל דעם טאַטן וואָס מען לויבט אין זיין הויז אַזוי.

ג

אָבער מיר זענען מחויב צו זאָגן, אַז אַט דער עיקר־כאַראַקטער האָט זיך דערהאַלטן אויך אין די לעצטע דורות, ווען גרויסע און גרעסערע טיילן פון פאָלק האָבן זיך געלאָזט אויפן וועג פון אַלץ מער טאָטאַלער וועלטלעכקייט. אַזוי־ווי די אַסימילאַציע, — ווי אַ רעלאַטיווער צופאַס, מה־דאַך ווי אַן אַבסאָלוטער אָפּ־ריס — איז דאָ נישט געווען מער ווי אַן עפּיזאָד, אַפילו ווען זי האָט לייטיש אָפּ־געצופּט די פּעריפעריע פון פאָלק און האָט זיך געריסן אָפּצוגריזשען דעם צענטער זיינעם, האָט דאָס וועלטלעכע ייִדישע פּוילן געזען אין זיין ייִדישקייט אַן אורח־חיים, און ווי אַזוי יעדע פון אירע גרופּירונגען זאָל זיך נישט געווען, היסטאָריש און אַקטואַל, אָריענטירן, האָט זיך געהאַלטן אין דער מעלה פון דער תורה: אַ גלויבן מוז געלעבט ווערן, און מוז ווי אַן אין זיך געשלאָסענע גאַנצקייט געלעבט ווערן. פּונקט ווי די זיידעס און טאַטעס האָבן זיך תמיד געפלייסט צו דערפילן דעם אידעאַל: ויבוא יעקב שלם — שי״ן ששמר שמו, ער האָט אָפּגעהיט זיין נאָמען, למ״ד ששמר לשונו, ער האָט אָפּגעהיט זיין שפּראַך, מי״ם ששמר מלבושו, ער האָט אָפּגעהיט זיין סטראָי, אַזוי האָבן זיך אויך די פּאַרוועלטלעכטע און אַפילו מאָדערניזירטע אייניקלעך און קינדער געפלייסט אָפּצוהיטן ייִדיש לעבן, ייִדישן נוסח, ייִדישן שטייגער, אַז זייער ייִדישקייט זאָל נישט ליידן פון אַ צו גראָבער מחיצה צווישן וואָרט און טו, צווישן שטוב און גאַס, צווישן משפּחה און סביבה. אַוודאי האָבן די איבערגעאַנדערשטע לעבנס־באַגריפן און לעבנס־באַדינגען אין דער טיפער ווידעראַנאַנד פון כלערליי אידעאָלאָגישע קאָנצענטראַציעס אָנגע־הורבעט אַ באַרג מיט שטרויכלונגען, און דאָך איז די יאָדרע געבליבן פעסט און מאַרקאַנט.

די יאָדרע ווייטער באַשטייט נישט בלויז אינעם גייסט פון דער עצם היס־

טאַרישער ירושה, נאָר אויך אינעם גייסט פון די באַוועגונגען, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייטיקט אין סאַמע ווענדפּונקט און אַנטשיידוועג פון די לעצטע דורות; באַוועגונגען, וואָס האָבן געטראָגן אַ קלאָרן חותם פון אָריגינאַלקייט. און דאָס איז געזאָגט געוואָרן נישט נאָר לגבי אַ באַוועגונג, וואָס מען זעט באַשיימ־פּערלעך איר היימישן וואָרצל — ווי חסידות, וועלכע איז אַרויסגעוואַקסן פון שבט פּוילן און האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף דער גאַנצער מאַפּע פונעם גערעדטן יידיש, און האָט זיך אויסגעבויט דורך עטלעכע דורות און באַשטייט עד היום, און האָט באַשאַנקען דאָס פאָלק מיט לייכטנדיקע געשטאַלטן פון בעל־שם־טוב און דעם מגיד, ר׳ אלימלך פון ליזשענסק און ר׳ משה לייב פון סאַסיוו, ר׳ לוי יצחק און דעם חוזה, דעם קאָזשעניצער און דעם ייד הקדוש, דעם פּשיסכער און דעם קאָצקער, און האָט באַגרינדט גרויסע הייף ווי ראָפּשיץ און גער און ריזשין און בעלז וכדומה — אַ שטראָמיקער קוואַל פון און פאַר פאָלקס־מאַסן, וואָס זייערע קאָליריקע נוסחאות האָבן געאָטעמט אַ כישופדיקע וויטאַליטעט. דאָס איז אויך געזאָגט געוואָרן לגבי אַ באַוועגונג, וואָס אין פלוג מערקט זיך ווייניקער איר היימישער וואָרצל און מער דער שטעמפּל פון אימפּאָרט — ווי השׂכּלה, וואָס האָט דאָ באַקומען אַן אַנדער פּנים; דען נישט ווי דער גורל פון דער השׂכּלה אין גע־ווען אין אירע דעקלאַרירטע אָנהייב־צענטערס, בעיקר אין דייטשלאַנד און האָלאַנד, ווו נאָך אַנדערטהאַלבן דורות איז די אַזוי גערופענע נייע העברעיִשע ליטעראַטור אָפּגעשטאָרבן צוזאַמען מיט אירע משׂכּילישע מחברים און זייערע לייענער, איז איר גורל געווען אין פּוילן און אין די שוועסטער־לענדער ליטע און אוקראַיִנע — דאָ האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ מאַסע, וואָס האָט קיין מאָל נישט געקווענקלט אין איר קאָלעקטיוון מהות, וואָס איז מחייב אייגענע שפּראַך און אייגענעם שטייגער. דאָ האָט השׂכּלה אין קאַמף מיט אַנדערע באַוועגונגען, דעם באַנייטן למדנות און באַנייטן חסידות, געלערנט, לכרחה ולרצונה, געטריישאַפט צו דער היים, נישט בלויז אין אירע אָנהייב־שפּראַצונגען, פון ר׳ טוביה הרופא ביז ר׳ ישׂראל זאַמאָשטש, נאָר אויך, און בעיקר, אין איר המשך — ר׳ מענדל לעפין, רנ״ק און שי״ר, וואָס זייערע אויפטוען זענען געווען אין דער היים, מיטן כוח פון דער היים און פאַר דער היים און דערפאַר טאַקע האָט זי זוכה געווען געגעבעטיש צו ווערן דער פונדאַמענט פון אויפלעב פון אונדער מאָדערנער צווייִשפּראַכיקער ליטע־ראַטור און דיאַלעקטיש צו ווערן די פּידוואַלינע פון מאָדערנעם נאַציאָנאַלן באַ־וווסטזיין.

ד

מיר האָבן דערמאָנט די גרויסע באַוועגונגען, חסידות און השׂכּלה, וואָס האָבן דערעפנט די לעצטע תקופה אין עיקר־צענטער פון דער פאָלקס־געדיכטעניש אין

מזרח־אייראָפּע, אָבער מיר מוזן אויך דערמאָנען, אַז זייערע יסודות האָבן זיך, אין פאַרשיידענע פּראָפּאָרצן, צוזאַמענגעשמאָלצן אין דעם געוואַגטן פּרווו פון אַ גרויסן, און צו מאָל אַנטשיידנדיקן טייל פונעם פאָלק צו שאַפן אַ מעגלעכקייט פון אַ ייִדישקייט, וואָס איז אַנדערש אין וועלט־באַנעם און אין לעבנס־וועג פונעם היסטאָריש־רעליגיעזן שליאַך פון אַלע דורות, דער שליאַך וועלכער האָט זיך טאָטאַל געצויגן ביז מיט אַנדערטהאַלב הונדערט יאָר צוריק. און וואָס מען זאָל נישט קלערן וועגן דער לעגיטימיטעט פון דעם פּרווו — און מיר גופא האָבן דעריבער נשקשהדיקע ספיקות — דאַרף מען פאַרשטיין זיין קאַרדינאַלסטן פּראָבלעם: ווי־אַזוי־אַרום זאָלן באַשטימט ווערן די גרענעצן צווישן די דיפערענציאַלן און דעם אינטעגראַל, בעיקר ווען די דיפערענציאַלן ברייטערן זיך אַלץ מער אויס כלפּי חוץ, און דער אינטעגראַל שמעלערט זיך אַלץ מער איין כלפּי פנים, און עס לאָקערט די סכנה אַז די דיפערענציאַלן זאָלן דעם אינטעגראַל צערדריוולען און אַפילו אויפפרעסן. אָט דאָס פּראָבלעם איז דער שורש פונעם אויסאַנאַנדערגאַנג פון די גרויסע באַוועגונגען אין דער ייִדישער גאַס אין פּוילן און אירע שוועסטער, און וואָס זיין רעפלעקס האָט דורכגעדרונגען אירע גרויסע קאָלאָניעס אין ביידע אַמעריקעס, און איז אַריינגעדרונגען אין נאָענטע און ווייטע ייִדישע קיבוצים. דער פאַנאַנדערגאַנג האָט זיך אין פּוילן פאַרשאַרפט מיטן אויפקום פון דיאַמעטראַל פאַרשיידענע מחנות, וואָס זייער ווידעראַנאַנד איז געווען איבערן אָרטלעכן אַראָפּ: דאָ אָדער דאָרט — קלאָרער געזאָגט: „בונד” אָדער ציוניזם — און איבערן צייטלעכן טראָפּ: נעכטן אָדער היינט — קלאָרער געזאָגט: שלומי אמוני ישׂראל אָדער פאָלקיזם; אָבער כאָטש זיי זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען לויטן באַזונדערן היסטאָרישן, אַ־היסטאָרישן און כמעט אַנטי־היסטאָרישן קוק איבערן גורל פון פאָלק, האָבן זיי אַלע געהאַט אַ צד השווה — זיי אַלע האָבן געזען זייער אויפגאַב צו דערהאַלטן די ייִדן, ווי ייִדן, און יעדע, כאָטש זי האָט עס געטאָן על־פּי־דרכה, האָט זי עס פאַרט געטאָן לויטן שניט פון פּוילישער ייִדישקייט — הלכה למעשׂה. האָט טאַקע אַ פלאַם פון התעוררות אַרומגעכאַפּט אַלע טיילן פון פאָלק, כלל און יחיד, גאַס און שטוב, און די בעסטע ראיה: דער אויפבלי פון דער מסורה און דער אויפבלי פון דער מאָדערנע. עס האָט זיך געשטאַרקט דער כוח פון לימוד־התורה און נייע גרויסע שטערן האָבן אויפגעגלאַנצט אויפן הימל פון דער הלכה; עס האָט זיך געשטאַרקט דער כוח פון דער מאָדערנער שאַפונג אין אונדזערע ביידע שפּראַכן — געגנוג צו דערמאָנען נעמען, וואָס זענען, אַ יעדער לויט זיין מדרגה, אַ שׂכ־דבר: סאָקאָלאָוו און פרישמאַן, פּרץ און אַש, ווייסענבערג און אָפּאַטאָשו, יעקב כהן און מתתיהו שוהם, יצחק קאַצענעלסאָן און ישׂראל שטערן, שוין אָפּגערעדט פון לעבעדיקע, זאָלן מאַריך ימים ושנים זיין, כדי אָנצוטייטן די פּילפאַרביקע פּאַליטרע פון די שאַפונגס־טאַלאַנטן. בעיקר

אין פּוילן האָט אונדזער שאַפונג, וועלכע האָט באַזירט אויף אַ זייט דורות פאַרוואָרצלטן מאַסן־קאָלעקטיוו, און געשעפּט פון אַלע מקורים, פונעם ווייטן בראשית־ברא ביזן נאָענטסטן פאָלקסליד, געהאַט אויסגעצייכנטע אינסטרומענטן, — סיי פּשוטערע כלים, ווי די פאַרצווייגטע פּרעס און פּעריאָדיק, סיי קאָמפּליצירטערע מכשירים, ווי די טעאַטער־קונסט — געגנוג צו דערמאָנען אסתר רחל קאַמינסקי — ווי די געשטאַלט־קונסט, מאָלעריי און סקולפּטור, און די מוזיק. עס האָט זיך געשטאַרקט דער כוח פון דערציִונג — חדר און ישיבה, שול און גימנאַזיע, סעמינאַר און העכערע לערן־אינסטיטוטן, און יעדע פּאָליטישע און קולטורעלע גרופּע האָט אַרייַנגעלייגט איר ערלעכסטן אָנשטרענג.

און אָט דער גרויסער דערוועק פון כוחות האָט, בעצם, נישט געהאַט קיין בעסערע מערכה פון דער מערכה פון זייַנע אָבות — די לעצטע, צוגלייך מיט די ערשטע דורות, האָבן זיך תמיד געמוזט ראַנגלען פאַר לופט און ליכט, פאַר רעכט און כבוד, פאַר אַרבעט און פרנסה, אָבער אַפילו ביי דעם רעלאַטיווסטן דערגרייך פון אַ לעבנס־ און שאַפונגס־מעגלעכקייט, האָט אַ פלייץ געטאָן אַ ים פון אויפטועריש‌ער איניציאַטיוו, פון טויגעוודיקער אונטערנעמערישקייט, פון סיי ספּאָנטאַנער און סיי אויסגעפּרוווטער טאַלאַנטירטקייט, וואָס האָט אין אַ קאָנקורענציע־שפּיל פון ניכטערקייט און פאַנטאַזיע אויפגערודערט אַ שלל פון אַקטיוויטעטן, אין האַנדל און וואַנדל, אינדוסטריע און מלאכה, אין פאַבריק און ביים וואַרשטאַט, אין געוועלב און קלייט, אין פעלד און וואַלד, באַנק און קאָאָפּעראַטיוו, אַן עדות פון אַ פאָלק מיט אַ שטאַרקן לעבנס־אַפּעטיט, אַ רמז וואָס אַזאַ פאָלק וואָלט מסוגל געווען צו טאָן, ווען ס׳געפינט זיך נישט אויף אַן אייביקן ווולקאַן פון דער פרעמד, נאָר איז אַ בעל־הבית ביי זיך אין דער היים; אַ רמז, וואָס זיין ברייט־פאַרמאָסטענער און טיף־קאָנסטרויִרטער פּירוש איז אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד אונדזערן — פון דער עליה פון די ערשטע חסידים ביז בתי־וואַרשע, פון די גרעסערע און קלענערע גרופּעס אין דער ערשטער און צווייטער עליה, פון באַזונדערע שטעגן אין די שפּעטערע עליות, ווי אַ שטייגער חסידי יאַבלאָנגע און אנשי בני ברק, אָבער בעיקר די טויזנטער־קעפּיקע שטראָמען פון די חלוצישע יוגנט־־באַוועגונגען און זייער נאָכוווקס, די בויער פון דאָרף און שטאָט, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די כוואַליעס עולים יידן פון אַ גאַנץ יאָר געשפּרייזט דעם שטורמישן גאַנג אין אונדזער לאַנד אַריין, און וואָס ווען זיי קאָן ארץ־ישראל, אין אַלע אירע אויפבוי־עטאַפּן, מעיד זיין: לית אתר פנוי מנהון, ווייל עס איז באמת נישטאָ קיין ווינקל אין ישראל, וווּ עס פיבערט נישט זייער אויפטוערישע האַנט, און זייערע אויפטועז זענען באַשפּינט און פאַרוועבט אין אַלע צויטן און פעדעם פון אונדזער דורך אַלע דורות אויסגעגאַרטער און אין אונדזער דור ממש־געוואָרענער, נאַציאָנאַל־פּאָליטישער רעסטיטוציע.

ה

און אויב מיר רעדן טאַקע דאָ, אין מדינת ישראל, וועגן דער ירושה פון גלות פוילן, באַשטייט זי דאָך אין דריי יסודות. דער ערשטער יסוד לאָזט זיך קורץ דעפינירן: עם אחד מפוזר ומפורד און גוי אחד בארץ, דאָס הייסט: טאַקע צעזייט און צעשפּרייט אָבער איין פאָלק, וואָס האָט איין היסטאָריע, און ווי ווייט דער נעכסן און דער היינט און אפילו דער מאָרגן זאָלן זיך נישט פאַנאַנדערטיילן, איז דער אַלעמען בשותפותדיקער אייערנעכטן גאַראַנטיע און באַשטים פון אַן אַלעמען בשותפותדיקן איבערמאָרגן. דער צווייטער יסוד, וואָס איז געקניפּט און געבונדן מיטן ערשטן, לאָזט זיך נאָך קירצער דעפינירן: אחרית כראשית — אַזוי ווי דער אָנהייב איז געווען אין זייער אייגן לאַנד, אַזוי וועט אויך זייער המשך זיין אין זייער אייגן לאַנד, ווייל ווי גרויס דער איבעררייס זאָל נישט זיין האָט דאָס פאָלק נישט מוותר געווען אויף דעם יסוד־היסודות פון זיין אמונה, וואָס די קליינע דעזאָריענטאַציע פון די לעצטע צוויי־דריי דורות האָט זי נישט דערשיטערט, אָ זאַך וואָס דאַרף היינט, אין סאַמע ברען פון דער רעאָריענטאַציע, נישט באַוויזן ווערן. דער דריטער יסוד לאָזט זיך אָמקירצסטן דעפינירן: תמים תהיה — זאָלסט זיין גאַנץ: וואָס דו האַלטסט פאַר יידישקייט, איז דיך מחייב, בצאתך ובאהליך, אין שטוב און אין גאַס, ברשות היחיד וברשות הרבים; ס'איז אָ תורה, וואָס פאָדערט הלכה־למעשה. ווו דאָס איז באמת מעגלעך אין דער היינטיקער ווערקלעכקייט — דאָס איז די גרויסע קשיא, וועלכע אָ יעדער פוילישער ייד, וואָס איז געטריי זיין שורש, איז זיך אַליין מחוייב צו פרעגן, און אויב ער וועט בשעת קשיא אַנידערלייגן די האַנט אויפן האַרצן — איז קיין ספק־ספיקא נישט, ווי אַזוי עס וועט אויספאַלן די תשובה.

ו

ווען מיט קאַרגע צוויי יאָר צוריק האָבן זיך ביים נשיא פון אונדזער מדינה, ר' יצחק בן־צבי, צונויפגעטראָפן שליחים פון דריי דורות עולי־פוילן, איז עס געווען דאָס זעלבע טאָפּל־געפיל, וואָס באַלייט אונדז אַצינדערט, ביים גרעסערן באַגעגעניש פון שליחים פון די אין אונדזער לאַנד צוזאַמענגעקומענע און אויף דער גאָרער וועלט צעשפּרייטע פוילישע יידן. דער וואָרצל פון דעם דאָזיקן טאָפּל־געפיל שטעקט אין אַ בילד, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אויף דער שוועל פון אויפבוי פונעם בית שני און חזרט זיך איבער איצט אויף דער שוועל פון אויפבוי פונעם בית שלישי; אָט יענץ בילד, וואָס איז באַשריבן אין קורצע און דערשיטערנדיקע ווערטער אין ספר עזרא אַזוי־צו־זאָגן: רבים מהכהנים והלויים וראשי האבות הזקנים אשר ראו את הבית הראשון ביסדו זה הבית בעיניהם, בוכים בקול גדול ורבים בתרועה בשמחה להרים קול, ואין העם מכירים קול תרועת

השמחה לקול בכי העם, כי העם מריעים שמחה גדולה, והקול נשמע למרחוק. טייטש: און פיל פון די כהנים און די לוויים און די אַלטע הויפּלייט פון די פאָטער־הייזער וואָס האָבן געזען דעם בית ראשון מיט זייערע אייגענע אויגן, האָבן ביים לייגן פון גרונטשטיין פון דעם בית שני געוויינט מיט אַ הויכער שטים, און פיל האָבן מיט שאַל און פרייד דערהויבן די שטים, און דאָס פאָלק האָט נישט דערקענט צווישן דער שטים פון פרייד־שאַל און צווישן דער שטים פון געוויין, ווארעם דאָס פאָלק האָט געשאַלט אַ גרויס שאַלונג, און די שטים האָט זיך געהערט פון דער ווייט. מיר פאַרשטייען די שטים פון געוויין — עס איז דאָס געוויין איבערן צאַליקן פאָלק, וואָס איז פון זיין לאַנד פאַרטריבן גע־וואָרן, און נאָר אַ קנאַפּער טייל האָט זיך צוריקגעקערט; מיר פאַרשטייען די שטים פון פרייד — עס איז די פרייד איבערן קנאַפּן טייל, וואָס איז דער לעּ־בעדיקער המשך פון פאָלק און זיין אַרב. מיר פאַרשטייען דאָס געוויין, עס איז אונדזער אייגן געוויין — ווי דער נביא זאָגט: נשארנו מעט מהרבה, און דער טראָפּ איז אויף מעט, מיר זענען געבליבן ווייניק פון פיל, פון יענע מיליאָנען, פלייש פון אונדזער פלייש, ביין פון אונדזער ביין, וואָס דער ווילדער זיווג צווישן דער מנוולער טעווטאָנישער בעסטיע און צווישן דער מאָדערנער טעכניק האָט, מיט דער פאַרשאָלטענער דייטשישער גרינטלעכקייט, פאַרלענדט. מיר פאַרשטייען די פרייד, עס איז אונדזער אייגענע פרייד — ווי דער נביא זאָגט: נשארנו מעט מהרבה, און דער טראָפּ איז אויף נשארנו, מיר זענען געבליבן ווייניק פון פיל, און מיר קאָנען און מוזן אויף זיך און אין זיך טראָגן דאָס שליחות סיי פון די לעבעדיקע סיי פאַר די אומגעקומענע, און דערפאַר טאַקע דאַרפן מיר תמיד האָבן פאַר די אויגן און אין האַרצן די געשטאַלט פון גלות־פוילן, וואָס איז געווען אַ טייל, אַ גרויסער טייל פונעם פאָלק, אָבער תמיד געלעבט מיטן גאַנצן פאָלק און פאַרן גאַנצן פאָלק און זיין באַזונדערן גאַנג אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

[כ"ז טבת, תשכ"א]

# גלות פוילן

א וואָרט ביים דריטן קאָנגרעס פון פוילישע יידן

## מאמר ב׳: וועגן פון זכרון

א

עס זענען שוין אַוועק אַ פּאָר יאָר זינט עס איז זיך צוזאַמענגעקומען אונדזער פריערדיקער קאָנגרעס, וואָס אויך דעמאָלט האָב איך געהאַט דעם כבוד צו זאָגן וואָס מיר איז געווען נאָענט צום האַרצן, און במשך דער צייט זענען מיר, ווי דער שטייגער פון דער וועלט איז, עלטער געוואָרן, און אויב מען וועט דערווייל נישט אויסגעפינען דעם עליקסיר פון אייביקן לעבן, איז די צאָל יאָרן, וואָס ליגן שוין הינטער אונדז, גרעסער פון דער צאָל יאָרן, וואָס ליגן נאָך פאַר אונדז, און אויב ס׳איז דאָ אַן עובדה וואָס מיר — נאָך מער: וואָס בלויז מיר — קאָנען זי אויספירן, דאַרפן מיר זיך אַ ביסל צואיילן, מיר זאָלן זי נישט פאַרשפּעטיקן.

איך ווייס זייער ווויל, אַז מיטן גאַנץ פּונעם זאָג: לעצט און לעצטע דאַרף מען זיין שטאַרק געוואָרנט, און איך וועל מיך באַנוגענען מיט צוויי משלים. דער ערשטער משל איז דער אויפטו פון יום טוב ליפּמאַן צונץ, דער פאָטער פון חכמת־ישראל, וואָס האָט זיך ערלעך באַמיט צו דערגיין צו אירע קוואַלן און זיי גרונטיק דורכצופאָרשן, אָבער דער תכלית פון דער גאַנצער מי האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי אַ שיינע לוויה, וואָס דאָס יידנטום פאַרדינט עס, משמע עס איז אַ חכמה פון לעצט. ווייסן מיר אָבער אויף קלאָר, אַז עס איז נישט געווען קיין לעצט, נאָר אַ מין אָנהייב, וואָס האָט געשפּאַנט פון שטאַפּל צו שטאַפּל, און איז פאַרן דינאַמישן טייל פון פאָלק געוואָרן איינע פון די שטיצעס פון אייגן־באַוווסטזיין, אַזוי אַז די מי פון יענעם גרויסן געלערנטן איז נישט קיין קדיש נאָר גיכער אַ יישר כוח. דער אַנדערער משל איז דער לייב פון די השכלה־פּאָעטן, יהודה לייב גאָרדאָן, וואָס שרייבט אין זיין ליד: למי אני עמל (פאַר וועמען האָרעווע איך) אַזוי צו קלאָגן: אוי ווער פילט וואָס עס גרייט זיך צו קומען, ווער זשע וועט מיר צו וויסן געבן, צי בין איך נישט דער לעצטער פון די ציון־פּאָעטן, צי זענט אויך איר נישט די לעצטע לייענער. עס איז אַ היפּש

שטיק רעטעניש, אַז עס איז אים גאָר נישט געקומען אויפֿן געדאַנק, אַז אַפֿילו ווען ער האָט געוואָרפֿן אַן אומחן אויף די חדרים און ישיבות, האָבן זיי נישט אויפֿגעהערט צו עקזיסטירן, און די צענער טויזנטער חדר־קינדער און טויזנטער ישיבֿה־בחורים זענען אַ לייטיש גוואַראַנציע, אַז ער איז נישט דער לעצטער ציון־פּאָעט און זיינע לייענערס זענען נישט די לעצטע לשון־קודש־לייענערס. האָט זיך דאָך נאָך ביי זיין לעבן, אין „פּרדס", אָפּגעדרוקט ביאַליקס ערשט־לינג — אַ בשורה פֿון אַ נייעם וווּנדערלעכן אויפֿבלי פֿון דער העברעיִשער ליריק, אַ טייל פֿונעם כלל־אויפֿבלי פֿון דער העברעיִשער ליטעראַטור און שפּראַך, וואָס האָט, אַ גוטע צען יאָר פֿריִער, אָנגעהויבן צו ווערן אַ לעבע־דיקע שמועס־שפּראַך, ווי זי ווימלט דאָ איצט צווישן אונדז און אַרום אונדז. הייסט עס, אַז עס שטעלט זיך אַרויס, דאָס יענער קלאָגמוטערישער פּאָעט האָט נישט פֿירגעזען, אַז נאָך האַלט ער זיך פֿאַרן לעצטן פֿון די ערשטע, און שוין איז ער געוואָרן אַ מין ערשטער פֿון די לעצטע און לעצט־לעצטע, וואָס ווען זיך קיין מאָל נישט אויסלאָזן.

ב

קעגן וועמען איז דאָס אַלץ געזאָגט געוואָרן? קעגן די צווישן אונדז וואָס מיינען, אַז זיי זענען טאַקע די לעצטע יורשים פֿון יהדות פּוילן און נאָך זיי וועט זיך איבער אַלעמען אַראָפּלאָזן די דעק פֿון דער מיטה, און מחמת דעם האָבן זיי מורא פֿאַר אויפֿטוען, וואָס פֿאָדערן אַ צייט, וואָס מוז במילא לענגער דויערן נאָך דעם ווי עס וועט טאַקע, נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר, צופֿאַלן די דעק איבער זייער אייגענער מיטה, אָדער זיי מיינען, אַז די אויפֿטוען לאָזן זיך אָפּפּטרן מיט שבתדיקע שטעך. יאָ, פֿאַראַן אויפֿטוען וואָס לאָזן זיך נישט מאַכן אָן אַ לאַנגן אָטעם, און די אויפֿטוען וואָס מיר, לעצטע פּוילישע ייִדן, זענען זיך מכוון צו טאָן, כדי צו דערהאַלטן די ירושה פֿון דער גרויסער ייִדיש־קייט, געהערן בפּירוש צו דעם סאָרט. אַזאַ אויפֿטו איז אַ גרונטיקע געשיכטע פֿון די פּוילישע ייִדן, אַן אידעע, וואָס ישׂראל ריטאָוו האָט זי געוואָרפֿן אויפֿן פֿריִערדיקן קאָנגרעס, ווי די עיקר־איניציאַטיוו, וואָס דאַרף פֿון אים אַרויסגיין, און איז פֿירגעבראַכט געוואָרן אויפֿן איצטיקן קאָנגרעס, לויטן קלאָרן פּלאַן פֿון פּראָפ׳ שמואל עטינגער און לויט דעם פּאַרנעם, וואָס ס׳האָט פֿאַר אונדז אויסגעמאָלן פּראָפ׳ הלל בן־ששון, צוויי פֿאָרשערס פֿון אונדזער געשיכטע אין אייראָפּע בכלל און אין מזרח־אייראָפּע בפרט. דער פּלאַן מיינט אַ פֿלייסיקע און באַשטאַנדיקע פֿאָרש־אַרבעט פֿון קראַנטנעם דאָקומענטאַרישן מאַטעריאַל, כדי עס ווּיסנשאַפֿטלעך־קריטיש צו פּובליקירן, אַ זאַך, וואָס לאָזט זיך נישט מאַכן לויט אונדזער אומגעדולד, וואָס פּאַסט זיך אַפֿילו צו דער טבֿע פֿון אַ

מענטשן, אָבער פּאַסט זיך נישט גאַנץ צו דער טבע פון אַ פֿאָלק, וואָס האָט אויסגעשפּונען די אגדתה וועגן יענעם, וועלכער האָט פֿאַרפֿלאַנצט אַ בוים, וואָס וועט ערשט צייטיק נאָך זיבעציק יאָר, אַזוי אַז פון זיינע פּירות קאָן נישט געניסן נישט דער פֿאַרפֿלאַנצער גופא, אַפילו נישט זיינע זין, נאָר ערשט זיינע אייניקלעך. יאָ, היסטאָריקער פון אַ פֿאָלק זענען אויך פֿלאַנצערס, וואָס אַ סך מאָל אוספּיען זיי נישט זייער אַרבעט צו פֿאַרענדיקן און זיי פֿאַראַרבן עס זייערע תלמידים און די תלמידים פון זייערע תלמידים, אַז זיי זאָלן די אַרבעט ווייטער ציִען און אויסקינטשען, און אויב די ערשטע פֿלאַנצערס וועלן זיך האַלטן פֿאַר די לעצטע, וועלן זיי זיך מיאש זיין פון דער אַרבעט, אַזוי אַז עס וועט קוים־קוים האָבן אַ שיין פון ממש.

ג

אָבער פֿאַראַן זאַכן, ווו מיר זענען בפירוש לעצטע, און כדי דאָס צו אילוסטרירן וועלן מיר ברענגען אַ משל און אַ קעגן־משל. אָט איז שוין לאַנג צייט פֿאַר אַ היסטאָרישן ווערטערבוך פון יידיש, וואָס די פּוילישע יידן זענען געווען פון די עיקר־מחותנים פון איר אַנטוויקל, און שווער אָנצונעמען, אַז מען קאָן דאָס צושטאַנדברענגען במשך איין דור, ווייל דאָס פֿאָדערט אַ גרונטיקן דורכאַקער פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור פון אָנהייב ביז אַצינד, און ווער עס רעדט זיך איין, אַז אַזאַ אויפֿטו לאָזט זיך אויספֿירן, אַפילו אויסנוצנדיק ביז גאָר די הילף פון קאָמפּיוטאָר, אין דעם בינטל יאָרן, וואָס איז אונדזער דור געבליבן, מאַכט פון אונדז און פון זיך דאָס געלעכטער. דערפֿאַר פֿאַרשטייט זיך, אַז ווען עס איז אויפֿגעקומען דער רעיון פון אַזאַ ווערטערבוך, און האָט גענומען אויף זיך פֿלייש און אָדערן, האָט זיך זיין דעקלאַרירטע און קאָנקרעטע אויפֿגאָב אַליין מער באַגרענעצט — נאָך נישט קיין היסטאָרישער, און נישט קיין אַקאַדעמישער ווערטערבוך, נאָר אַ גרויסער — העכסטנס: דער גרויסער ווערטערבוך.

אמת, אויך דער ווערטערבוך, וואָס זיינע צוויי ערשטע בענד ליגן פֿאַר אונדז, שטיצט זיך אויף אַ לייטישער חקירה, אָבער ער איז בלויז אַ מין ערשטער שטאַפּל צו אַ היסטאָרישן ווערטערבוך וואָס וועט אם ירצה השם קומען, און ווייל אַזאַ ווערטערבוך באַזירט בעיקר אויף ליטעראַרישע מקורים — בכתב ובדרוק, איז ניחא נישט איבערצושנאַפּן, אַז דאָס געאייל אין דער צייט זאָל נישט פֿאַרשאַטן דעם פֿאַרנעם און דער פּערפֿעקציע. אָבער נישט אַזוי איז דער ענין פון אַן אַטלאַס פון אונדזער שמועס־שפּראַך, פון גערעדטן יידיש, דאָ איז דאָס איילעניש אַ מצוה, ווייל די אַרבעט שטעלט זיך אויף די יידיש־רעדערס, און איין טייל פון זיי, מיליאָנען, איז שוין מער נישטאָ, אַוועק אין

שווידערלעכן אומקום, און אַן אַנדערער טייל, איז צעזייט און צעשפּרייט און מחוץ די קאַנטן, ווו זיי זענען געבוירן און אויפגעוואַקסן, און ווו די שפּראַך איז געווען מחולק אין לעקסיק, פאָנעטיק וכדומה, אַזוי אַז די פאַרשאַרבעט מוז אָנקומען צו ייִדיש־רעדערס, וואָס לעבן איצט מחוץ יענע קאַנטן, און די אויטענטישקייט פון זייער עדות ווערט אַלץ וואַקלדיקער און אַלץ שיטערער.

דערפאַר טאַקע, זעענדיק ווי יודל מאַרק, זאָל לעבן, שטייט ביים וואַרשטאַט פון דעם גרויסן ייִדישן ווערטערבוך, ווינטש איך אים אַז ער זאָל אים וואָס גיכער איבערפירן אַהער, צו אונדז אין לאַנד אַריין, וואָס איז איצט דער סאַמע צענטער פון יודאַיִסטיק, און בענטש זיין ווערק, עס זאָל האָבן אַ לאַנגן אָטעם, אָבער זעענדיק אוריאל ווייַנרייך, עליו השלום, ביים וואַרשטאַט פון דעם גרויסן ייִדיש־אַטלאַס, וואָס אַ טייל פון זיין אַרבעט איז געטאָן געוואָרן דאָ, ביי אונדז אין לאַנד, האָב איך אים אויך דאָס זעלבע געווונטשן און האָב געבענטשט זיין ווערק מיט אַ גיכן טעמפּאָ, ווייל אַ יעדער טאָג, וואָס גייט אַוועק אומגעפּאַרשט איז אַן אבידה, וואָס לאָזט זיך נישט מער פאַרריכטן.

און דער דין פון אַן אַטלאַס פון ייִדישע דיאַלעקטן (דעסגלייכן פון אַלע איבעריקע ייִדישע לשונות) איז חל אויף אַלע ענינים, וואָס לעבן זיך בעיקר אויס בעל־פה, און דאַרפן פיקסירט ווערן בכתב, דערהויפּט זאַכן פון זכרון, מסורה, פאָלקלאָר וכדומה. און די קורצע צייט, וואָס שטייט צו אונדזער רשות, סטימולירט טאַקע אַלע, וואָס פאַרנעמען זיך דערמיט.

ד

יאָ, פאַראַן זאַכן, וואָס מיר, די לעצטע פוילישע ייִדן, זענען גריילעך די לעצטע, פונקט ווי עס זענען פאַראַן זאַכן, וואָס אונדזערע ברידער פון אַנדערע פאַרלענדטע גלותן, זענען גריילעך די לעצטע, און מיר און זיי טראָגן דאָס אחריות פאַר זיי, און אויב מיר און זיי דרייען זיך דערפון אויס, וועלן מיר זיך דאַרפן פאַרענטפערן פאַרן בית־דין פון אונדזער געשיכטע. און מיר וועלן ברענגען אַ משל דערצו — ווען מען האָט אויפגעשטעלט דעם „יד ושם“ (און איך בין ווייט נישט געווען גליקלעך מיט וואָס פאַראַ מיטלען מען האָט עס געטאָן) איז איינס פון די עיקר־אויפגאַבן זיינע געווען צו ראַטעווען די אויסגעהרגעטע פון דער שרעקלעכסטער קללה, וואָס האָט געלאָקערט אויף זייער געדעכעניש — אַז זייערע נעמען זאָלן, חלילה, נישט אויסגעמעקט ווערן; כדי דאָס צו פאַרמיידן זענען געווען באַשטימט די בויגנס „יד ושם“, און מיר זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו פאַרשרייבן די נעמען פון אונדזערע אויסגעהרגעטע קרובים און באַקאַנטע, אָבער למעשה איז בלויז אַ טייל נעמען פון די אומגעקומענע פאַרשריבן געוואָרן, און ווען איך בין דאַנומלט געווען אין דער אינ־

סטיטוציע און דער לייטער כתריאל כץ האָט האָט מיר געוויזן דעם באַזונדערן זאַל, ווו די פנקסים זענען אויסגעסדרט, און האָט פאַר מיר איין פנקס געעפנט, האָט זיך מיר אַ יעדער נאָמען אויסגעוויזן ווי אַ לעבעדיק באַשעפעניש, וואָס זיין נאָמען דערהאַלט זיך אין זכרון פון פאָלק, אָבער מיין האַרץ האָט געוויינט אויף די מיליאָנען נעמען, וואָס האָבן זיך נישט דערהאַלטן און זענען נישט פאַרשריבן געוואָרן, און נישט מחמת דעם וואָס אַ כת מגוולים וויל מינימיזירן די צאָל פון אונדזערע קדושים, נאָר מחמת דעם, וואָס מיר און אונדזערע קינדער, דאָס יידישע פאָלק, וועט נישט וויסן זייערע נעמען, און כאָטש עס איז שוין איצט שפעט, דען דערווייל האָט דער טויזנטאויגיקער אויך צווישן אונדז זיינס געטאָן, און אויך מיר וואָס לעבן נאָך, קאָנען זיך נישט באַרימען, אַז אונדזער זכרון הייגט דינט אונדז ווי אַ מאָל, רוף איך צו באַנייען דעם אויפטו איך כלערליי דרכים, כדי צו פאַרריכטן דעם חטא, וואָס הויערט אויף אונדז אַליין.

מיר דאַרפן געדענקען, אַז מיר זענען די לעצטע, וואָס האָבן געקענט דאָס יידישע פוילן פון אייגענעם אינטימסטן דורכלעבעניש, וואָס פאַרמאָגט עלע־מענטן, וואָס קיין שום באַהאַוונטקייט פון אַ קומענדיקן היסטאָריקער און קיין שום אינטויציע פון אַ קומענדיקן פאָעט קאָנען זיי נישט פאַרבייטן, און מיר זענען מחויב צו פאַרירשענען אָט די אינטימע ידיעה די קינדער אונדזערע.

## ה

והיה כי ישאלך בנך מחר, טייטש: און עס וועט זיין, אַז דיין זון וועט דיך פרעגן מאָרגן — איז אַ בפירושער פסוק, וואָס קומט צוויי מאָל פיר אין דער תורה, און מיר חזרן אים איבער ביים סדר, זאָגנדיק די הגדה, און מען האָט שוין געפרעגט; הלמאי שטייט: כי ישאלך בנך, טייטש. אַז עס וועט דיך פרעגן דיין זון, און נישט: אם ישאלך בנך, טייטש: אויב עס וועט דיך פרעגן דיין זון, און דער תירוץ איז, אַז עס איז זיכער, דאָס דער זון וועט פרעגן, נאָך דעם ווי ער וועט זען, אַז דער טאַטע זיינער פראַוועט באַזונדערע דינים און מנהגים, וואָס מוזן דערוועקן דעם זונס שאלה. אויך האָט מען שוין געפרעגט, הלמאי שטייט בנך, טייטש: דיין זון, משמע אַ זון פון אַ טאַטן, וואָס איז געווען אין מצרים און איז אַרויס פון דאָרט, בשעת מען מיינט דאָך, בעצם, יעדן טאַטן און יעדן זון, וואָס וועלן זיין אין אַלע דורות, און דער תירוץ איז, אַז אַזוי ווי דער טאַטע, וואָס איז געווען אין מצרים און איז אַרויס פון דאָרט, האָט פאַרענטפערט דעם זונס קשיא, וועט אויך דער זון זיינער, וואָס איז שוין נישט געווען אין מצרים, זיך נוהג זיין ווי זיין טאַטע האָט זיך נוהג געווען, און במילא וועט זיין זון אויך פרעגן, וואָס ער האָט געפרעגט, און אַזוי איז דאָס לשון בנך, דיין

זון, חל אויף אַלע דורות, פונקט ווי דאָס לשון מחר, איז חל אויף אַלע דורות, און אַלץ צוליב דעם, וואָס דער ערשטער פּאָטער, וועלכער איז געווען אין מצרים, האָט זיין טאָפּל דורכלעבעניש, סיי אין הויז פון די קנעכט סיי אין דער פריי, פאַרירשנט זיין ערשטן זון. און עס זענען איבעריק לאַנגע רייד, כדי צו פאַרשטיין, אַז מיר די לעצטע פּוילישע ייִדן, זענען אין דעם מעמד פון יענעם ווייטן, ערשטן פּאָטער, וואָס האָט געענטפערט אַן ענטפער פון דורכלע־בעניש און געדעכעניש און עס פאַראַרבט זיין זון, אַז ער זאָל מסוגל זיין עס צו פאַראַרבן אַלע, וואָס וועלן קומען נאָך אים.

מיר זענען באַשטימט צו פאַרפלאַנצן די וויזיע און דאָס תמצית פון דער וועלט, וועלכע מיר האָבן דורכגעלעבט, אין האַרצן פון אונדזערע קינדער, די קינדער פון גאַנצן פאָלק און אַלע זיינע שבטים, און בעיקר די, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אין אונדזער לאַנד, דעם גוף און דער נשמה פון דער גאַנ־צער אומה.

ו

ווי אַזוי דערוועקט מען דעם זון, ער זאָל פרעגן — אָט דאָס איז די קשיא. אָבער אויף איר איז שוין לאַנג דאָ דער תירוץ: וכאן הבן שואל, טייטש: און דאָ פרעגט דער זון. און ווו איז דער דאָזיקער דאָ? אין דער הגדה. די הגדה פון די פּוילישע ייִדן, וואָס פאַרמאָגט אַ פּאָר שליסל, אָבער דער בעסטער פון זיי, וואָס מאַכט אויף די הערצער פון קינדער, איז די שיינע ליטעראַטור, וואָס פּוילישע ייִדן האָבן אויסגעשפּונען צווישן זיך און וועגן זיך. און די ליטע־ראַטור ליגט דאָך גרייט פאַר אונדז — דאָס רוב אין אונדזערע ביידע שפּראַכן, בעיקר ייִדיש, און עפּעס אויך גויִש, און עס איז נישטאָ, נישט געווען קיין גרודע אָדער קרישטאָל, קיין געשעעניש אָדער ניק, אין ייִדישן לעבן, וואָס זענען אין דער ליטעראַטור נישט צום פולן אָדער פראַגמענטאַרן אויסדרוק געקומען, אַזוי אַז עס לאָזט זיך פון איר לערנען די אינעווייניקסטע געשיכטע, פיל מאָל רעגנטגעניש דורכגעשטראַלט, בעיקר אין די לעצטע דורות, זינט די ליטעראַטור איז אַרויס פון אירע וויקעלעך און האָט זיך באַפרייט פון כלערליי זייטיקע שיקלענישן און האָט געפּאַקט דאָס פונדאַמענטאַלע שטייגערישע און פּסיכאָלאָגישע, און האָט אויסגעצייטיקט אַ יכולת פון טאָטאַלן באַנעם. סיי אַ דאַנק די, וואָס זענען מסוגל געווען אויפצושטעלן דעם גאַנצן בנין מיט אַלעמען, איבער אים און אונטער אים און אַרום אים; סיי אַ דאַנק די, וואָס זענען פּעיִק געווען אויפצושטעלן בלויז זיינע פליגלען און ווינקלען, וואָס האָבן זיך, אין באַוווסטזיין פון די לייענער, צוזאַמענגעשלאָסן ווי אַ גאַנצער בנין. ווי אַ גאַנצער — משמע: מיט אַלע ווידעראַנאַנדן, וואָס אַפילו ווען זיי

צעקנייטשן דעם שלום־בית, זענען זיי די לעבעדיקסטע עדות פון דעם שלי־מות־הבית.

מיר וועלן זיך איצט נישט אַריינלאָזן אין פּרטים, לא כל שכן אין פּרטי פּרטים, פון דעם פאַרשיידענעם אָפּשפּיגל פון דעם פּויליש־ייִדיש לעבן אין דער ליטעראַטור, ווייל אַפילו אַ דערקלער, וואָס איז בלויז בכוח דערוועקן דעם אַפּעטיט, פאַרלאַנגט אַ היפּש שטיקל צייט. מיר וועלן בלויז אָנווינקען אויף אַ סכעמע פון אַ פּראָגראַם, וואָס בעט זיך דורכגעפירט צו ווערן — דורכפאָרשן די ליטעראַטור, כדי אויסצוגעפינען יענע שאַפונגען, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער כלל־פּאַנאָראַמע אָדער פאַר לאחדים־בילדער פון לעבן פון די פּוילישע ייִדן, מיט אַ טאָפּעלעם באַדינג — דער אינהאַלטלעכער ווערט מצד איר אויטענ־טישקייט, די פאָרמאַלע וואָג מצד איר קינסטלערישקייט, און ווו די צוויי תנאים דערגאַנצן זיך מעגן מיר די שאַפונג אַריינגעמען אין אוצר פון די קאַפּיטלען, וואָס פון זיי וועט זיך צוזאַמענשטעלן די פלאַנירטע הגדה של יהודי פּולין. פּראַקטיש דאַרף מען צוזאַמענשטעלן לפחות צוויי טויזנט פּראָזע־איינסן, אפשר בעיקר פון דער נאָוועליסטיק, ווייל אַ נאָוועלע איז ווי אַן עולם קטן און באַלייכט דאָס לעבן מיט זיינע קריזן און ווענדן, שטרעמונגען און איבערגענג, געדאַנקען און געפילן, יום־טוב און אין דער וואָכן, פּרנסות און מלאכות, בילדונג און דערציִונג, טיפּן און געשטאַלטן, הכל לאשר לכל, און דאָס זאָל מען דערלאַנגען, מיט אַ צוגאָב פון קורצע אָבער אויסשעפּנדיקע דערקלערן, סיי אויף אַן אופן, וואָס ווייזט זיך מיר אויס דער פּאַסיקסטער — אַ זייט אָריגינאַל קעגן אַ זייט איבערזעץ, אָדער בלויז אין איבערזעץ, און דערלאַנגען זאָל מען עס די קינדער פון אַלע שבטים, דעם גאַנצן קיבוץ־גלויות, אַז זיי זאָלן פילן און זען דאָס געשטאַלט פון דעם גרויסן ייִדישקייט אין זיין קאַליריקער עשירות און זאָלן זיך לערנען עס ליב האָבן, ווי אַ פאָלק האָט ליב אַ יעדן שבט פון זיינע שבטים, בפרט אַ שבט, וואָס איז געווען אַ צאָל דורות דער חוט־השדרה פון דער פאָלקס־געשיכטע און האָט פאַרפעסטיקט דעם כוח פונעם גאַנצן פאָלק.

והיה כי ישאלך בנך מחר, אַז דיין זון וועט דיך פרעגן מאָרגן, טאָקע מאָרגן ממש, וועסטו מאָרגן, טאָקע מאָרגן ממש, אים דערלאַנגען די הגדה של יהודי פּולין, און ווער עס איז פאַר דעם אויפטו, וואָס מיר ווילן אים אָנהייבן מאָרגן, טאָקע מאָרגן ממש, זאָל צושטיין צו אונדז.

[כ״ח ניסן תשכ״ט]

# ביים טאָפּל־טויער

צום טאָגבוך פון משה פלינקער

די בלעטער, וואָס מיר האָבן איצט פאַר זיך, זענען דאָס טאָגבוך פון אַ זעכצן־יעריק ייִנגל, משה פלינקער, — ער האָט דאָ פאַרבאַהאַלטן זיינע איבערלעבע־נישן און טראַכטענישן, בשעת ער מיט זיין משפּחה, בסך הכל ניין נפשות, האָבן געוווינט אין בעלגיע, ווו זיי האָבן זיך געפּרוווט אָפּראַטעווען, נאָך דעם ווי זיי זענען אַוועק פון האָלאַנד, און עס האָט זיי דערגרייכט דער סוף פון די מיליאָנען ברידער אין אייראָפּע. עס איז אַ וואָגיקער און באַגלויבטער דאָקומענט, און בתורת דאָקומענט פון אַ משיח־לפּי־תומו, גיט ער אונדז אַ תשובה, איינע פון די תשובות, אויף דער גרויסער שאלה, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער נשמה פון אַ ייִנגל אויף דער שוועל פון צוויי טויערן — דער טויער פון דער וואָר, און דאָס מיינט די וואָר פון אומקום; דער טויער פון דער מחשבה, און דאָס מיינט די מחשבה פון גאולה. מיר זאָגן: איינע פון די תשובות, ווייל שטריכן וואָס זענען צעוואָרפן אין די דאָזיקע בלעטער, און קייטלען זיך צוזאַמען צו אַ ביאָגראַפיש בילד פון יונגן שרייבער, לאָזן אונדז פאַרשטיין זיין עיקר־כאַראַקטער און זיין עיקר־דערציִונג, וואָס האָבן אים באַפעיִקט, סיי צו דעם באַזונדערן באַנעם און סיי צו דעם באַזונדערן אָפּרוף, וואָס רעדט צו אונדז אַזוי קלאָר פון זיינע ווערטער. אַ קינד פון אַ ייִדישער משפּחה אין פּוילן, וואָס האָט אַליין אָפּגעהיט און אַנדערע באַוויגן אָפּצוהיטן מצוות, היפּשלעך באַענט צו געוויסער חסידות, איז ער גופא שוין געבוירן געוואָרן, אויף דער עמיגראַציע, אין האָלאַנד, אָבער ער האָט זיך געכאָוועט אין דער אַטמאָספער פון אַ שטוב אָנגעזאַפּט מיט מסורה און שטייגער, וואָס זענען נישט געניזוקט געוואָרן מחמת דער השׂכּלה זיינער, וואָס האָט אַרומגענומען עטלעכע שפּראַכן, און צווישן זיי און, בעצם, דערהויפּט, העברעיִש. אין איר האָט ער טאָקע געשריבן זיין טאָגבוך, און ער באַנוצט זיך מיט איר גאָר געלענק און לעבעדיק. אַזוי ווייט, אַז ער מאַכט אין איר אַפילו אינטערעסאַנטע שפּראַכלעכע חידושים, וואָס דערקלערן זיך דורך זיין פולקומענער אָפּגעשלאָסנקייט פון איר לעבנס־שטראָם.

דאָס טאָגבוך זיינס לאָזט זיך אָפּשאַצן פון כמה אַספּעקטן. עס איז דאָך אַן אויסטערליש דאָקומענט — אַ ייִנגל וואָס זיין משפחה שטאַמט פון מזרח־אייראָפּע, אָבער ער אַליין איז שוין אויסגעוואַקסן אין מערב־אייראָפּע, און אין דער איינזאַמקייט פון זיין באַהעלטעניש לעבט ער מיט אַ שאַרפער אינטויציע דורך דעם גורל פון ייִדישע פאָלקסמאַסן. ווי ווייט די דאָזיקע אינטויציע גרייכט, לערנען מיר אָפּ פון יענע שטעלן אין זיינע ווערטער, ווו ער אַנטפּלעקט, וואָס עס איז נאָך דעמאָלט געווען פאַרהוילן פון עלטערע פון אים, סיי אין יאָרן און סיי אין ניסיון — בשעת זיי זענען זיך כלל נישט משער, אַז די מאַסן ייִדן, וואָס ווערן פאַרכאַפּט און פאַרשיקט קיין מזרח, כדי זיי, לויט אַן אויס־גערעכנטן פּלאַן, צו פאַרלענדן, לערנט דאָס ייִנגל אַרויס בדרך עקיפין: פון אַ דייטשישן אָפיצירערס אַ רעדע פאַר זיינע חברים, פון דער רעזשי פונעם פילם „יוד זיס" וכדומה. עס איז פאַר אים גענוג צו האָבן געזען דעם פילם, עס זאָל זיך אין אים איינפלאַנצן אַ מין זיכערקייט, אַז אויב עס וועט נישט געשען קיין נס, גייען די ייִדן אונטער. די אינטויציע, וואָס עלטערע און גע־פּרוווטערע האָבן זי נישט פאַרמאָגט, ווייזט זיך אין איר שאַרפער בילדלעכקייט, ווען דער מחבר באַשרייבט אַ סאַליע, ווו דער רוב פרייט זיך און דער מיעוט טרויערט, און פון מאָל צו מאָל רייסט מען אַרויס צווישן די טרויעריקע און מען פאַרשלעפּט זיי אין אַ זייטיקער שטוב און דאָרט דערוואַרגט מען זיי.

אַוודאי איז די אינטויציע די סיבה פון דעם ייִנגלס ראַנגלענישן אין דער באַזונדערער מערכה פון זיין רייכער משפחה, וואָס עס האָט זיך איר איינגע־געבן, מיטן איינקויף פון זיך־רעכט, זיך אויסצודרייען פון דער גזירה, פאַר־כאַפּט און פאַרשיקט צו ווערן, כאָטש די גזירה האָט איבער זיי שטענדיק געהאָנגען און האָט זיי צום סוף דערגרייכט. אין געמיש פון געשפּאַנטקייט און אויפלייז (דאָס ייִנגל שפּאַצירט איבער די גאַסן, לערנט אין שול, גייט אַפילו אין סינעמאַ), יענער געמיש, וואָס פילט זיך בולט ווי דער פאַן פון זיין טאָגבוך און זיין אַרום, האָט זיך אויסקריסטאַליזירט זיין באַזונדערער אופן צו רעאַגירן אויף דער קאַטאַסטראָפע, און האָט זיך אויסגעשפּונען זיין פאַרווייטיקטער און תמי־מותדיקער פּרווו צו דערגיין דעם באַטייט פון דער קאַטאַסטראָפע און זי אויס־צוטייטשן.

ב

זיין אויסטייטש שפּאַרט זיך אָן אויף אַ באַזע, וואָס די קאַטאַסטראָפע קאָן זי נישט אויפטרייסלען — עס איז די אמונה אין באַשעפער און זיין השגחה, וואָס איז ממילא געקניפּט מיט דער אמונה אין דער אויסדערוויילטקייט פון זיין פאָלק. אין פלוג דוכט זיך, אַז אַזאַ זיכערקייט וואָלט דאָך באַדאַרפט דערלייכטערן און

באַרויקן, אָבער אין דער אמתן האָט זי אים דערשוועמט און אויפגעשטורעמט — דער גורם דערצו איז דער שטענדיקער אַקעגנשטעל פון ממשות און אמונה. מחמת דעם ווייזט זיך דער כאַראַקטער פון זיין אמונה ווי אַ משונהדיק געמיש פון תמי־מותדיקייט און פּאַראַדאָקסיע, און דער שפּיץ איז אין זיין באַנעם פון דער גאולה. אָט די פּאַראַדאָקסיע ווערט גאָר בולט ביים ליכט פון דער דערקענטעניש איבערן אויפּרייס פונעם באַצי צווישן שולד און שטראָף: „די צרות זענען שוין אַ סך גרעסער פון אונדזער זינד". נאָך מער, די צרות ווייזן זיך נישט בלויז גרעסער, נאָר אַנדערש, דיאַמעטראַל אַנדערש — ער באַטאָנט דאָס נייע אין עצם כאַראַק־טער פון דער צרה, וואָס האָט געטראָפן דעם איצטיקן דור לגבי די צרות, וואָס האָבן געטראָפן אַנדערע דורות, און ער פּרוּווט דעפינירן דאָס דאָזיקע נייע דורך דעם וואָס ער הייבט אַרויס זיין אַלגעמיינקייט, אָפּיציעלקייט, געזעצלעכקייט: „אַזוי ווי עס איז אַן איסור גנבענען, אַזוי איז עס אַ מצווה רודפן יידן". די באַזונדער־קייט פון דער עצם צרה — פאַרזיכערט די באַזונדערקייט פון איר אויסגאַנג, און דאָס איז דער אויסגאַנג פון גאולה, וואָס וועט קומען נישט מחמת דער גערעכטי־קייט פון די יידן, נאָר מחמת דער זינדיקייט פון זייערע פיינטקער, אַזוי אַז די טאָטאַליטעט פון די יסורים איז אַ גאַראַנטיע פאַרן שלימות פון דער גאולה. דער דאָזיקער באַנעם קייטלט זיך אָן אין באַנעם פון אַן אַבסאָלוטער צווישנשייד פון יידן און גויים, ווי אַן אַבסאָלוטער צווישנשייד צווישן דעם כלל געפייניקטע און דעם כלל פייניקער, צווישן דעם כלל געיאָגטע און דעם כלל יאָגערס. דערפאַר זעט דאָס יינגל נישט קיין חילוק צווישן די קעמפנדיקע צדדים און זיי זענען ביי אים אַלץ איינס — דייטשלאַנד ווי רוסלאַנד, דייטשלאַנד ווי אַמעריקע, אַדרבא, זיין צווייפל אויב ענגלאַנד האָט דאָס רעכט צו געווינען די מלחמה, איז נישט קלענער פון זיין זיכערקייט, אַז דייטשלאַנד מוז זי געווינען, עס איז אַ דיאַלעקטי־שער מוז, ווייל סיי דייטשלאַנד סיי אירע פיינט פאַרפולן דאָך אין דער דאָזיקער מלחמה אויך אירע אַכזריותדיקייטן — די זינד פון אמורי. אמת, אַז מען קוקט זיך איין, זעט מען, אַז דאָ און דאָרט וואַקלט זיך די דאָזיקע דיאַלעקטיק, אָבער דאָס איז נוגע בלויז דעטאַלן, אין־גאַנצן־און־אין־גרויסן האָבן מיר דאָ אַ פעסטן באַנעם, אַז די באַזונדערקייט פון דער דאָזיקער מלחמה באַשטייט אין דער באַ־זונדערקייט פון איר כאַראַקטער און איר אויסגאַנג, און דער אויסגאַנג וועט זיין, אַז קיין איינציקער פוןביידע צדדים וועט נישט זיגן, אַ מין שוידערלעכער מעמד, וואָס צווינגט דעם אייבערשטן זיך אַריינמישן. אַ סך מאָל רעדט זיך טאַקע אין די בלעטער וועגן נסים וואָס מוזן געשען, אָבער די אַלע נסים זענען נישט מער ווי אַ פּסעוודאָנים פאַר איין איינציקן נס — די אינטערווענציע פונעם באַשעפער בכבודו ובעצמו. עס איז אַ חידוש און נישט קיין חידוש, וואָס דאָס יינגל האָלט, אַ פּנים, אַז די אייבערשטע אינטערווענציע, פּונקט ווי זי אַנדערשט נישט איבער

די פריִערדיקע רעאַליטעט פאַר איר, אַנדערשט זיך אויך נישט איבער די שפּע־טערדיקע רעאַליטעט, און פּונקט ווי די געזעצן פון דער נאַטור און דער ווערק־לעכקייט האָבן פריִער געהערשט, וועלן זיי אויך שפּעטער הערשן.

די דערקענטעניש, אַז ייִדן וועלן אָפּגעראַטעוועט ווערן דורך דער גאולה אין זייער לאַנד, און דאָס וועט געשען דרך הנס, אָבער די מדינה ווי אַ פּרוכט און אַ סובסטראַט פון דער גאולה, וועט זיך פירן בדרך הטבע, פאַרהעלפט דעם ייִנגל אויסצושפּינען זיין חלום וועגן זיך אַליין — דער באַשלוס צו ווערן דער אָנפירער פון דער ייִדישער פּאָליטיק. ווי ווייט חלום און וואָר זענען דאָ צוזאַמענגעוואָרפן, קענען מיר אַרויסדרינגען דערפון, ווי אַזוי ער מאָטיווירט זיין באַשלוס און ווי אַזוי ער פּרוווט זיך דערצו צוצוגרייטן — די מאָטיוואַציע: די אויפגאַב פאָדערט נישט קיין רעגולאַרע לימודים; דער צוגרייט: ער לערנט גאָר פלייסיק אַראַביש און ער גיט אויך אָפּ אַ דין וחשבון ווי ווייט ער איז דערינען דערגאַנגען. וואָס שייך דין־וחשבון איז כדאי צו דערמאָנען, אַז ער גיט אים אָפּ בלויז איבער זיין העברעיִשן לייען־מאַטעריאַל; און איבער פּרעמדשפּראַכיקן לייען־מאַטעריאַל הערן מיר, חוץ צייטונגען, גאָרנישט. פון דעם דין־וחשבון לערנען מיר, אַז תחילת האָט ער געזוכט אין דעם לייענען אַן אילוזיע, וואָס איז גיך צו נישט געוואָרן — בעיקר האָט ער געלייענט די בענד פון „התקופה", אָבער ער גיט איבער דעם געלייענטן אַרויס אַ גאָר שווערן פּסק־דין. דער יונגעטשקער לייענער וויל נישט און קאָן נישט אָפּשאַצן די דאָרט באַהאַנדלטע טעמעס און פּראָבלעמעס פאַר זיך, מחוץ דעם קרייז פון דער קאַטאַסטראָפע און איר צייט, און ממילא פּסלט ער זיי מיט אַ האַרבן זאַג: „נול מיט נול לגבי דעם וואָס געשעט איצט". דער קוק האָט זיך מסתמא אויך געשטאַרקט מכוח זיין דערציִונג, וואָס האָט אים נישט איבעריק באַפּעיִקט צו באַנעמען ליטעראַטור־ווערטן ווי ווערטן פאַר זיך גופא, אָבער דער האַרבער פּסק־דין שטעלט זיך אויך נישט אָפּ פאַרן תנך — ער צווינגט זיך אים צו לייענען. צו ערשט רעדן די געווינטלעכע פּרקים נישט צו זיין האַרצן, צום סוף רופט זיך דאָס האַרץ אָפּ אויף אַ פּאָר פּרקים, ווי ספר ירמיהו און מגילת איכה. אַנדערש האַלט עס מיטן מיטלעלטערלעכן פּייט — די פּיוטים, וואָס ער אַליין פּלעגט אָפּחוזקן איבער זייער בוי און פאָרעם, רעדן אים איצט פון האַרצן און צום האַרצן, און דער גורם דערצו איז די שטאַרקע ענלעכקייט צווישן דעם מעמד פון ייִדן אין דער איצטיקער צייט און דעם מעמד זייערן אין יענער צייט, כאָטש מיר האָבן שוין געהערט איבערן אַבסאָלוטן חילוק צווישן די איצטיקע צרות און אַלע פריִערדיקע צרות.

ג

עס איז אַ ספק, אויב מיר קאָנען אַנטשיידן, בפרט גאָר גענוי, אין דער האַר־בער קשיא, וואָס האָט דאָס ייִנגל אַריינגעבראַכט אין זיין קאַטאַסטראָפע־איבער־

לעבעניש און וואָס האָט ער פון איר אַרויסגעבראַכט. מיר האָבן בלויז אַ לייכטן אָבער געגוג קלאָרן ווונק צו געפינען אַ שטיקל תירוץ דערצו. מיר מיינען דאָ די אומבאַקאַנטע צאָל אין חשבון — דאָס געשטאַלט פון זיין רבין, וואָס מיר ווייסן בלויז זיין משפחה־נאָמען, גרעבל, און הערן פונעם תלמיד אַ מיט בענ־קעניש דורכגעזאַפּטן לויבגעזאַנג וועגן אים. דוכט זיך אונדז, אַז די יסודות פונעם יינגלס דעות האָט ער טאַקע פון זיין רבין. איין מאָל לאָזט עס אונדז דער תלמיד בפירוש וויסן — עס זענען זיין רבינס פאַר געציילטע ווערטער וועגן מלחמת גוג ומגוג, וואָס וועט קומען. בעצם, איז דאָ שווער אַנצוווענדן דאָס לשון: וועט קומען, ווי דער יונגער שרייבער ווענדט עס אָן, ווייל לויט זיין אייגענעם באַשרייב און זיינע אייגענע דעפיניציעס איז שוין די איצטיקע מלחמה מלחמת גוג ומגוג, וואָס וועלן קיינס נישט מנצח זיין, ווייל דער לעצטער נצחון איז דעם אייבערש־טנס. נאָך מער, פון צווישן די שורות שפּאַרן אַפיר, און צו מאָל באַשיינפּערלעך, בולטע סימנים פון דעם, וואָס דער רבי האָט מיט אים געקנעלט. אָט זעען מיר, אַז דאָס יינגל איז אימפּולסיוו און מיר חידושן זיך כלל נישט, אַז ער רייסט זיך עפּעס אויפצוטאָן — אַ שטייגער דער פּלאַן זיינער זיך אַריבערצוראַטעווען קיין ענגלאַנד, דער פּלאַן זיך צו לאָזן מיט די מעפּילים קיין ארץ־ישראל. אָבער דאָס זענען בלויז פאַרבייַיקע פּלאַנען, בשעת דער באַשטאַנדיקער, פעסטער פּלאַן איז צו פאַרלאָזן זיין קנאָפּ געזיכערטע שטוב און זיך לאָזן פרייוויליק ווי אַן אַר־בעטער קיין מזרח־אייראָפּע, כדי מיטצומאַכן די ביטערע דאָליעס פון די מאַסן פאַרכאַפּטע און פאַרטריבענע. דאָס הייסט, אַז אַפילו ווען עס באַהערשט אים אַן אַקטיוו געמיט, איז די טענדענציע אירע אַ פּאַסיווע. דאָס טרייבט אויך פון אים אָפּ דאָס, וואָס וואָלט זיך פון זיך אַליין פאַרשטאַנען, דעם ווילן זיך נוקם זיין, אָדער ווי ער אַליין זאָגט עס: „אַז יעדער ייִד, וואָס קאָן טראָגן אַ שווערד זאָל זיך אַ שטעל טאָן און באַפּאַלן אַ דייטש". אמת, ער באַנוצט זיך דאָ מיט דער איינער דערקענטעניש זיינער, וואָס זעט נישט קיין חילוק צווישן די צדדים, אַזוי ווייט, אַז ער האַלט, דאָס נקמה הייסט אייגנטלעך זיך אַנטקעגנשטעלן דער גאַנ־צער וועלט; פּונקט ווי ער באַנוצט זיך מיט דער אַנדערער דערקענטעניש זיינער, אַז אונדזער נקמה איז דער אויפבוי פון אונדזער לאַנד און דער צוריקקער פון אונדזער פאָלק צו איר; אָבער אַז מען הערט זיך גוט איין, כאַפּט מען דאָס ווידערקול פון דעם פּסוק, כאָטש דאָס יינגל דערמאָנט אים נישט; ד' ילחם לכם ואתם תחרישון (= דער אייבערשטער וועט שטרייטן פאַר אייך און איר וועט שווייגן), פּונקט ווי מען כאַפּט דאָס ווידערקול פון מדרש אגדה איבער די יוצאי מצרים, וואָס טייטשט: יונתי בחגוי הסלע (= מיין טויב אין די שפּאַלטן פון פעלדז) — די טויב אַנטלויפט פאַר דעם ערשטן נאָכיאָגער, דער פאַרציקנדיקער שפּאַרבער, און זי ראַטעוועט זיך אין לאָך און דאָ טרעפט זי דער אַנדערער נאָכ־

יאָגער, די בייסנדיקע שלאַנג, און צאַפּלענדיק צווישן שפּאַרבער און שלאַנג, פּאַכעט זי מיט די פליגלען אירע און שרייט, קומט דער בעל־השובך (דער באַזיצער פון טויבנשלאַק) און ראַטעוועט זי.

מען מוז מודה זיין, אַז דאָס ייִנגל ראַנגלט זיך מיט דעם יסוד פון זיין באַנעם, און אַ גרויסע ראָל פון דעם געראַנגל, כאָטש די ראָל איז ווי פאַרשלונגען אין די טאָגבוך־בלעטער, שפּילט דער ציוניזם, וואָס ער באַמיט זיך אים צו סינטעטיזירן מיט די עלעמענטן פון זיין קוק, ווי מיר לערנען אָפּ פון זיין פּרווו פון אַן אַנדערן נוסח פון אונדזער הימנע:

„עוד לא אבדה תקותנו / התקוה משנות אלפיים / להרחם מאלקנו / אלוקי ציון וירושלים" (=נאָר איז נישט פאַרלוירן אונדזער האָפונג, די האָפונג פון צוויי טויזנט יאָר, מיר זאָלן דערבאַרעמט ווערן פון אונדזער גאָט, דער גאָט פון ציון און ירושלים).

דעם געראַנגל זעען מיר גאָר בולט, ווען ער דערוווסט זיך איבער די שטילע צוגרייטן פון די ייִדן און אַראַבער צו אַ מלחמה צווישן זיך — איצט דערוועקט זיך אין אים אַ גאַרעניש נאָך אַקטיוויטעט „זיך צוצושאַרן צו זיי, צו מיינע ליב־לעכע ברידער און זיי העלפן אין זייער מלחמה און נאָך אין אַנדערע זאַכן". און וואָס שייך ציוניזם, איז כדאי אַרויסצוהייבן צוויי שטריכן — פון איין זייט דער האַרבער פּסק איבער ווייצמאַן, ווייל ער קלערט נישט ווי עס קלערט דאָס ייִנגל, און איז צוגעשטאַנען צו איינעם פון די צדדים, און ער איז אַפילו געגאַנגען צו רוזוועלטן; פון דער אַנדערער זייט דער האַרבער פּסק איבער סאָקאָלאָוו, ווייל ער האָט אין יובל־בוך פון דער „הצפירה" געשריבן, אַז דער רוב פון פאָלק וועט בלייבן אין גלות און דאָס סולת וועט קומען קיין ארץ־ישראל; און עס איז גריילעך אַ האַרבער פּסק איבער דעם עזות זיך צו נעמען דאָס רעכט צו אַנטשיידן, ווער איז בחינת פּסולת, וואָס איז נישט ווערט דערצו — עס איז אַ פּסק, וואָס שרעקט זיך נישט אָפּ פון אַ זאָג, אַז דאָס פּסולת זענען דווקא יענע קלוגע און פּקחותדיקע פּירערס, וואָס ווייסן נישט, אַז לגבי אונדזער לאַנד און לגבי דער באַדערפעניש און נויטיקייט פון גאולה, זענען כל ישראל בחינת סולת.

עס איז קאָנטיק, אַז דאָס ייִנגל האָט בשעתן סיום פון זיין טאָגבוך געהאַלטן אין עצם פּראָצעס פון אויסצייטיקן זיינע געדאַנקען און זיי קריטיש צו קאָנטראָ־לירן, און אַ היפּשע ראיה דערצו איז, וואָס ער גופא איז מודה: „און די קומענדיקע טעג וועלן באַווייזן, אויב אַלץ, וואָס איך האָב געקלערט ביז איצט, אַלץ וואָס האָט זיך איבערגעקאָכט אין מיר און אַלץ וואָס איז אין מיר געוואָרן צום שטאַרקן און פעסטן געדאַנק, וואָס איז איצט מיין גאַנצער מהות, מיין גייסטיקער קערן, אויב

דאָס וועט ווערן צו גאָרנישט. אויב דאָס אַלץ איז אמת און וואָר, וועט עס זיין פאַר מיר די שטאַרקסטע ראַיה פאַרן ציל וואָס איך האָב מיר פון לאַנג געשטעלט אין לעבן. בישט פאַר מיינעט וועגן בעט איך מיין גאָט, אַז אַלץ זאָל זיין ווי איך האָב געקלערט און אַלץ זאָל געשען ווי עס איז שוין פון לאַנג באַשריבן, נאָר צום גוטן פון מיין געליבט פאָלק, נאָר צו זיין גליק, און עס זאָל שוין קומען אַן עק צו אונדזער צוויי־טויזנט־יעריקן גלות".

[תשי"ח]

## צווישן דאָ און דאָרט

אויפן ראַנד פון קלמן פרידמאַנס „לוחות"

### א

מיט אַ קאַרגע צען יאָר צוריק האָב איך, אין אַ פּאַרוואָלקנטן טאָג, אויפן וועג קיין קרית־היובל, באַמערקט אַ יונגנמאַן, וואָס איז געזעסן אויף אַ שטיין, די ביקס צווישן די קני, און האָט זיך ווי איינגעקוקט מיט זיינע צוויי גרויסע, ברוינע, ממש ברענענדיקע אויגן, וואָס האָבן אַזוי ווי אַרויסגעפּלאָקערט פון אונטער אַ טשאָפּ געקרייזלטע האָר. עס איז געווען עפּעס אין זיין פּנים, וואָס האָט פאַר־ראַטן איינעם, וואָס האָט איבערגעלעבט די גרויסע יידישע פּיין אין אונדזער דור, און איך האָב זיך געפרעגט: ווי אַזוי האָט אַזאַ בפירוש יידיש פּנים אויס־געמיטן דעם ווילדן, הינטישן ניוף פון דער דייטשישער רציחה־מאַשין, און איך האָב זיך דערמאָנט, וואָס ראובן כוורת (בינענשטאָק) דערציילט, ווי אַזוי ער איז אַנטלאָפן פון אַ דייטשישן לאַגער, און פאַרשטייט זיך, מורא געהאַט, אַז זיין פיזיאָנאָמיע זאָל אים נישט אויסגעבן, אָבער דער ווילן צום לעבן און פריי צו זיין האָט אַלץ גובר געווען, און אַ גוטער סטימול איז פאַר אים געווען אַן אַנדערער אַנטלאָפענער, אַ נעגער, וואָס האָט זיך געוואַגט דורכצורייסן צווישן אַ וועלט פון ווייסע און אָפּגעראַטעוועט צו ווערן.

מיט אַ צוויי וואָכן שפּעטער האָט זיך דער ברוינאויגיקער יונגערמאַנטשיק געיאָוועט ביי מיר אין שטוב: ער אַרבעט דאָ אין קולטור־רעסאָרט און האָט צו מיר אַ בקשה, אַזוי ווי די שכונה דאָ איז ווייטלעך פון דער שטאָט, וויל ער אין די שבתים איינאָרדנען לעקציעס, בעט ער מיך אאַז"וו.

### ב

אַ מינוט צוויי האָב איך געמיינט, אַז מיין ערשטער רושם איז געווען אַ טעות, אָבער איצט איז עפּעס געווען אין זיין קול, וואָס האָט יענעם רושם גע־שטאַרקט: יאָ, דער יונגערמאַן איז געווען אין גיהנום. נאָך מער, ער שטייט טאַקע דאָ, און רעדט וואָס ער רעדט, אָבער, בעצם, איז ער דאָרט, נאָך אַלץ דאָרט. מיט יאָרן שפּעטער האָבן מיר אַלע, צוהערנדיק זיך צו די עדות ביים

אייכמאַן־פּראָצעס, געהאַט דאָס דאָזיקע געפיל, אין אַ פאַרשטאַרקטער מאָס: צווישן אונדז געפינען זיך צענדליגער, הונדערטער, וואָס ווערן, גלייך מיט אונדז, מיטגעריסן מיטן אימפּעט און טעמפּ פון אונדזער דאָזיקן היינט, אָבער אין זיי לעבט דער דאָרטיקער נעכטן; און כאָטש דער היינט מיט זיין לעבנספרייד און לעבנסזאָרג ברויזט אין זיי מיטן פולן כוח, לאָזט זיי דער נעכטן נישט אָפּ מיט זיין גאַנצער תהומיקן גרויל.

בעצם, זענען זיי עס וואָס לעבן, טיף און פול, איבער דעם ייִדישן גורל אין זיין פאַלאַרישער געשפּאַנטקייט.

ג

קלמן פרידמאַן, אַזוי הייסט דער יונגערמאַן — איז איינער פון זיי, געבוירן אין וואַרשע אין אַ פרומער משפּחה, האָט ער ביי טאָג געלערנט אין חדרים און ביי נאַכט אין שולן; האָט ווי דער פאָטער זיינער, אַ ייִד אַ תלמיד חכם, געהאַט מוזיקאַלישע אַספּיראַציעס — פּונקט ווי דער פאָטער פלעגט דאַווענען פאַרן עמוד ימים־נוראים, אַזוי איז דער זון געווען אַ משורר אין דער טלאָמאַצקע־שול, ווו דער חזן איז געווען משה קוסעוויצקי און דער דיריגענט דוד אייזנשטאַט. און אויב שוין טלאָמאַצקע, האָט עס אים אויך געצויגן צו נומער 13 — דעם ייִדישן ליטעראַטן־און זשורנאַליסטן־פאַראיין, און די ייִנגלשע חלומות האָבן זיך געוויגט צווישן מוזיק און ליטעראַטור.

אין סאַמע מיט פון די ייִנגעלשע חלומות איז אַריינגעבראָכן די מלחמה — די משפּחה, טאַטע־מאַמע און פינף קינדער, זענען בנס אַרויס פון די פלאַמען פונעם באָמבאַרדירטן הויז, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נע־ונד מיט יסורים, הונגער, פּיין און אייביקע טויטשרעק. דער יונגער קלמן איז געלאָפן ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן — פאַרוואַלגערט זיך ביז ביאַליסטאָק, טרייבט אים עלנט און הונגער, דורכן פאַרפרוירענעם בוג, צוריק קיין וואַרשע; זיך אָפּגע־מאַטערט ביי צוואַנגאַרבעטן, פּרוווט ער נאָך אַ מאָל אַנטלויפן, ווערט אין אַ דאָרף אַ פאַסטעך פון זעכציק בהמות; ווערט אָבער געכאַפּט, און מוז קוים מיטן לעבן אַוועק. מוטשעט זיך אין סאָקאָלאָווער געטאָ און אַנטלויפט ווידער קיין וואַרשע און טרעפט שוין קיינעם נישט פון זיין משפּחה. ווערט אַ טרעגער ביי שולץ אויף נאָוואָליפּיע און בשעתן אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ געפינט ער זיך אין אַ בונקער, וואָס ווערט אָבער אויפגעריסן און איצט שלעפּט מען אים אַוועק אין אַ טויטוואַגאָן, פון וועלכן ער שפּרינגט אָבער אַרויס און גנבעט זיך ווידער אַריין קיין וואַרשע, כדי מיט אירע לעצטע ייִדן געבראַכט צו ווערן קיין מאַידאַנעק, און פון דאָנעט אין כלערליי לאַגערן, דערונטער מאַוטהאַוזען און עבענזעע, און לעבט איבער דעם גיהנום. אַ באַפרייטער גיט ער, צוזאַמען מיט

שמאי ראָזענבלום אין באַדגאַסטיין אַרויס אַ צייטשריפט „לאָן?", באַטעטיקט זיך אין אַ דראַמקרייז פון משה פולאָווער, שוואַרצט די גרענעץ קיין איטאַליע, לעבט אַ צייט אין מחנה „בארי" (אויפן נאָמען פון בערל קאַצענעלסאָן) און לאָזט, מיט אַנדערע, זיך אין לאַנד אַריין, מיט דער שיף („לא תפחידונו"), וואָס ווערט אָבער דערווישט פון די ענגלענדער, און זיי פירן די מעפּילים אַוועק קיין ציפּערן, ווו זיי דערוואַרטן זיך דעם אויפקום פון אונדזער מדינה און איילן זיך צו איר אַנטייל צו נעמען אין אירע באַפריי־קאַמפן.

ער, ווי זיינס גלייכן, זיצן דאָ און לעבן דאָ אונדזער אַלעמענס לעבן, אָבער האָבן נאָך אַן אַנדער לעבן, וואָס לאָזט זיך נישט אויסמעקן און טאָר זיך נישט אויסמעקן, ביי זיי אין איבערלעבעניש, ביי אונדז אַלעמען אין באַוווסטזיין.

ד

אָט די טאָפּלשיכטיקייט פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, וואָס האָבן דעם יידישן גורל אויסגעזופּט ביזן דנאָ, טרייבט זיי צום מעמואַריסטישן, פּובּליציסטישן, און בעיקר צום לירישן, ווייַז עמאָציאָנאַלסטן, אויסדרוק. עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן דערלייכטערונג, וואָס דער אַרויסזאָג אָדער אַרויסזינג ברענגט מיט זיך — עס איז ווי אַ משקה, וואָס וואָס מער מען טרינקט זי דעם דאָרשט צו שטילן, מאַכט זי אַלץ דאָרשטיקער, בעיקר מחמת דעם, וואָס אַ יעדער אויסדרוק, זאָל ער אויך זיין דער שטאַרקסטער, שטייט ווייט־ווייט אָפּ פון זיין סוסטראַט. און עס וועט קלינגען ווי אַ פּאַראַדאָקס, ווען מיר וועלן פּרווון מרמז זיין, אַז אפשר דווקא דער פּשוטער זאָג און זינג, וואָס גרענעצט מיט דעם כמעט אַנאָנים־געבוירענעם און בעיקר מיט דעם אַנאָנים־געוואָרענעם פּאָלקליד, דריקט אויס מער ווי די קינסטלערישע ראַפּינעריע: עס איז דער אוי פון דער פּלאָג און דער ווייַ פון דער פּאַריתומטקייט.

דאָס בינטל, וואָס מיר ברענגען דאָ אין רשות הרבים, שטייט, דוכט זיך, ערגעץ אין מיטן וועג צווישן דעם אינדיווידואַלן און דעם קאָלעקטיוון, און דאָס איז אויך זיין ווערדע און כוח.

[תשכ"ד]

# בשערי זמרה ונגינה

וועגן יששכר פאַטערס לעקסיקאָן

## א

השמר לך פן תעזוב את הלוי, טייטש: זיי געוואָרנט, זאָלסט נישט פאַרלאָזן דעם לוי — איז אַ בפירושער אָנזאָג אין דער תורה, און פונקט ווי ער איז אַ מאָל חל געווען, אין סאַקראַלן זינען, לגבי דעם שבט לוי, לויטן אָפּשטאַם זייערן, די זינגער און שפּילער אין בית־המקדש, אַזוי איז ער היינט חל, אין פּראָפאַנערן זינען, לגבי דעם שבט לוי, לויט דער עובדא זייערער, די זינגער און שפּילער אין בית־ישׂראל. בעיקר לאָזט זיך דער אָנזאָג אָנווענדן לגבי די בני לוי אין דער יידישער גאַס אין פּוילן און אויסער איר, וואָס זענען פאַרשטומט געוואָרן, ווייל דער צורר היהודים האָט דערוואָרגן זייער קול־זמרה און זייער קול־נגינה. דאַרפן מיר זהיר ונזהר זיין נישט צו פאַרגעסן די דאָזיקע בני לוי, וואָס זענען פאַרלענדט געוואָרן אין די יאָרן פון אומקום, וועלכן דאָס דייטשישע פאָלק האָט אויף אונדז געבראַכט, אויסוויילנדיק היטלער און זיין געזינדל פאַר זיינע געוועלטיקערס.

האָט זיך געמוזט געפינען ווער עס זאָל דאָס באַטראַכטן פאַר זיין הייליקסטן חוב און זאָל נישט וועלן רוען, ביז ער וועט קאָנען קומען אין רשות הרבים מיט אַ פּנקס, ווו מיר וועלן קאָנען לייענען, ווער זענען דאָס געווען די דאָזיקע בני לוי אין פּוילן, די זינגער און שפּילער, מיר זאָלן באַשיימפּערלעך זען דעם גאַנג פון זייער לעבן, זייערע קינסטלערישע אויפטוען אין אַלע צווייגן פון מוזיקאַלישער פּראָדוקציע און רעפּראָדוקציע. יששכר פאַטער איז דער, וואָס דער חוב צו דער־האַלטן דעם לעבעדיקן זכרון פון די אומגעבראַכטע יידישע מוזיק־קינסטלער, האָט אים נישט געלאָזט רוען, און געטריבן פון אַ טיפער ליבשאַפט צו אונדזער מע־לאָס, און אונדזער מוזיק, און געשטאַרקט פון אַ ברייטן פאַרשטענדעניש אין עולם־הזמרה והנגינה, האָט ער יאָרן לאַנג געפאָרשט און גענישטערט, דורכגע־זיפּט מקורים־שבכתב און אָפּגעזוכט מקורים־שבעל־פּה, ביז ער האָט געקאָנט, מיט בעסטן וויסן און געוויסן, אונדז דערלאַנגען דאָס ספר, וואָס ליגט איצט פאַר אונדז.

## ב

דער מחבר האָט דעם סוזשעט פון זיין בוך ברייט פּאָרטראַכט און דורכ־געפּירט — ווער עס האָט געהאַט אַ ממשדיקע, קרעאַטיווע שייכות צו דער ספירה פון זימרה און נגינה און מאָדולירנדיק דעם ביאַליקישן זאָג: ושירת חייו באמצע נפסקה, טייטש: און דאָס ליד פון זיין לעבן איז אין דער מיטן איבערגעשלאָגן געוואָרן, ווייל חיי־שירתו באמצע נרצחו, טייטש: דאָס לעבן פון זיין ליד איז אין מיטן דערמאָרדעט געוואָרן, גייט אַריין אין דעם ספר־זכרון. קודם־כל דער גאָר היימישער עלעמענט: חזנים און כלי־זמר און זייערע שיינדלעך, פּאָלקסזינגער און זייערע שפּילפייגעלעך און בינע־זינגער און זייערע שפּיגעלעך. דיריגענטן פון שולכאָרן, שולעכאָרן, פאָלקסכאָרן, אַרטיסטן פון אָפּערע און קליין־טעאַטער — אַלץ און אַלע, וואָס האָבן געווערקט אין דער ייִדישער גאַס, געשפּייזט איר מוזיקאַלישן אַפּעטיט און אויסגעאיידלט איר מוזיקאַלישן געשמאַק, אָנגעפּילט די ייִדישע גאַס און די ייִדישע שטוב מיט קינסטלערישער הנאה, ווייטער געשפּונען די פּעדעם פון ייִדישער מוזיק, סיי אויף דער ליניע פון מסורה און סיי אויף דער ליניע פון חידוש, און נאָך זיי מוזיקער, סיי קאָמפּאָזיטאָרן און ווירטואָזן, סיי קאַפּעלמייסטער און שפּילער, סיי דיריגענטן און זינגער, וואָס האָבן געווערקט מחוץ דער ייִדישער גאַס, און האָבן אויך אַהין אומבאַוווסט, אַריינגעבראַכט אַ פלאַם אָדער, לפּחות, אַ פונק פון דער היים. דער מחבר האָט זיך ערלעכע מי גע־געבן צו דערציילן וועגן אַ יעדן, וואָס ער האָט געקענט צוזאַמענברענגען, מיר זאָלן וויסן זייער לעבן און זייער שאַפן, אַזוי אַז יעדער ערך פאַרמאָגט דריי עלע־מענטן: דאָס ביאָגראַפישע, דאָס שאַפערישע, דאָס אַנאַליטיש־קריטישע. וואָס שייך דעם היקף פון באַהאַנדל האָבן מיר פאַר זיך צווייערליי טיילן: דער רוב האָט אויסשעפּנדיק לעקסיקאָנישע רובריקן, און עטלעכע צענדלינג האָבן, צוליב ספּע־ציפישע טעמים, באַזונדערע מאָנאָגראַפיעס.

דער צד השווה פון די פיר הונדערט פּאָזיציעס, איז אַ ווונדערלעכער אויפ־מאַרש פון ייִדישן מוזיקאַלישן זשעני און ייִדיש מוזיקאַלישן טאַלאַנט, וואָס דער צורר היהודים האָט זיי אומגעבראַכט און מיר ווילן, אַ דאַנק דעם מחבר און זיין אָנשטרענג, קאָנען זייער ליכטיקן זכרון צוריק אויפברענגען.

## ג

עס איז אַ קיימא־לן, אַז אונדזער פאָלק האָט פון אייביק אָן ליב געהאַט שירה ונגינה — דער אדון הנביאים זינגט צוזאַמען מיט אַלע יוצאי־מצרים די שירת־הים, און אַ פרײַער מדרש לאָזט אַפילו די זינגענדיקע קינדער אָפּלאָזן די מיילעכלעך פון דער מאַמעס ברוסט און טייטלען מיט די פינגערלעך: זה אלי ואנוהו, טייטש: דאָס איז מיין גאָט און איך וועל אים באַשיינען, און אַ שפּע־

טערער מדרש אַקטיוויזירט דערצו אַפילו די קינדער אין דער מוטערס בויך; דוד בן ישי, אַ יונגער פּאַסטעך שפּילט פֿאַר אַ מלך בשר ודם און ווי אַ מלך שרייבט ער און זינגט ער דעם ספר תהילים, און אַ פּרזיע אַגדה לאָזט זיין פידל שפּילן פון זיך אַליין, ווי נאָר אַ חצות־ווינטל טוט אַ ווײ אויף אים, און אַ שפּעטערע אגדה לאָזט אים נישט בלויז זיין דער קאַפּעלמייסטער פון דער פמליא של מעלה, נאָר אַפילו מיט זיין פידעלע אַריינגאַרן אין גן־עדן אַריין יענעם חסידישן צדיק, וואָס האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז ער וועט אַהין אַ שפּאַן נישט אַריינטרעטן, אויב משיח וועט נישט קומען.

הייסט עס, אַז דער זאָג: דוד מלך ישראל חי וקיים, מיינט אויך, אַז די נגינה זייַנע איז אַ חי וקיים, און ווו אַ ייִד טוט זיך אַ צעשפּיל אָדער צעזינג, כאַפּט זיך כביכול אַריין אַ ניצוץ פון דעם מלכותדיקן אַלט־יונגן בעל־מנגן, פונקט ווי עס כאַפּט זיך כביכול אַריין אַ ניצוץ פון די בני לוי, און וואָס די אגדתא זאָגט אין איר נאַיִווער זיכערקייט, איז נישט אַזוי ווייט פון דעם וואָס די פאָרשונג זאָגט אין איר באַזאַכטער געוואָרנטקייט, ווען זי שטעלט זיך, אַ שטייגער, אָפּ איבער די יסודות אין דער ליטורגיע אונדזערער, וואָס ווייזן אָן אַ בשותפותדיקייט, וועלכע האָט זיך דערהאַלטן אין דער סאַמע ווייטקייט און אָפּגעזונדערקייט פון כלערליי ייִדישע שבטים און ישובים און זי, די פאָרשונג, נעמט אָן דעם באַשטאַנד פון אַן אַלטער ירושה, וואָס זיי האָבן געהאַט, ווען זיי זענען נאָך געווען צוזאַמען. אין דעם זינען מעג מען אפשר מדקדק זיין, פאַר וואָס עס שטייט לשון יחיד: שירו לנו משיר ציון, טייטש: זינגט אונדז פון ציונס ליד, גלייך עס וואָלט נישט געווען מער ווי איין ליד, און מען מעג אפשר מתרץ זיין, אַז כאָטש עס זענען געווען אַ סך לידער, האָבן די פיינט אונדזערע אין בבל אַרויסגעפילט, אַז אין תוך איז עס טאַקע איין ליד, און האָבן געזאָגט: משיר ציון, און אונדזערע זיידעס האָבן אין זייער ווייטיק, געפרעגט, ווידער אַ מאָל לשון יחיד: איך נשיר את שיר השם על אדמת נכר, טייטש: ווי אַזוי וועלן מיר זינגען גאָטס ליד אויף דער פרעמדער ערד.

ד

און אפשר איז טאַקע גערעכט דער גרויסער בינע־קינסטלער, ר׳ יהושע בערטאָנאָוו וואָס זאָגט, אַז דער באַטאָן איז נישט אין וואָרט: נשיר, דען זינגען וועלן מיר, ייִדן, זינגען לכרחם ולרצונם, דען עס איז די טבע זייערע; דער באַטאָן איז אין וואָרט: אֵיך, ווי אַזוי וועלן מיר זינגען, ווייל אַנדערש זינגט זיך אין דער היים און אַנדערש זינגט זיך אין דער פרעמד, און די אידעע אין י. ל. פּרצס נאָוועלע „אַ גלגול פון אַ ניגון", וואָס נעמט בלויז אַרום די לעצטע פאַר דורות, לאָזט זיך אַנווענדן אויף אַלע אונדזערע דורות, זייט מיר האָבן אונדזערע פידלען

אויפגעהאַנגען אויף די ווערבעס פון בבל, און זיי פאַרט אַראָפּגענומען און גע־שפּילט און געזונגען, און ווייזט אויס, אַז די דורות האָבן געשפּירט, דאָס עס איז אַ גליגול, אַ ווייטער גילגול.

יאָ, אויב מיר האָבן דערמאָנט י. ל. פּרץ, וועלן מיר אויך דערמאָנען שלום־עליכם, כדי צו באַמערקן, אַז עס איז גריילעך נישט קיין צופאַל, וואָס ווען דיק שאַפן אַ יידישן ראָמאַן, האָט ער אָנגעשריבן זיין ראָמאַן „סטעמפּעניו" און האָט אים צוגעשטעלט אַ צווייטן ראָמאַן „יאָסעלע סאָלאָוויי", ווייל ער, וואָס האָט גע־האָט אַ שאַרף אויג פאַרן ליכטיקן שיין אין אונדזער לעבן, האָט אויך געהאַט אַ שאַרף אויער פאַרן ליכטיקן קלאַנג אין אונדזער לעבן, און האָט זיך פאַרבויגן פאַר זיינע צוויי געטרייעסטע שליחים — פאַרן כלי־זמר און פאַרן חזן. אַזאַ פאַר־בייג איז אויך דער ספר, וואָס ליגט דאָ פאַר אונדז, און עס איז אַ ברייטער און טיפער פאַרבייג, ווייל ער נעמט אַרום אַלץ, וואָס דאָס זיסע פּערל האָט פון זיך אַרויסגעבוירן אין יידישן פּוילן — זייער רייכע דיפערענציאַציע און נאָך רייכערע ניואַנסירונג, דער מעלאָס און די מוזיק צווישן יידן און פון יידן.

און הלוואי זאָל ר׳ יששכר פאַטערס בוך האָבן אַ המשך — איבער די פאַר־לענדטע מוזיקער אין אַלע איבעריקע לענדער אין אייראָפּע, ווו דאָס דייטשישע געזינדל האָט געבושעוועט, והיה מעשה הזכרון שלם.

[א׳ תמוז תשכ״ט]

# דריי אַספּעקטן

אַ וואָרט צו דער עפענונג פון דער יידיש־קאַטעדרע אין ירושלים

## א

מורי ורבותי, דערלויבט מיר אַנצוהייבן מיט אַ וואָרט פון דאַנק פאַר דער עצם־מעגלעכקייט, וואָס ווערט מיר איצט צוגעשאַנצט, די אַנדערע העלפט פון מיין לעבן זיך אָפּצוגעבן לערנען אין זינען פון והגית בה. נישט אַז איך האָב אַ שפּיץ חרטה אויף דער אָפּגעלאָפענער העלפט. ס׳פעלט מיר נישט איין אייך צו באַלאַסטיקן מיט מיין ביאָגראַפיע, אָבער לאָזט אייך זאָגן, אַז נישט ווי איר ערשטער מיין איז געווען איר ווייטערדיקער גאַנג. לויט אָפּשטאַם און דערציִונג, איז מיר באַשטימט געווען צו פאַרווערקלעכן אַן אַלטן אידעאַל, וואָס דער בייט פון צייטן און זייער געשמאַק האָט אים אַ קאָפּ אויפגעפרישט און צוגעטאָקט אין דער געשטאַלט פון אַן אויפגעקלערטן רב, וואָס איז, ווי באַוווּסט, געווען דער נאָענטסטער שכן פון חכמת־ישראל. איך האָב נישט קיין חרטה, וואָס מיין וועג איז אַנדערש געגאַנגען. פונקט ווי ס׳טוט מיר נישט באַנג, וואָס מיין דער־מאָנסטרירטער קאַמף פאַר ציוניזם און העברעיִש אין דער פוילישער גימנאַזיע האָט מיך פון איר משלח געווען, אַזוי טוט מיר נישט באַנג, וואָס כ׳בין פאַר־כאַפּט געוואָרן פון דער חלוצישער באַוועגונג, האָב זוכה געווען צו זיין פון אירע טוער און אויפטוער און האָב מיך אין די יונגע יאָרן געלאָזט טראָגן אין אונדזער לאַנד אַריין אויף דער שטורמישער כוואַליע פון יענער באַוועגונג, וועלכער כ׳האָב געדינט, צו ערשט אין קיבוץ און דערנאָך, במשך פון יאָרן, אין דער טאָגצייטונג פון הסתדרות־העובדים, ווו די אַרבעט האָט זיך מיר אויסגעוויזן נישט ווי אַ באַ־רוף, נאָר ווי אַ באַרופונג. אָבער אויך שפּעטער, ווען מיין ליטעראַרישע און פאַר־שערישע אַרבעט האָט זיך מער אויסגעשפּרייזט, האָט אין מיר תמיד געטליִעט יענע ערשטע ליבע צו לערנען אין זינען פון והגית בה, און כ׳פלעג נאָכקלערן, ווען וועט קומען איר צייט.

די יִדיש־קאַטעדרע, וואָס כ׳האָב דעם כבוד צו איר גערופן צו ווערן, דאַרף באַטראַכט ווערן פון דריי (און אויב איר ווילט: פון פיר) אַספּעקטן.

## ב

דער ערשטער אַספּעקט — פון דער אוניווערסיטעט גופא. זי איז, בדרך הטבע, מחוייב אין איר רעם אַריינצונעמען די פולע טאָטאַליטעט פון דער פאָלקסקולטור אין אַלע אירע אַנטפּלעקונגען, אין אַלע צייטן און אַלע ערטער. און ווער ס'כאַפּט אַ טיפערן קוק אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער אוניווערסיטעט, וועט נישט קאָנען פאַרלייקענען, אַז דער דאָזיקער כלל ווערט בהדרגהדיק דורכגעפירט, וסוף הכבוד לבוא. נאָך מער, אַ היפּש ביסל גרויסע פּראָווינצן אין אונדזער קולטור, וואָס מ'האָט זיי געהאַלטן פאַר פאַרשטויסענע פּראָווינצן, און עטלעכע דורות פאַר אונדז האָבן זיך צו זיי באַצויגן מיט ביטול אָדער גרינגשאַץ, שטייען שוין פון לאַנג אונטער דער חופּה פון געטרייער פאָרשונג און שטודיע. און אין דעם פּראָגנט, וואָס האַלט אין איין איינשלינגען אין זיך די דאָזיקע גרויסע היפּאַרכיעס אויף אונדזער קולטור־מאַפּע, געהער די מסכתא ייִדיש, איר ליטעראַטור און איר שפּראַך און איר איינגלידערונג איז אַ מחוייבדיקע; און אויב די אוניווערסיטעט האָט זיך געמעגט קווענקלען וואָס פריִער און וואָס שפּעטער, האָט זי נישט געטאָרט איבערהיפּערן, שוין אָפּגערעדט, אַז זי האָט נישט געטאָרט פאַרזען. צו וואָס איז די זאַך געגליכן? צו אַן אַסטראָנאָם, וואָס נעמט באַרעכענען אַ געשטעל פון שטערן און האָט דורכגעלאָזט אַ וואָזשנעם שטערן, האָט ער טאַקע אַ תל געמאַכט פון זיין גאַנצער אויסרעכעניש, און זיין חשבון איז קיין חשבון נישט.

## ג

דער צווייטער אַספּעקט איז דער אויפבוי פון דעם כללדיקן ייִדישן באַוווסטזיין. די צייט, אין וועלכער ס'איז אונדז אויסגעקומען צו לעבן, באַצייכענען אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק צווי שטריכן — אונדזער עקסטענסיע אויף דער וועלטמאַפּע ווערט וואָס מער איינגעשרומפּן: די ייִדישע קיבוצים אין אייראָפּע זענען דערטרונקען געוואָרן אין טייכן פון זייער בלוט, און דער גרויסער קאָנטינענט, וואָס איז געווען די אַרטעריע פון אונדזער לעבן, איז כמעט אָפּגעמעקט געוואָרן פון אונדזער לעבעדיקער געשיכטע; די רוסישע ייִדן האָבן שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין אַ פאַקטאָר אין כלל־גורל פונעם פאָלק; די איבערבלייבענישן אין מזרח־אייראָפּע, אויב זיי רייסן זיך נישט אַרויס, ווערן זיי אַרויסגעריסן פון אַקטיוון אָנטייל אין אויפטו פון גאַנצן פאָלק. און אונדזער טרייסט איז, אַז דאָס איינשרומפּן פון דער געאָגראַפישער עקסטענסיע אויף דער וועלטמאַפּע ווערט אויסגעגליכן דורך דער שטאַרקונג פון דער היסטאָרישער אינטענסיע אויף דער מאַפּע פון אונדזער היימלאַנד; נאָך מער, מיר האָבן אין זיך די זיכערקייט, אַז די דאָזיקע אינטענסיע איז דער אַנטשיידנדיקער ווענד אין אונדזער געשיכטע; און זיין סימן איז דער פּראָצעס פון דער גלות־ליקווידאַציע, וואָס איז

אַ נויטווענדיקייט פאַר אַלע גלותן, און פאַר איר ווען קיין באַשטאַנד נישט האָבן די כלערליי פשרות, ווי אַ שטייגער ס'האָט געמאַכט דער לעצטער ציוניסטישער קאָנגרעס, אין פאָרעם פון קינסטלעכן אונטערשייד צווישן גלות און תפוצות; דען ס'לאָזט זיך נישט אויסדרייען פון דער גזירה: וכל הכתוב לחיים — בירושלים. און אין דער צייט זענען מיר מחויב צו מאַכן דעם כלל־חשבון פון אונדזער קול־טור, וואָס מיר זענען אירע איבער־און ווייטער־שפינער, און מיר טאָרן נישט לאָזן אויסגליטשן גרויסע ווערטן פון אונדזער כלל־אינווענטאַר. לאָזן אויסגליטשן פון חשבון אַזאַ ווערט ווי ייִדיש, מיט איר האָב און גוטס, הייסט נאָר ווען פאַר־אָרעמען זיך אַליין, פאַראָרעמען מיט גוואַלד און מיט כיוון. מיינע פריינד, וואָס האָבן פאַר מיר גערעדט, האָבן דערמאָנט די מחלוקה מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, די מחלוקה איבער דעם פּלאַן פון גרינדן אַ ייִדיש־קאַטעדרע — אָדער, ווי בערל קאַצענעלסאָן האָט עס קלוג אָנגערופן אין זיין אויסגעצייכנטן מאמר: קתדרת־המריבה. איך בין דעמאָלט געווען דער ייִנגסטער צווישן אייך אַלע, און במילא האָב איך מיט מער יוגנטלעכקייט איבערגעלעבט יענע דיסקוסיע. בפרט געדענק איך דעם דונערדיקן הילך פון ביאַליקס אָפּרוף — אין דער לופט פון אונדזער ישוב האָט זיך דעמאָלט געטראָגן נישט נאָר די מחלוקה וועגן דער קאַטעדרע, נייערט אויך וועגן ייִדיש, און ביידע מחלוקות האָבן זיך צוזאַמענגע־שטויסן. מער פון אַלץ געדענק איך אַ לעקציע פון ביאַליקן, וואָס האָט באַהאַנדלט דעם ענין העברעיִש און ייִדיש און זייערע קעגנזייטיקע באַציִונגען. דער דיכטער האָט איבערגעחזרט זיין באַקאַנטע הלכה, אַז ווען די העברעיִשע שפּראַך וואָלט זיך דערהאַלטן אין די גלותן, ווי אַ שפּראַך פון גאַנץ גייענדיקן לעבן, וואָלט זי זיך צעדרויבלט אין כלערליי שפּראַך־ריטשקעס, יעדער גלות אין זיין ריטשקע, און ס'וואָלטן באַשאַפן געוואָרן אַ פּאָר העברעיִשע שפּראַכן, ווי אַ שטייגער העב־רעיִש־ראָמאַניִש, העברעיִש־גערמאַניש, העברעיִש־סלאַוויש. ער האָט אויך געגעבן אַ טייערן משל, פאַרגלייכנדיק די סכנה צו עוג מלך הבשן, וואָס זיינע אומגע־לומפּערטע גרויסע אברים זענען אָפּגעפאַלן און זיך צעשיט איבער ווייטע ווייטן. אונדזער חוש־הקיום — האָט ער אויסגעפירט — האָט פאַרהיט, אַז דער ריז זאָל נישט פאַרלירן און נישט פונאַנדערשיטן זיינע אברים: די שפּראַכן, וואָס זענען דעם פאָלק אויף זיין וואַנדערוועג צוגעקומען, און בעיקרשט די ייִדישע שפּראַך, נישט געווען וואָס זיי האָבן אונדז געגעבן מעגלעכקייט פון אַן אייגענעם אויסדרוק פאַר אַלע באַדערפעניש פון לעבן, האָבן זיי אויך אָפּגעהיט די העברעיִשע שפּראַך, אַז זי זאָל זיך קאָנען מתייחד זיין מיט די באַדערפעניש, וואָס זענען בשותפותדיק אַלע שבטים פון פאָלק כדי, אַז ווען ס'וועט קומען איר צייט, זאָל זי קאָנען ווערן זייער נאַטירלעכע שפּראַך אין זייער לאַנד.

שיין האָט דאָ אונדזער פריינד פּינסקי אויסגעמאָלן דעם וועג פון אונדזער

פאָלק, וואָס האָט אויפגעהויבן אַן אָוועקגעוואָרפענעם דיאַלעקט פון אַנדערע און אים דורכגעשפּיקעוועט מיט זיין גייסט און זיין אייגנס און האָט אים געמאַכט אַ גאַנץ געביי. אָבער זאָל מיר דערלויבט זיין אָפּצופרעגן זיין זאָג, אַז דער חילוק פון אַ העברעיִשן און אַ ייִדישן שרייבער איז געווען, וואָס דער ערשטער האָט געמוזט קענען אַ סך תנך און גמרא און מדרשים וכדומה, און דער לעצטער איז געווען פּטור. דען באמת האָט ער דאָך לפּחות איין זאַך געמוזט קענען — ייִדיש. און די קענטשאַפט האָט דאָך במילא כולל געווען אַ גאַנצע וועלט, וואָס איז אויסגעהאַקט פון די גרונטשטיינער פון דעם פאָלקס תורה, גלויבן, טראַדיציע, שטייגער, בקי־צור פון זיין קולטור. ווער ס׳קומט אונטערשטרייכן די וואָגיקייט פון דעם גרויסן און פאַרביקן העברעיִש־עלעמענט אין ייִדיש, איז נאָר אויסן אַ טייל, ווייל דער פולער חשבון מוז אַריינגעמען אויך די מעטאַמאָרפאָזעס, וואָס דער דייטשישער און סלאַווישער עלעמענט זענען אַדורכגעגאַנגען אין גייסט און אין גוסט פון סאַמע יסוד פון אונדזער קולטור, פון דער העברעיִשער שפּראַך.

ד

דער דריטער אַספּעקט האָט שוין געפונען זיין שאַרפזיניקע דעפיניציע אין מויל פון אונדזער פריינד חיים גרינבערג: די בריק צווישן ישׂראל סבא און ישׂראל סבּרא. פון אַ ווייטער פּערספּעקטיוו וועט מסתמא אַ מאָל די היסטאָריע פון אונדזער צייט געזען ווערן אין איר פולער קלאָרקייט, אָבער שוין איצט איז בולט די גוואַלדיקע חשיבות פון די לעצטע פיר אָדער פינף דורות, וואָס האָבן אונדז געשמידט צו אַן אַנטשיידנדיקן איבערבראָך אין גורל פון אונדזער פאָלק. פאַר־שטיין די דאָזיקע ראַנגלענישן איז אַ גרויסע עובדא, און זיי לאָזן זיך נישט פאַר־שטיין, אויב מ׳וויס נישט די, סיי דערנענטערנדיקע סיי דערווייטערנדיקע, באַ־ציִונגען צווישן ביידע שפּראַכן. די פאַרשאַרבעט פון אונדזער ליטעראַטור אין ביידע שפּראַכן איז צו מייסט געמאַכט געוואָרן ווי אָפּגעשפּאָלטן איינס פונעם אַנדערן, אַ שטייגער דער פאַרשט זיך אין זיין ווינקל און יענער פאַרשט זיך אין זיין ווינקל, און צו מאָל געשעט דאָס אין אַ קעגנזייטיקער פאַרפרעמדקייט. דער פּועל־יוצא דערפון איז אַ צעבראָקט און צעהאַקט פאַרשן, וואָס ברענגט מיט זיך אַ צעבראָקט און צעהאַקט באַוווסטזיין. ביי אַ פאַרשאַרבעט, וואָס ווערט געמאַכט אין אַזאַ אָפּגעשפּאָלטנקייט, מוזן גענייזוקט ווערן וויכטיקע דערשיינונגען, בעיקר די דערשיינונג פון שפּראַכלעכער טאָפּלטקייט, וואָס עס האָבן געטריבן זייער פיל שרייבער — דער שפּאַלט דערלאָזט פשוט נישט צו דערגיין אַזעלכע דערשיינונ־גען ווי די קעגנזייטיקע השפּעה פון ביידע לשונות, אַיעדע לויטן גאַנג פון איר אַנטוויקל, בפרט ווען ביידע האָבן זיך צונויפגעקניפּט אָדער צוזאַמענגעטראָפן אין דער זעלביקער שאַפערישער פּערזענלעכקייט. במילא ווערט אויך גענייזוקט דאָס

אָפּשאַצן פון דעם אָפענעם אָדער פאַרבאַהאַלטענעם געראַנגל צווישן ביידע שפּראַכן, וואָס אָן אים קאָן מען נישט פאַרשטיין די באַזונדערע דיאַלעקטיק פון דער אַנטוויקלונג פון דער העברעיִשער שפּראַך. נישט בלויז אַזאַ פענאָמען ווי דער טאָפּלשפּראַכיקער מענדעלע לאָזט זיך נישט אויסטייטשן ביי אַ צעשפּאַלטענער באַהאַנדלונג, נאָר אויך אַזאַ פענאָמען ווי ביאַליק, אַפילו אין העברעיִשן סעקטאָר, לאָזט זיך נישט דערגרונטעווען, אויב מען גייט נישט נאָך די אין אים איינגע־גראָבענע ייִדיש־עלעמענטן. ס'זענען ביי ביאַליק פאַראַן בילדער און ביישפּילן, וואָס אויפן ערשטן קוק זענען מיר נוטה זיי צו באַטראַכטן ווי פון דער ווייטנס אויסגעלייִענע אָפּשפּיגלונגען, אָבער ווען מיר פאַרטיפן זיך, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אַ ייִדיש־בילד, וואָס אין אים איז פאַרקנוילט אַן אונטערערדיקע ירושה פון הונדערטער יאָרן, אַזוי ווי ס'זענען ביי אים פאַראַן בילדער, וואָס נעמען אַ פּשוטן ייִדיש־משל און קערן אים אום זיין בראשיתדיקייט. און ביאַליק איז אַ סימבאָל פאַר אַ דערקענטעניש, וואָס איז חל אויף זייער פיל דערשיינונגען.

און צו לעצט, די שטימונגען וואָס פלאַטערן איצט אין די עקסטע טיילן פון דער יוגנט ביי אונדז אין לאַנד. די דאָזיקע שטימונגען מאַכן אַפילו דעם אַנשטעל פון יונגקייט, אָבער ס'איז נישט אַזוי, ווייל די טענדענץ צו פאַרקירצן אונדזער געשיכטע דורך פאַרקירצן אונדזער קולטור האָט שוין אַ לאַנגע באָרד. פונקט ווי ס'איז געווען אַ טענדענץ אונטערצוהאַקן אָדער פאַרגעסן צו מאַכן די ערשטע עפּאָכעס, בפרט מצד די שטרעמונגען, וואָס האָבן נישט געוואָלט זען אונדזער געשיכטע ווי אַ קרייז, אין וועלכן ס'באַגעגענען זיך סוף און אָנהייב — אַזוי איז פאַראַן אַ טענדענץ אונטערצוהאַקן אָדער פאַרגעסן צו מאַכן לעצטע עפּאָכעס, בעיקר מצד שטרעמונגען, וואָס זעען אַפילו אונדזער געשיכטע ווי אַ קרייז, אין וועלכן ס'באַוועגן זיך סוף און אָנהייב, אָבער זיי ווילן נישט זען וואָס איז דאָ צווישן, די מיט. דער פאַרלאַנג איבערצוהיפּערן האָט זיך שוין נישט איין מאָל געלאָזט הערן — פאַר אייערנעכטן האָט ער געפאָדערט איבערצוהיפּערן די גמרא; אייערנעכטן האָט ער געפאָדערט אַרויסצושטויסן קבלה; נעכטן האָט ער געפאָ־דערט אָפּצומעקן חסידות. והצד השווה אין די אַלע פאָדערונגען איז אַ פאַר־לייקענען פון אונדזער געשיכטע ווי אַזוי זי איז געווען. אָבער מיר קאָנען די איבערשפּרינגער, וואָס ס'גלוסט זיך זיי איינאָרדענען אַ באַקוועמערע געשיכטע, גאָרנישט העלפן, ווייל אונדזער געשיכטע איז געווען ווי זי איז געווען. און אויך דער פאַרלאַנג איבערצוהיפּערן ייִדיש, איז אַזאַ מין פאָדערונג, און דערהויפּט אַ מענטש פון וויסנשאַפט ווערט אים האַלטן פאַר אַן אַטאַק אויף זיין ערשטן און עיקרדיקן חוב, דעם חוב פון אמת.

### ה

און וואָס שייך דעם לימוד גופא, מיט וועלכן מ׳האָט מיך איצט מכבד געווען, דוכט זיך אַז איך בין פּטור צו רעדן דאַריבער. דען ס׳איז דאָך נישט אַ זאַך פון רעדן, נאָר פון טאָן, און בלויז לויטן טאָן וועט זיך אַרויסשטעלן, צי אייער צו־טרוי איז אַ באַרעכטיקטער. כ׳וועל פאַרענדיקן און זאָגן, אַז לעת עתה פיר איך זיך ווי ר׳ יוסי, וואָס אַז מ׳האָט אים גערופן צום דוכן, איז ער אַרויפגעגאַנגען. נאָר ער, דער גרויסער, האָט געמוזט צוגעבן: כאָטש כ׳בין נישט קיין כהן, און איך, דער קליינער, קאָן צוגעבן: און צופעליק בין איך אויך אַ כהן.

[ח׳ אלול תשי״א]

# די טייכן און דער ים

א וואָרט ביים ייִדיש־סימפּאָזיום אין תל־אביב

א

איך האָב אַ קראַנטנע עדות, פריינד שמעון ראָזענבערג, לייטער פון י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, אַז בנוגע אונדזער איצטיקן איבערשמועס, אָדער ווי מיר רופן עס אַ קאָפּ אויפגעשרויפט: סימפּאָזיום — האָב איך געהאַט אַ זאַכלעכן ספק און אַ פאַרשווינלעכן קווענקל, און עס איז מיר באמת נישט לייכט אָנגעקומען זיי גובר צו זיין. וויל איך קודם כל קורץ אויפקלערן וואָס האָט מיך אייגנטלעך געקוועטשט.

ב

וועגן זאַכלעכן ספק — מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז שוין דאָ, אין תל־אביב, פאָרגעקומען, איניצירט פון מלך ראַוויטש, אַן ענלעכער שמועס, און אַפילו אין אַ קאָלירעקערן, ווייל העטעראָגענערן צוזאַמענשטעל. אָבער דער ביי אונדז אַזוי זעלטענער פּרווו זיך צוצוהערן נישט בלויז צו זיך אַליין, נאָר אויך צו יענעם; אַ פּרווו פון אַן ערנצטן איבערקלער און דורכקלער, ווי עס פאָדערן דאָס אָרט און די צייט, איז פאַרשוועכט געוואָרן פון דעקלאַראַטיווע, און ממילא דעקלאַמאַ־טיווע זאָגעכצער.

דער נאָך־טעם פון יענעם שמועס האָט מיך לאַנג געדרודפּט און האָט זיך אויך אַריינגעמישט אַ סך שפּעטער, ווען אונדזער דעמאָלטיקער קולטור און דערציִונגס־מיניסטער, זלמן ארן, האָט געפּלאַנט אַ צוזאַמענקום אין ירושלים פון העברעיִשע און ייִדישע שרייבער אויף דער וועלט. און איך בין געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב אין יענער אַלגעמיינער הייסער, כמעט היציקער, אַקלאַמאַציע אַריינצוואָרפן אַ קילע וואָרענונג: איך האָב, פּשוט, מורא געהאַט, עס זאָל זיך נישט איבערחזרן די דערמאָנטע אימפּרעזע, און דאָס אין אַ גרעסערן פאַרנעם, וואָס הייסט ממילא אַ גרעסערע סכנה, און באמת דריי סכנות.

ג

די ערשטע סכנה — די אינערציע אין איר באַזונדערן מעטאַמאָרפאָז: דאָס

טיפערע באַוווּסטזיין, און שוין אָפּגעשמועסט, דאָס טיפערע געפיל, לעבט דורך דעם גרויסן איבערבראָך אין בײדע פּאָלוסן, דעם נעכטיקן אומקום און דעם הײנטיקן אויפקום, אָבער דאָס מויל, וואָס האַלט זיך אין כלל פון הרגל נעשׂה טבע, רעדט ווי אײערנעכטן. די צווײטע סכנה, די רעגרעסיע — אַמאָליקע קעגנערס ווײסן, אַז דער טאָפּלפּנימדיקער קאַטאַקליזם האָט אײנגעריסן די מויערן פון זײער קעג־נערשאַפט, אָבער קוים טרעפן זײ זיך פּנים אל פּנים, בפרט אין רשות־הרבים, ציִען זײ זיך, ווי אויטאָמאַטיש, צוריק אין זײערע אײערנעכטיקע פּאָזיציעס און שפּילן זײער אײערנעכטיקע ראָל, און עס איז, לא עלינו, אַ שפּיל פאַרן טײוול. די דריטע סכנה, וואָס שפּײזט די צווײ פריִערדיקע און ווערט פון זײ געשפּײזט, איז אפשר די שווערסטע און געפערלעכסטע, דער ressentiment, ווו די אײערנעכ־טיקע אַנטאַגאָניזמען, וועלכע האָבן זיך אײנגעבראָכן אין שטורעם פון גרויליקן אומקום, ווערן, האַלב אָדער גאַנץ אומבאַוווּסט, מגולגל אין אַ מין היפּער־דאַגהניש פאַרן שאַריענדיקן אויפקום, זײַן איכות און מאָראַל, זײַן געהאַלט און געשטאַלט, און אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען די גאַנצע תוכחה־ליטעראַטור, וואָס לײענט זיך ווי אַ צעצויגענע פּרשה בחוקותי — אַ ים מיט תרעומות כלפּי אונדזער מדינה, און אין די כראָנישע שטראָפּרײד פאַרנעמט טאָקע דער ענין ייִדיש נישט אײן מאָל דעם אויבנאָן.

אָט פאַר די דרײ סכנות האָב איך, און דוכט זיך נישט מיט אומרעכט, מורא געהאַט, אָבער כאָטש איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי זײ וועלן זיך צעבור־שעווען אויף אַזאַ מין צוזאַמענקום, איז נאָך דעם ווי מען האָט באַשלאָסן אים אָפּצוהאַלטן, האָב איך זיך מיט כל אמצי־כוח אַרײַנגעוואָרפן אין זײַן צוגרײט־אַרבעט, און עס איז נישט מײַן שולד, וואָס ס'איז געווען אַ טירחה לבטלה.

עס קומט מיר פיר, אַז מען דאַרף קײנעם נישט פּיקן דאָס צינגל צו פאַר־שטײן דעם משל לגבי דעם איצטיקן נמשל.

## ד

און איצט וועגן פאַרשווינלעכן קווענקל — אַז איך האָב דערזען די רשימה פון די בכבודיקע אָנטײלנעמער אין איצטיקן שמועס — חיים בעז, משה גראָס־צימערמאַן, יעקב זרבבל, זלמן יעפרויקין, יעקב פּאַט און חיים פינקלשטײן — האָב איך נישט געקאָנט נישט באַמערקן, אַז עס איז נישט אין גאַנצן אַ fair play. פּשוט, ווײל מיר טרעטן אויף מיט נישט גלײכע כוחות; דען, לפּחות, אין דרײ פּונקטן זענען אַלע קעגן אײנעם, און דער אײנער בין איך עבדך בן אמתך. דער ערשטער פּונקט — אַלע שטײען אויף דער באַזע פון ייִדיש־וועלט־לעכער קולטור, און איך בין אירס אַ גאַר קנאַפּער חסיד; איך האַלט, אַז מה שהיה הוא שיהיה, ייִדישקײט איז געווען און וועט זײַן אַן אמונה, געבויט אויפן

בונד צווישן גאָט און פֿאָלק, אַ געלעבטע תורה; און וועלטלעכקייט, נישט ווי אַן אַטריבוט, נאָר ווי אַ סובסטאַנציע פֿון אונדזער קולטור, איז בלויז אַ דיאַלעקטיש פּראָוויזאָריום, אַ מין בין מלכא למלכא, אַן אינטעררעגנום.

דער צווייטער פּונקט — אַלע אַנטיילנעמער האָבן אין זייער ביאָגראַפֿיע אַ היפּש ייִדישיסטיש קאַפּיטל, ווער אַ פֿלאַמענדיקס און ווער אַ פֿלימערדיקס, אָבער אין מיין ביאָגראַפֿיע פֿעלט דאָס לחלוטין, און מסתמא האָט מורי וידידי ר׳ דניאל לייבל געטראָפֿן אין פּינטל, ווען ער האָט איבער מיר מרמז געווען, אַז העברעיִש איז פֿאַר מיר אַזאַ זיכערער, אָרגאַניש־היסטאָרישער און וויטאַל־אַקטועלער עלע־מענט אין אויפֿלעב פֿון אונדזער פֿאָלק אין זיין היימלאַנד, אַז איך האָב אַפֿילו פֿאַרשפּאָרט צו זיין אַ העברעיִסט.

דער דריטער פּונקט — דער רוב אַנטיילנעמער, אויב נישט אַלע, זענען וועלט־מענטשן, שפּרייזן אַרום איבער די איצטיקע ייִדישע ישובים פֿון עק ביז עק; און איך בין אַ פּראָווינצלער־מדעת, וועלכער האָט במשך פֿיר און דרייסיק יאָר נישט פֿאַרלאָזט ארץ־ישראל אויף קיין איינציקע רגע, סיידן איך זאָל האַלטן פֿאַר חוץ־לארץ דאָס האַלבע יאָר, ווען איך בין געווען אַ לערער אין נהריים, וואָס האָט שוין דעמאָלט באַלאַנגט צו עבר־הירדן, און זיך נישט אומקוקן אויפֿן פּראָ־טעסט פֿון חומש און חז״ל. אמת, איך וואָלט געקאָנט טאָן וואָס יענע בעלי־עצה־מרחוק אין אַמעריקע טוען, און פּונקט אַזוי ווי זיי עצהן פֿון דער ווייטנס וואָס פֿאַר אַ פּנים די מדינה דאַרף האָבן, און האָבן תרעומת אַז מען פֿאָלגט זיי נישט, אַזוי וועל איך עצהן פֿון דער ווייטנס, וואָס פֿאַר אַ פּנים די ייִדישע ישובים אין גלות דאַרפֿן האָבן, און וועל האָבן תרעומת, אַז מען וועט מיך נישט פֿאָלגן. האַלט איך אָבער נישט פּראַקטיש און נאָך ווייניקער מאָראַליש, פֿונעם גאַנצן סיסטעם פֿון עצה־מרחוק, און ממילא קאָן איך איצט נאָר רעדן איבער אונדזער טעמע, ייִדיש אין אונדזער דערציִונג, אין די גרענעצן פֿון ישראל, ווי אַזוי די טעמע ווייזט זיך אויס אין די אויגן פֿון איינעם, וואָס איז ליטעראַריש, פּובליציסטיש, פֿאָרשעריש און פּעדאַגאָגיש, נאָענט צו דעם היקף פֿון דעם פּראָבלעם און רעדט זיך איין אַז ער האָט זיך אויך דערביוועט צו זיין יאָדרע.

ה

מעגלעך, אַז איר האָט באַמערקט, אַז איך האָב אויסגערעכנט פֿיר אַספּעקטן און איך האָב איבערגעהיפּערט אַ פֿינפֿטן: דעם אידעאָלאָגישן. נישט מחמת איך האַלט נישט פֿון אידעאָלאָגיע, אַדרבא, אַן איר זענען מיר אויסגעליוועוערט דער סכנה פֿון אַ וויטריפֿאַליע, אָבער איך האַלט נישט, אַז וואָס מיר טוען איז צוליב דער אידעאָלאָגיע, כאָטש אונדז דאַכט זיך אַזוי; מיר טוען צוליב אַ סך גרונטי־קערע און טיפֿערע טעמים, און ערשט אין גרויסן, כוללדיקן, היסטאָרישן חשבון

שטעלט זיך אַרויס, אַז נישט מיר האָבן אויסגעקליבן די שטעלונגען נאָר די שטעלונגען האָבן אונדז אויסגעקליבן. ואל יתהלל החכם בחכמתו איז שוין אַ גאָר אַלטער זאָג.

אַז מיר קוקן זיך צו, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין יִידישן לעבן פאַר די לעצטע צוויי, דריי דורות, ווערן מיר דערשיטערט פונעם בילד פון אַ תוהו ובוהו — מילא, פאַרטייען און ריכטונגען זענען פאַראַן אין יעדן פאָלק, אָבער דער יסוד, אָדער די יסודות פון פאָלק, לאַנד אָדער שפּראַך, אָדער ביידע, איז מחוץ זייער ווידעראַנאַנד. ביי אונדז האָט דער ווידעראַנאַנד אויפגעטרייסלט די עצם יסודות פון פאָלק. אַזאַ פאַרמאַלער נאַציאָנאַל־טעאָרעטיקער ווי יעקב קלאַצקין. האָט געקאָנט אָננעמען די מעגלעכקייט פון פאַנאַנדערטייל אויף צוויי פעלקער, און דער פאַנאַנדערטייל איז ביי אים אַ בפירוש שפּראַכלעכער: אַ באַזונדערער העברעיִש פאָלק און אַ באַזונדער יִידיש פאָלק. שווער צו זאָגן, אַז די הנחה פון אַזאַ פאַנאַנדערטייל איז אָן אויסגעטראַכטע. פּרוּוון פון אַזאַ פאַנאַנדערטייל האָבן מיר געהאַט גענוג און זיי האָבן אונדז טייער געקאָסט, — אָבער אַזוי ווי די הנחה איז, סוף כל סוף, אַ מין חשבון, וועלכער איז געמאַכט געוואָרן אָן דעם בעל־הבית, אָן דער יִידישער געשיכטע אין איר אימאַנענטן גאַנג, וועלכער איז געוועזן קלאָר און באַוווּסט יעדן יִידן, און אויב ער האָט געזאָגט די שבתדיקע קדושה נוסח ספרד, האָט ער אויך געקאָנט דעפינירן אין געציילטע צוויי ווערטער: אחרית כראשית; און ווייל די הנחה איז געמאַכט געוואָרן אָן דעם אייגנטלעכן בעל־בית, איז די דעזאָריענטאַציע פון די לעצטע צוויי־דריי דורות ווי אָן עפּיזאָדאַלער אָפּנויג אין דער לאַנגער קייט פון אונדזער באַוווּסטזיניקייט, און איר עפּיזאָדישקייט ווערט אַלץ בולטער, וואָס מער מיר שטייען אין דער עצם הלכה־למעשה פון אונדזער היסטאָרישער רעאָריענטאַציע. עס איז אַ קיימא־לן, אַז דער אחרית כראשית שליסט אין זיך איין דעם זיווג פונעם אַלט־נייעם היסטאָרישן לאַנד, ארץ הקודש, און פון דער אַלט־נייער היסטאָרישער שפּראַך, לשון קודש, און מיר ווייסן נישט, וועלכער פּלא איז גרעסער, צי דער אויפלעב פונעם לאַנד, צי דער אויפלעב פון דער שפּראַך, אָבער דאָס איז נישט אָן אויפלעב פון אַ יש מאַין, דען ביידע האָבן נישט אויפגעהערט צו לעבן אין פאָלק: ס'לאַנד, ווי אַ לאַטענטער שוין צו מאָל היפּש מאַניפעסטער כוח, — אַ סימן די משיחישע באַוועגונגען און עליות; די שפּראַך ווי אַ לאַטענטער און תמיד היפּש מאַניפעסטער כוח — אַ סימן די רייכע העברעיִשע ליטעראַטור. אָבער אַלע דורות פון דער לאַטענטקייט האָט דאָס פאָלק געהאַט לעבעדיקע שפּראַכן, וואָס האָבן אין זיך סינטעטיזירט דאָס וואַריאַבלע פון יִידישן גורל און דאָס קאָנסטאַנטע פון יִידישן שליחות, אַ מאָל איז אַזאַ שפּראַך נישט אַריבער דעם פּרימיטיוון שטאַפּל, אָדער איז אַריבער די שוועל און איז צוריק אַראָפּגעפאַלן; אַ מאָל האָט אַזאַ שפּראַך

דערגרייכט אַ מיטלמאַסיקע מדרגה און איז אויף איר פאַרשטאַרצט געוואָרן; אַ מאָל ווייטער אַ שפּראַך, וואָס האָט זיך פון אַן אויסלייערישן אָנהויב אַרויסאַנט־וויקלט צו איינער פון די גרויסע אייראָפּעיִשע שפּראַכן, פון די פּראָגרעסיווסטע צווישן זיי אין אויפבוי און פון די רייכסטע צווישן זיי אין אידיאָמאַטיק, און האָט פאַרקערפּערט דעם געניוס און דעם כאַראַקטער פון פאָלק, צו ערשט מער אין דער שמועס־שפּראַך און שפּעטער אויך און בעיקר אין דער ליטעראַטור־שפּראַך און איז געוואָרן איינער פון די שטאַרקסטע כוחות, וואָס האָבן אין די לעצטע הונדערט יאָר אַנטשיידנדיק פאַרהאָלפן צום דערהאַלטן פון גרויסן יידישן קאָ־לעקטיוו אין מזרח־אייראָפּע און זיינע קאָלאָניעס, און איז אויך געווען דער אָפענער סטימול און דער געהיימער סופלאָר פונעם אויפלעב פון העברעיִש אַלס שמועס־שפּראַך.

ו

אין פלוג קאָן זיך דאַכטן, אַז די לעצטע ווערטער אונדזערע זענען סותר דעם אַזוי גערופענעם שפּראַכן־קאַמף. אָבער דער גאַנצער קאַמף איז דאָך אַ צו־ציקל אין אונדזער געשיכטע און אַפילו אין זיין קורצער צייט, לא כל שכן אין די לאַנגע דורות פאַר אים, האָבן די שפּראַכן קיין מאָל צווישן זיך נישט גע־קעמפט, זיי האָבן עס אויך אין דער קורצער צייט נישט געטאָן, דען נישט די שפּראַכן האָבן געקעמפט, נאָר די וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט זיי ווי אַ קאַמפ־מיטל און זייערע היסטאָרישע, אַהיסטאָרישע און אַנטיהיסטאָרישע אידעאָלאָגישע ווידעראַנאַנדן, און עס איז נישט מער ווי אַ בלבול אויף יידיש, אַז זי איז גע־ווען אַ קעגנער פון לשון קודש; געננוג אַ קוק צו טאָן אין דער ליטעראַטור פון רוב דורות און זען וואָס פאַר אַ זיסער זיווג זיי זענען געווען, פריִער אויבן, אָדער רעכטס לשון קודש און אונטן, אָדער לינקס יידיש, שפּעטער די צווייִשפּראַכיקע פערסאָנאַלע אוניע; פונקט ווי ס'איז אַ בילבול אויף לשון קודש, אַז ער האָט פיינט געהאַט יידיש; ווען נישט יידיש, די מלכה פון אַלע יידישן, וואָלט דאָך, — ווי ביאַליק האָט שוין באַמערקט — העברעיִש צעפאַלן אין די גלותן אין כלערליי העברעיִשן, און וואָלט נישט געקאָנט ווערן וואָס עס איז איצט אין דער מדינה — דער קיט פון אַלע נדחי ישראל, וואָס קומען פון שבעים אומות און רעדן אויף שבעים לשון; אַ קיט וואָס זיין כוח באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז אַלעמענס בשותפותדיקסטער עלעמענט.

די קשיא, וועלכע שטייט פאַר אונדז, איז: וואָס געשעט, קאָן געשען און דאַרף געשען מיט יידיש אין אַ העברעיִשער ווערקלעכקייט. איך וועל פּרוּוון די זאַך אַזוי אַנידערשטעלן: מה־דאָך, אַז פערסיש־טאַט אָדער קורדיש־תרגום, כל שכן ספרדיש־דזשודעזמאַ זענען אַ קשיא, — האָט זיך דאָך יעקב אָבינו געמוזט

שלאָגן מיטן מלאך און געבערעכט ווערן, ווייל ער האָט פאַרגעסן די פכּים קטנים, קל וחומר, אשכּנזיש־ייִדיש, וואָס איז בחינת פכּים גדולים, בעסער געזאָגט: פּער־סער אָנגעשטאָפּט מיט רענדלעך גאָלד. כּדי צו ענטפערן אויף דער קשיא, וועל איך דערמאָנען אַ שמועס מיט יוסף אַפּאַטאָשו, עליו השלום, — דער שמועס איז געווען אַ לאַנגער, ער האָט זיך געצויגן דורך דער גאַנצער לענג פון די יום־כּיפּור־אויסנעמענס אין תל־אביב. ער האָט זיך אָנגעהויבן ווי אַ המשך פון אַ דיסקוסיע אַרום מיין איבערזעץ פון זיין „אַ טאָג אין רעגנסבורג״. ווי איר ווייסט, איז דאָס אַ מייסטער־שטיק פון אַ נאָוועלע, אָבער איך האָב נישט געקאָנט דעם איבערזעץ לאָזן גיין אָן אַ נאָכוואָרט, ווו איך האָב באַוויזן, אַז אויב די נאָוועלע וויל זיין אַ היסטאָרישע, דאַרף מען זי אָננעמען cum magno grano salis, הײמיש געזאָגט, הייסט עס: מען מוז היפּש, קריטיש אונטערזאַלצן. באמת, האָט ער די נאָוועלע געבויט אויף פאָרשערישע אַרבעטן פון שטיף און עריק, אָבער ערבך ערבא צריך, זיי ביידע ודומיהם האָבן דער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור געוואָלט איינרעדן אַ קינד אין בויך, און עס קומט אויס, אַז פּונקט ווי עס ווייסן די מחבּ־רים פון דער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור, אַזוי ווייסן אויך די גיבורים פון יענער נאָוועלע, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין 16טן יאָרהונדערט, אַקוראַט דעם עקסטן פּירוש אויף די החלטות פון דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ.

אין מיטן שמועס האָט אַפּאַטאָשו אַ קאָפּ בייזלעך אַ וואָרף געטאָן אַ שאלה: און ווי, שטאָק־לעבּ, קלערט איר צו דאַצירן ייִדיש אין העברעיִשן אוניווערסי־טעט? האָב איך געענטפערט: עס איז נישט בלויז אַ העברעיִשער, נאָר אַ ירו־שלימער אוניווערסיטעט. פרעגט ער: מה נפקא מינה? ענטפער איך: ירושלים איז אַ נאָבלעס, „נאָבלעס אָבליזש״. פרעגט ער: דהיינו? ענטפער איך: ירושלים איז מחייב און דערמעגלעכט צו זען די גאַנצע מאַפּע פון ייִדישער קולטור, פון דער טאָטאַלער ייִדישער קולטור, און אויף דער מאַפּע האָט ייִדיש איר באַשטימטן פּלאַץ, הונדערטער יאָר פון אינטענסיוון לעבן און שאַפן פון גרעסטן ייִדישן שבט, דעם רוב שבט אשכּנז. בעצם וואָלט איך, בתורת וויסנשאַפטלער, געדאַרפט צו זאָגן, אַז די שפּראַך און איר ליטעראַטור דאַרפן געלערנט ווערן נישט מער און נישט ווייניקער ווי עס קומט זיי לויט זייער פּראָפּאָרץ אויף דער דאָזיקער כּולל־דיקער מאַפּע, אָבער מיר האָבן דאָ פאָרט צו טאָן מיט אימפּאָנדעראַביליאַ, וואָס עס לאָזט זיך נישט מעסטן און וועגן דער מער און דער ווייניקער, און דער עיקר איז נישט דאָס מעסטן, נאָר דער פאַרמעסט; נישט דאָס וועגן, נאָר די געוואָגט־קייט, איבערצוגעבן דאָס גאַנצע עשירות, און צו ווייזן, אַז ווער עס רעדט זיך איין זיך אויסצוקענען אין אונדזער קולטור און קען נישט דעם אוצר, איז לאָ די וואָס ער איז נישט איר בן־בית, איז ער אַפילו נישט איר אָרעמער שכן. דען פון אַלע ייִדיש־שפּראַכן, האָט זיך אונדזער ייִדיש אויסגעפורעמט ווי איינער פון

אונדזערע קולטור־ווערטן, איך וועל נישט זאָגן, אַזוי ווי מען האָט דאָ און דאָרט פאַרגליכן: באַגלייך מיטן בבלי — בכלל, איז גמרא אַ צו האַרבע קאָנקורענץ — אָבער באַגלייך מיט אַנדערע גרויסע צווייגן פון אונדזער קולטור.

ז

היוצא מדברינו, אַז אונדזער מדינה, דווקא ווייל זי וויל, קאָן און מוז זיין בחינת כל הנחלים הולכים אל הים, דאַרף וועקן און דערהאַלטן דעם אינטערעס פאַר יידיש — זי דאַרף עס טאָן אין דער שול: אין דער פאָלק־ און מיטלשול שטאַרקן די טענדענץ, וועלכע האָט זיך שוין דורכגעזעצט. די אָבליגאַטאָרישקייט, וועלכע איז חל אויף מענדעלע, שלום־עליכם און י. ל. פּרץ אין זייער פאַרלאַזלעכן העברעיִשן נוסח, דאַרף אויסגעשפרייט ווערן אויף אַנדערע רעפּרעזענטאַטיווע מחברים; אין די אייבערשטע קלאַסן פון מיטלשול זאָל די תלמידים איבערגעלאָזט ווערן די ברירה יידיש־לימוד אין איר מקור; אין די סעמינאַרן און אין די הומאַניסטישע אָפּטיילן פון הויכשולן דאַרף יידיש געלערנט ווערן ווי אַ עיקר־פאַך, אָדער אַ דערגאַנץ צו שכנישע צווייגן (געשיכטע פון שבט אשכנז, בעיקר מזרח־אייראָפּע און אירע קאָלאָניעס, געשיכטע פון חסידות, פון מאָדערנער העברעיִשער ליטעראַטור, פון יידישער אַרבעטער־באַוועגונג וכדומה); די קולטור־אינסטיטוציעס און ציבור־פאַרלאַגן דאַרפן אויסברייטערן די איבערזעצערישע אויפטוען, און זיך אַריינקלערן אין אַ ברייט פאַרשניטענעם פּלאַן פאַר אַן אַרויסגאָב פון אוצר פון דער יידיש־ליטעראַטור, דף כנגד דף, אחד מקור ואחד תרגום. עס דאַרפן זיין באַזונדערע צענטערן פון אינטערעס פאַר יידיש — דער בית־ליעסין, דער בית־שלום אַש און בקרוב דער בית שלום־עליכם און בית־פינסקי דאַרפן זיין טרעפפּונקטן פון דעם אינטערעס. עס דאַרף אפשר אויפשטיין אַ באַזונדערע געזעלשאַפט מיט אַן אייגענעם טאָפּלשפּראַכיקן אָרגאַן.

איך וואָלט מיר נישט דערלויבט צו וואַרפן פּלאַנען און לאָזונגען, ווען איך וואָלט פון נסיון נישט געוווסט, אַז זיי האָבן אונטער זיך אַ גוטן באָדן — עס זענען דאָ אָפענע אויערן און אָפענע הערצער.

די וואָס האָבן געהערט די ווערטער מיינע, האָבן זיי געהערט אין מיין היימישן, בפירוש־דרומדיקן דיאַלעקט, האָב איך טאָקע פאַרענדיקט מיט אַ באַמערק, אַז איך האָב זיך געסטאַרעט צו באַהערשן דעם גאַנצן אונטערדיאַלעקטישן אוצר פון יידיש־ווערטלעך, אָבער בתורת גאַליציאַנער זענען צו מיר נאָך אַלץ נישט דערגאַנגען אַלע ליטווישע גלייכווערטלעך. האָב איך טאָקע הנאה געהאָט צו זען, ווי יעקב פאַט באַנוצט זיך אין „וועקער" מיט אַזאַ גלייכווערטל: „מען קאָן נישט פאַרשפּאַרן די ווילדע מיט אַ שפּענדל" — ער באַנוצט עס לגבי דעם באַצי צו יידיש מצד דער אַלוועלטלעכער דערציִונגס־קאָנפערענץ אין ירושלים,

אָבער איך דערלויב זיך צו זאָגן, אַז אַזאַ טייערער משל פאַרדינט אַ בעסערן נמשל. אמת, איך בין זיך מודה, אַז איך האָב אַן אידיאָסינקראַזיע צו אַלוועלטלעכע יידישע אינסטיטוציעס, וואָס נישט ווייניק פון זיי זענען אויסגעבלאָזענע אייער. די איינציקע אַלוועלטלעכע יידישע אינסטיטוציע, פון וועלכער איך האָב געהאַלטן, איז געווען די אַלוועלטלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אַזוי לאַנג ווי זי איז געווען אַ ממש, ווייל איר שליחות איז געווען אונדז פון דער אַלוועלטלעכקייט צו באַפרייען.

איך וואָלט דעם פיינעם משל באַנוצט פאַר אַן אַנדערן נמשל: אמת, מיט אַ שפּענדל קאָן מען קיין טייך נישט פאַרשפּאַרן, אָבער ווער עס קוקט זיך צו צו די לעצטע פּאָר דורות, זעט, אַז מען האָט ביי אונדז צו פיל געפּרוווט מיט צייט־לעכע שפּענדלעך צו פאַרשפּאַרן היסטאָרישע טייכן, אָבער אַ יעדער טייך האָט נישט בלויז די קליינע שפּענדלעך, נאָר אויך די גרויסע טאַמעס אַוועקגעשאַרט און ווייטער און שטאַרקער געשטראָמט צום ים.

ווייל, רבותי, מיט אַ היסטאָרישן טייך שפּילט מען זיך נישט — נישט קעגן טייך, נאָר מיטן טייך, אין טייך.

[כ"ח תשרי תשכ"ג]

# כי טובים השניים — טאָפּל איז שטאַרקער

א וואָרט ביי דעם יובל־פייער פון ניו־יאָרקער י. ל. פרץ־פאַראיין

## א

כל מה שאומר לך בעל הבית עשה, — אַלץ וואָס דער באַלעבאָס הייסט דיך, ביסטו מחוייב צו טאָן; אולם מה נעשה, — ווי איז דער דין, כשאומרים לך שני בעלי־בתים, — אַז עס הייסן דיר צוויי באַלעבאָסים; ולא כלשונו של זה לשונו של זה, — און יעדער פון זיי בײדע האָט זיך זיין שפּראַך; ואי אתה רוצה לפגוע לו בזו ולא בזו, — און דו ווילסט נישט פאַרטשעפּן מיט זיי; אתה מנסה לצאת חובה שתיהן, — פּרוּווּסט יוצא זיין בײדע; אף שאי אתה יודע מה יהא בסופך, — כאָטש דו ווייסט נישט וואָס פאַר אַ סוף וועסט האָבן; כפי הנאמר בזמירות, — ווי עס שטייט אין די זמירות: אשרי כל חוכי לתשלומי כפל, — ווייל די וואָס דערוואַרטן אַ טאָפּל געצאָלטס; או כמאמר המדרש; — אָדער ווי דער מדרש מאַכט: לקו בכפליים, — מען האָט זיי נעבעך טאָפּל אַריינגעצימבלט.

## ב

עיניכם הרואות, — ווי איר זעט בחוש; נעניתי לשני בעלי־הבית, — האָב איך נאָכגעגעבן בײדע באַלעבאָטים; ביתר בירור: לשתי בעלות־הבית, — קלאָרער געזאָגט: בײדע באַלעבאָסטעס; אלו שתים לשונותינו, דאָס זענען אונדזערע בײדע שפּראַכן; אף שאיני יודע, — כאָטש איך ווייס נישט; כיצד מתחלקים שומעי, ווי אַזוי מיינע צוהערערס טיילן זיך פונאַנדער; ומן האפשר שיארעני מה שאירע לאותם ב׳ בחורים, — און עס איז גריילעך מעגלעך, עס זאָל מיר טרעפן וואָס עס איז געטראָפן יענע צוויי בחורים, שבאו לברך לרגל את רבם, — וואָס זענען געקומען אַ גוט־יום־טוב בענטשן דעם רבין זייערן, דעם חת״ם סופר; כשנפטרו ממנו בירכם, — אַז זיי האָבן זיך געזעגנט האָט ער זיי אָנגעווינטשעוועט; וקראם, — און האָט זיי גערופן קלמן וזלמן; אמר זה: לא קלמן שמי אלא איציק שמי וזה אמר: לא זלמן שמי אלא זעליג שמי; השיבם, — האָט ער זיי געענטפערט: מכיר אני כל בחורי־הישיבה שלי, דהיינו שאני מכיר את כל פרצופיהם ואת כל שמותיהם, אך פעמים אני מעמעם מה פרצוף שייך לשם ומה שם

שייך לפרצוף, — איך קען אַלע מיינע ישיבה־בחורים, דהיינו איך קען אַלע פּני־מער און אַלע נעמען, אָבער צו מאָל קווענקל איך מיך, וועלכעס פּנים געהער צו וועלכן נאָמען און וועלכער נאָמען געהער צו וועלכן פּנים.

ואף אני, עבדכם בן אמתכם, איני יודע בכם מה לשון יאה לכל אחד ואחד מכם — אויך איך, אייער קנעכט דער זון פון אייער דינסט, ווייס נישט וועלכע שפּראַך פּאַסט זיך פאַר יעדן איינציקן פון אייך; הריני מקיים כפליים לתושייה, — גיי איך נאָך דעם כלל: טאָפּלט איז שטאַרקער.

ג

אבל זו עדיין חצי צרה, — אָבער דאָס איז נאָך פאַל בידאַ; כי יש צרה גדולה הימנה, ווייל דאָ שטעלט זיך אַ גרעסערע פּורעניות. כי אך נפטרנו משני בעלי הבית, או: משתי בעלות הבית, — דען קוים האָסטו זיך דערפאַרעס מיט די צוויי באַלעבאַטים, אָדער: מיט די צוויי באַלעבאָסטעס; קופצת כנגדך קו־שיה, — שפּרינגט דיר אַנטקעגן אַ קשיא; מה תעשה, — ווי איז דער דין, כשאומרים לך שני חצאי בעלי־בית, ווען עס הייסן דיר צוויי האַלבע באַלעבאַטים; כיצד אתה מציית להם, — ווי אַרום פאָלגסטו זיי. והרי באמת שני חצאי בעלי־בית לפנינו, און מיר האָבן גריילעך צו טאָן מיט צוויי האַלבע באַלעבאַטים; מכאן האַגודה על שם י. ל. פרץ בניו־יורק הכוללת גם סופרים גם עתונאים, — פון איין זייט דער שרייבער־פאַראיין אויפן נאָמען פון י. ל. פרץ אין ניו־יאָרק, וואָס נעמט אַרום, סיי שרייבער, סיי זשורנאַליסטן; והיא שלחה לחגיגתנו עתה אלינו מטובי עתונאיה המייצגים גם את סופריה, — און זי האָט צו דער איצטיקער פייערונג געשיקט פון אירע לייטישע זשורנאַליסטן, וואָס רעפּרעזענטירן אויך די שרייבער; מכאן איגוד שאינו כולל סופרים אלא עתונאים בלבד, — פון דער אַנדערער זייט — אַ פאַרבאַנד, וואָס נעמט נישט אַרום קיין שרייבער, נאָר בלויז זשור־נאַליסטן שכן בארצנו סופרים עם לעצמם ועתונאים עם לעצמם, — ווייל ביי אונדז אין לאַנד זענען די שרייבער אַ פאָלק פאַר זיך און די זשורנאַליסטן אַ פאָלק פאַר זיך; ואלה אגודה נבדלת להם משלהם ואלה אגודה נבדלת להם משלהם, — און די פאַרמאָגן זייער אייגענעם באַזונדערן פאַראיין און יענע פאַרמאָגן זייער אייגענעם פאַראיין; ולך וצא חובת שתי מחציות, — און גיי זיי יוצא לגבי צוויי העלפטן.

ד

אולם דומה כי הרוצה לצאת ידי חובה ראוי לו שיקשה על שום מה לא כדרכה של ניו־יורק היא דרכה של תל־אביב, שכאן סופרים ועתונאים שרויים תחת חופה אחת וכאן סופרים תחת חופתם שלהם ועתונאים שרויים תחת חופתם

שלהם, אם כי הן שתי חופות סמוכות, שכן העתונאים שחייהם חיי שעה יש להם בית גדול יותר, בית סוקולוב, והסופרים שחייהם חיי עולם יש להם בית קטן יותר, בית טשרניחובסקי, והם כידוע, שכנים, — אָבער דאַכט זיך, אַז ווער עס וויל יוצא זיין, איז מחוייב צו פרעגן פאַר וואָס פירט זיך ניו־יאָרק אַנדערש ווי תל־אביב, אַז דאָרט רוען זיך די שרייבער און זשורנאַליסטן אונטער אַ בשותּ־פותדיקער חופּה און דאָ רוען זיך די שרייבער אונטער איין חופּה און די זשור־נאַליסטן אונטער אַן אַנדערער חופּה, כאָטש ביידע חופּות זענען זיך נאָענט, ווייל די וואָס האַלטן אַז זייער לעבן איז אַ מער פאַרבייגייענדיקס האָבן זיך אויס־געסטראָיעט אַ גרעסער הויז, דעם בית סאָקאָלאָוו, ווייטער יענע וואָס האַלטן, אַז זייער לעבן איז אַ מער אייביקס, האָבן זיך אויפגעשטעלט אַ קלענער הויז, בית טשערניכאָווסקי, און זיי זענען, כידוע, שכנים.

ה

וכל כך למה, — און פאַר וואָס איז טאַקע אַזוי? לכאורה, הבחנה היא סימן בגרות, — אין פלוג איז אַ דיפערענציאַציע אַ צייכן פון צייטיקייט; אבל אין כוחו של הנברא גדול מכוחו של הבורא, ואף הבורא עשה הכל יפה בעתו, דהיינו בעתו בלבד, — אָבער דער מענטש איז נישט שטאַרקער פונעם אייבערשטן, און אויך דער אייבערשטער האָט אַלץ געמאַכט שיין אין זיין צייט, און בלויז אין זיין צייט. הקושיא היא, אם ההבדל שבין ניו־יורק ובין תל־אביב היא אמנם באמת בעתו, — די קשיה איז אויב דער חילוק צווישן ניו־יאָרק און תל־אביב איז באמת אין דער צייט; האם הראשונה איחרה מעט באיחודם של שני הסוגים או האחרונה הקדימה בפירודם, — אויב די איינע האָט זיך פאַרשפּעטיקט מיט צוזאַמענבונד פון ביידע סאָרטן, אָדער די אַנדערע האָט זיך געפּעדערט אין זייער פונאַנדערטייל; וכשם שלא טוב לאחר מדי, כי לא טובות שיני חלב למבוגר, כך לא טוב להקדים מדי, כי לא טובות שיני זהב לתינוק, — דען פונקט ווי עס טויג נישט, זיך צו פיל צו פאַרשפּעטיקן, ווייל מילך־ציין פּאַסן זיך נישט פאַר אַ דערוואַקסענעם, אַזוי טויג נישט, זיך צו פיל צו פעדערן, ווייל גאָלדענע ציין פּאַסן זיך נישט פאַר קיין זייגנדיק פּיצעלע.

ולא אומר כי יש בידי לפתור את הקושיה — איך וועל נישט זאָגן, אַז איך בין מסוגל צו באַשיידן די דאָזיקע קשיא; אך זאת ידעתי, כי ההבדל הזה מבאר את השוני שבין העתונות העברית בתל־אביב והעתונות היידית בניו־יורק, פה אין הסופרים קובעים אפיה ושם הם קובעים אפיה, — אָבער דאָס ווייס איך, אַז דער דאָזיקער חילוק דערקלערט די פאַרשיידנקייט צווישן דער העברעישער פּרע־סע אין תל־אביב און דער יידישער פּרעסע אין ניו־יאָרק, דאָ באַשטימען נישט די שרייבער איר כאַראַקטער און דאָרט באַשטימען זיי איר כאַראַקטער.

ולא אפרוש כל מסכת העתונות פה ושם, אך אסתפק בגילויים המצויים עד־עתה, איך וועל נישט אויפמישן די גאַנצע מסכתא פון דער פרעסע דאָ און דאָרט און וועל מיך באַנוגענען בלויז מיט דערשיינונגען, וואָס קומען פיר עד־היום: חלק גדול ובולט של עצם הספרות, רומנים, סיפורים בהמשכים, שירים במחזורים, נדפסו ונדפסים בעתונות היידיש, ואילו העתונות העברית נעלמו ממנה משכבר אלה ואלה, — אַ גרויסער און בולטער טייל פון דער עצם ליטעראַטור, ראָמאַנען און דערציילונגען אין המשכים, לידער אין גאַנצע ציקלען, האָבן זיך געדרוקט און דרוקן זיך אין דער יידישער פרעסע, בשעת פון דער העברעישער צייטונג זענען זיי שוין לאַנג־לאַנג פאַרשוווּנדן.

ועוד זאת, היושבים ראשונה במלכות ספרות יידיש, מהם משוררים, מהם מספרים, מהם מסאים, מדורי־קבע להם, בעניני יום יום הנדפסים בימות החול, בעתונים שם, ואילו בעתונים פה אי אתה מוצא בעניני יום יום הנדפסים בימות חול אלא עתונאים, או כמעט עתונאים בלבד, — און נאָך עפּעס: די שמנתה־וסלתה פון דער יידיש־ליטעראַטור, סיי דערציילערס, סיי דיכטער, סיי עסייִסטן האָבן דאָרט זייערע שטענדיקע רובריקן און דאָס אין דער וואָכן און אויף טאָגטעג־לעכע טעמעס, בשעת אין די צייטונגען דאָ רעדן אין דער וואָכן אין איבער טאָג־טעגלעכע טעמעס בלויז אָדער כמעט בלויז זשורנאַליסטן.

הרוצה לראות בגלוי ראשון ימצא דוגמאות בולטות, ביחוד ב„פאָרווערטס״ אם כי לא בו בלבד, והרוצה לראות בגילוי אחרון ימצא דוגמאות בולטות, ביחוד ב„טאָג מאָרגן זשורנאַל״, אם כי לא בו בלבד, — ווער עס וויל זען די ערשטע דערשיינונג קאָן געפינען בולטע דוגמאות, בעיקר אין „פאָרווערטס״, כאָטש נישט בלויז אין אים; ווער עס וויל זען די צווייטע דערשיינונג, קאָן געפינען בולטע דוגמאות, בעיקר אין „טאָג מאָרגן זשורנאַל״, כאָטש נישט בלויז אין אים. והקושיא היא, האמנם קואליציה רעה כל כך, — און עס פרעגט זיך, צי איז די דאָזיקע קאָאַליציע אַזוי שלעכט.

ו

הלכך נברך את בעלת הקואליציה הזאת, אגודת י. ל. פרץ באריכות ימים, כי אנו כולנו צריכים לה מאד, כי היא מקיימת את קוראי יידיש, את יודעי יידיש, והרי ידענו כי יודעי יידיש עצם ידיעתה היא אוצר של ערכי מורשה יהודית המתקפחים עם כל מעבר לשון הגויים — לאָמיר־זשע אַנווינטשעווען דער קאָ־אַליציע פון י. ל. פרץ־פאַראיין לאַנגע יאָרן, ווייל מיר דאַרפן זיי אַלע זייער האָבן, דען זי דערהאַלט די יידיש־לייענער, די יידיש־קענער, און מיר ווייסן דאָך, אַז די עצם יידיש־קענטשאַפט איז אַן אוצר פון געאַרבעטע יידישע ווערטן, וואָס גייען פאַרלוירן מיט יעדן איבערגאַנג צו אַ גוייִשער שפּראַך.

[תשרי תשכ״ז]

# ירושלים, קאָנגרעס, ייִדיש

## א

זלמן לעווי האָט, אין אַ בריוו צו דער „אַפריקאַנער יידישע צייטונג", קריטיקירט אַ לעקציע פון אַ רעפערענט, וואָס האָט, אין יאָהאַנעסבורגער פּאָלקס־אוניווערסיטעט, אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון וועגן דריטן קאָנגרעס פאַר יודאַיִסטישע וויסנשאַפטן אין ירושלים. פונעם בריוו האָב איך אַרויסגעלערנט, אַז מען האָט דעם לעקטאָר געפרעגט מכוח ייִדיש אויף דעם דאָזיקן קאָנגרעס, און אַז ער האָט געענטפערט, דאָס ער האָט געהערט צוויי רעפערענטן, איינעם אין ייִדיש און איינעם אין ענגליש; וואָס שייך דעם ערשטן רעפעראַט, ווייסט ער נישט אַרויסצוזאָגן דעם רעפערענטס נאָמען, צי סודאַן צי סעדאַן; וואָס שייך וויטער דעם צווייטן רעפעראַט, ווייסט ער, ווי אַרויסצוזאָגן דעם רעפערענטס נאָמען, אוריאל ווײַנרייך, אָבער ער דעפינירט דעם נאָמען פון רעפעראַט: וואָנצעס, וואָנצעס, וווּנצעס. איז עס טאַקע אַ ריטערלעכקייט מצד דעם בריוושרייבער, וואָס האָט זיך אָנגענומען די קריוודע סיי בנוגע דעם נאָמען פון אַ רעפערענט, סיי בנוגע דעם תוכן פון אַ רעפעראַט. זאָל מיר דערלויבט זיין עפּעס אין דעם ענין צו באַמערקן.

ראשית, בין איך זיך משער, אַז די דערמאָנטע לעקציע אין יאָהאַנעסבורג האָט געהאַלטן ד״ר ראַפּאָפּאָרט מיט וועלכן איך האָב מיך דאָ, בשעתן קאָנגרעס צוזאַמענגעקומען, און מיר האָבן, דוכט זיך, ביידע פון אונדזער שמועס הנאה געהאַט, שוין צוליב דעם, וואָס דער עיקר־שמועס איז געווען וועגן זיין טאַטן, ד״ר שמואל ראַפּאָפּאָרט, און איך האָב אים געקענט דערציילן, אַז זיין טאַטע איז, בתורת גימנאַזיע־שילער, איינגעשטאַנען ביי מיין זיידע־באָבע, פון מיין מאַמעס צד, אין בראָד, און האָט משמעות עפּעס אויך פון זיי גענאַשט פאַר זיין פאָלקלאָר־אינטערעס (זיין אַרבעט אין בובערס „יודע", וועגן ייִדישן יאָר, וואָס איז כולל מנהגים פון מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן, איז ביז היינט קלאַסיש); איך האָב אים אויך געקאָנט דערציילן מכוח מיינע באַגעגענישן מיט זיין פאָטער, ווען מיר האָבן, ווי חלוצים, געאַרבעט אין זיין גוט, קאַלינקע לעבן זלאָטשיוו; ואחרון, אַחרון האָב איך אים געקאָנט דערציילן, אַז זיין פאָטערס אייניקל, וואָס איז בנסי־נסים אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון היטלערס שווערד, איז מיינע אַ שילערין אין

ייִדיש־ליטעראַטור. איצט זע איך, אַז ער האָט אַפילו נישט געקאָנט איבערגעבן, ווי מײַן נאָמען איז. מוז איך מודה זײַן, אַז דאַרויף לאָזט זיך קײן תרעומת נישט האָבן — עס איז באמת אַ האַרב שטיקל הלכה. מען ווייסט טאַקע נישט אַקוראַט, ווי מען זאָל דאָס וואָרט סדן אויסלייגן — טייל, אַ שטייגער יהודה לייב גאָרדאָן האָבן אויסגעלייגט די סמך מיט אַ פּתח און די דלת מיט אַ קמץ; טייל, אַ שטייגער ח. נ. ביאַליק, לייגן אויס די סמך מיט אַ שוואָ און די דלת מיט אַ קמץ; טייל, אַ שטייגער דער תנך־לאָורעאַט ר׳ יחיה אַלשיך, רעדן דעם נאָמען אַרויס מיט צוויי סגול; דער העברעיִש־ספרדישער שרייבער יהודה בורלאַ האַלט ווידער, אַז די סמך דאַרף גאָר צו זײַן מיט אַ חיריק. ווילט איר אַפּנים, אַז ד״ר ראַפּאַ־פּאָרט זאָל דעם פּלאָנטער אויפּוויקלען?

אלא, וועט איר פרעגן, הלמאַי האָב איך מיר אַזאַ פּראָבלעמאַטישן נאָמען אויסגעקליבן? ווייסט איר דאָך מסתמא, אַז מײַן משפּחה־נאָמען איז פריִער גע־ווען אַ דייטשישער, שטאָק, האָב איך אים פאַרביטן אויף סדן, ווײַל דאָס וואָרט ווערט געבראַכט אין דריי איבערזעצונגען — ביי רש״י־ן בלעז ציפּ״י און בלשון אשכנז שטו״ק, ווײַטער אין „אור זרוע״ בלשון כנען קולוד״א. עס זענען, בעצם, דריי מיני ייִדיש, פון איין זייט פּראָוואַנסאַליש, פון איין זייט טשעכיש, און אין דער מיט אונדזער אַשכנז. האָב איך מיר געקלערט, אַז הונדערטער יאָרן האָבן מײַנע זיידעס און עלטער־זיידעס, לערנענדיק גמרא, געזען, אַז סדן הייסט בלשון אשכנז, אפשר שוין טאַקע קדמון ייִדיש, שטו״ק, איז עס דאָך אַ לעגיטימע זאַך. אלא ד״ר ראַפּאַפּאָרט קווענקלט זיך אין אויסלייג, האָט ער דאָך פאַר זיך געהאַט די ליסטע פון די קאָנגרעס־אַנטיילנעמער און האָט דאָרט געקענט גאַנץ לײַכט זען דעם אויסלייג אין לאַטײַנישע אותיות, און סוף־סוף האָבן מיר דאָך אַלע אויף די לאַצן געטראָגן אונדזערע נעמען אין ייִדישע און גויִשע אותיות, אַז מען זאָל אונדז, חלילה, נישט פאַרבײַטן.

שנית, אויב ד״ר ראַפּאַפּאָרט האָט געהערט צוויי רעפעראַטן, הייסט עס, אַז ער האָט פאַרלאָזט זײַן סעקציע, כדי צו הערן עפּעס פון ייִדישיסטיק, איז עס זייער שיין פון זײַן זייט, ווײַל, בדרך כלל, איז אַ יעדער ספּעציאַליסט געבונדן צו זײַן ספּעציעלער סעקציע. עס איז מיר אָבער קשה, וואָס פאַראַ רעפעראַטן ער האָט, בעצם, געהערט. לויט אייער ברייוו אין דער צײַטונג איז איינער געווען אויף ייִדיש און איינער אויף ענגליש. דער ייִדישער האָט געקאָנט זײַן מײַנער, אָבער דער ענגלישער האָט נישט געקאָנט זײַן אוריאל ווײַנרײַכס, ווײַל ער האָט רעפערירט העברעיִש. דער איינציקער, וועלכער האָט אין דער ייִדישער סעקציע גערעדט ענגליש, איז געווען פּראָפ׳ סאָל ליפּצין. קומט אויס, אַז ד״ר ראַפּאַפּאָרט האָט געהערט דריי רעפעראַטן, און דאָס איז אַוודאי שיין. אלא מאַי, ער דעפינירט אוריאל ווײַנרײַכס רעפעראַט: וואָנצעס, וואַנצעס, ווונצעס; איז אָדער ער

מאַכט זיך נאַיוו אָדער ער שפּילט הומאָר. וויינרייכס רעפעראַט איז פּירגעקומען אין אַ בשותּפותדיקן רעם פון דער ייִדיש־סעקציע און אַלע סעקציעס פאַר שפּראַכן און געשיכטע, און איז געווען פון די וואַגיקסטע אויפן קאָנגרעס.

שלישית, אויב ד"ר ראַפּאַפּאָרט איז, ביי זיין דין וחשבון איבערן קאָנגרעס, אויפגעפּאָדערט געוואָרן אַריינצונעמען אַ באַריכט איבער דער ייִדיש־סעקציע, האָט ער עס אויפן גרונט פון דריי געהערטע רעפעראַטן נישט געקאָנט טאָן, דערצו איז נייטיק איינער, וועלכער האָט דעם גאַנצן גאַנג פון דער סעקציע מיט־געמאַכט.

ב

דער דערמאָנטער וועלט־קאָנגרעס פון ייִדישע וויסנשאַפטן („קונגרס למדעי היהדות") וועלכער, איז היי־יאָר פּירגעקומען אין ירושלים, פון י"ב ביז י"ט אָב (פון 25סטן יולי ביזן 1טן אויגוסט), איז שוין דער דריטער — דער ערשטער איז זיך צונויפגעקומען תש"ז (1947), נאָך אויפן הר־הצופים; דער צווייטער, צען יאָר יאָר שפּעטער, תשי"ז (1957), צוגלייך מיטן קומענדיקן אויפן איצטיקן אָרט פונעם העברעיִש־אוניווערסיטעט. די אויפגאַב פונעם קאָנגרעס איז צו באַהאַנדלען כּל־ערליי פּראָבלעמען פון פאַרשיידענע יודאַיִסטישע וויסנשאַפטן, אילוסטרירן די פאָרשערישע אויפטוען, וועלכע דאַרפן ערשט, דורך אַ צילבאַוווסטער וויסנשאַפט־לעכער מי, געלייזט ווערן. דער פאַרשוינלעכער צוזאַמענטרעף פון געלערנטע, פון כּלערליי פאַכן און פון פאַרשיידענע לענדער, דער פּראָדוקטיווער אויסבייט פון מיינונגען, וועלכע באַזירן אויף פאָרשערישע דערגרייכונגען, שאַפט נישט בלויז אַ מין קאָנטראָל פון אַלע, איבער דער וועלט צעזייטע, ייִדישע צענטערן און יחידים, וואָס זייער עובדה זענען יודאַיִסטישע וויסנשאַפטן, נאָר דערלויבט אויך צו פאַרזיכערן אַ בשותּפותדיקן ניוואָ, און אים צו האַלטן אויף דער מאַקסימאַלער הייך.

אַפילו ווען עס איז נישט נוטה מגזם צו זיין דעם ווערט פון אַ פּירטעגיקן משׂא־ומתּן, מוז מודה זיין, אַז ער איז מסוגל צו סטימולירן ווערטיקע אויפטוען, והראיה, דער פריִערדיקער קאָנגרעס האָט זיי טאַקע סטימולירט — „מפעל המקרא" (דער תּנך־אויפטו), מפעל הביבליוגרפיה (דער צוגרייט צו שאַפן אַ כּולל־דיקע ביבליאָגראַפיע פון די ייִדישע וויסנשאַפטן). אויך דער דריטער קאָנגרעס האָט דעם אויפטו־חשק פאַרשטאַרקט — ער האָט איניציִירט צו שאַפן אַ צענטער פאַר זאַמלען אינפאָרמאַציע איבער אַלע פאָרשערישע אַרבעטן, וועלכע ווערן גע־טאָן אויף דער גאָרער וועלט אין אַלע צווייגן און געביטן פון יודאַיִסטיק. ווייטער דער קאָנגרעס גופא איז אַ גרויסע מאַשינעריע — די אַרבעט זיינע גייט אָן אין פּלענאַרע און סעקציאָנאַלע זיצונגען. געווען אויך זיצונגען איבער באַזונדערע

טעמעס. איינע פֿאַרבונדן מיט דער נאָענטסטער צייט — דער אומקום פֿון אונ־
זער פֿאָלק דורך די דייטשן אין אייראָפּע; איינע פֿאַרבונדן מיט אַ גאַר ווייטער,
אָבער סימבאָליש נאָענטער צייט — צוויי טויזנט פֿינף הונדערט יאָר זייט דער
דעקלאַראַציע פֿון כורש; איינע ערגעץ־ווו אין דער מיט צווישן ווייט און נאָענט
— אַכט הונדערט יאָר זייטן אָנהייב פֿון מסעות בנימין הראשון, די וועלטרייזע
פֿון ר׳ בנימין פֿון טודעלאַ.

כדי צו וויסן ווי רייכפֿאַרביק עס איז דער אויפֿטייל פֿון די באַהאַנדלטע ענ־
ינים, אין די באַזונדערע סעקציעס, איז גענוג זיי בלויז אויסצורעכענען: תנך;
דער אַלטער מזרח אין צייט פֿון תנך; די מגילות פֿון ים המלח און די אַפּאָקרי־
פֿישע ליטעראַטור; גמרא און מדרש; העברעיִשע ליטעראַטור און שפּראַך אין
מיטלעלטער און נייצייט; עלטערע און מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור און שפּראַך;
לאַדינאָ און די ייִדישע ליטעראַטורן סיי אין מערבֿדיקע סיי אין מזרחדיקע
שפּראַכן; ייִדישע געשיכטע; ייִדן און ייִדישקייט אין אונדזער צייט; געשיכטע,
אַרכעאָלאָגיע און קונסט פֿון ארץ־ישׂראל; דער ייִדישער געדאַנק; ייִדישע יוריס־
טיק; פֿאָלקלאָר. אַ ריי אויסשטעלונגען — ספֿרים, כתבֿ־ידן, אַרכעאָלאָגישע און
קונסט־עקספּאָנאַטן דינען ווי אַ באַגלייט צו דער בעיקר אַקוסטישער וויסנשאַפֿט־
לעכער שקלא־וטריא. אַזוי־ווי די סעקציאָנעלע רעפֿעראַטן, וועלכע גייען אין די
הונדערטער, קומען גלייכצייטיק פֿיר, איז עס די פֿאַכמעניש־פּאַראינטערעסירטע
נישט מעגלעך צווישן די סעקציעס אַרומצושפּאַצירן, אַזוי אַז ווען מען וואָלט מיך
אויפֿגעפֿאָדערט אָפּצוגעבן אַ דין וחשבון, וואָלט איך געקאָנט דערציילן איבער
דער סעקציע פֿאַר ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור און איבער געציילטע רע־
פֿעראַטן אין דער סעקציע פֿאַר העברעיִשער ליטעראַטור.

ג

איך האָב געהאַט דעם כּבֿוד צו דערעפֿענען די סעקציע פֿון ייִדישער שפּראַך
און ליטעראַטור ביים קאָנגרעס, און האָב זיך געפֿרייט צו קאָנען באַגריסן תּלמידי־
חכמים, פֿאָרשער, שרייבער, באַזונדערס די וועלכע האָבן זיך מטריח געווען אַ
לאַנגן וועג, כדי מיט אונדז צוזאַמען זיין. עס איז שוין געווען דאָס צווייטע מאָל,
וואָס מיר פֿירן אָן די סעקציע — אויך מיט פֿיר יאָר צוריק האָבן מיר געהאַט
אַ קאָלירפֿולע פּראָגראַם, און עס איז כדרך־הטבע, אַז הײַיאָר איז זי געווען רייכער
און קאָמפּליצירטער, סיי מצד די בעלי־הלכה סיי מצד אירע באַזונדערע סוגיות.
בדרך־כּלל איז דער אויפֿטייל געווען אַ דרייִיִקער — ליטעראַטור, שפּראַך, פֿאָל־
קלאָר; און דער סדר איז געווען, ווי מעגלעך, אַ כראָנאָלאָגישער. מסתמא האָט
קיינער נישט געהאַט קיין פֿאַראיבל, וואָס איך האָב אין מיין קורצן אַריינפֿיר
עפּעס געזאָגט צום שבֿח פֿון דער אכסניה — די קאַטעדרע פֿאַר ייִדישער ליטע־

ראַטור און שפּראַך אין דעם הויז, האָט גראָד פאַרענדיקט איר צענטן יאָר, און דער וויסנשאַפטלעכער צוזאַמענקום האָט זיך געלאָזט אויסטייטשן ווי אַ גוטער סימן אויך פאַר דעם מיניאַטור־יובל.

די ייִדיש־סעקציע האָט במשך דריי טעג אָפּגעהאַלטן פינף סעסיעס — ביידע ערשטע איבער עלטערער ייִדישער ליטעראַטור. די כראָנאָלאָגיע האָט צום ערשט אַרויסגערוקט מיין רעפעראַט — באַמערקן וועגן לעת עתה עלטסטן ייִדישן כתב־יד, וועלכן עס האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק אַרויסגעגעבן ל. פוקס, און איבער וועלכן ער אַליין האָט רעפערירט ביים פריִערדיקן קאָנגרעס. איך האָב געפּרוווט, אויף גרונט פון כמה וכמה ראיות, פעסטשטעלן דעם קאַרדינאַלן טעות אַרויסצוגעבן אַ כתב־יד, וואָס זיין עיקר זענען פּאָעטיש באַאַרבעטע מדרשים, איידער מען האָט פירגענומען אַ סקרופּולאָזן פאַרגלייך צווישן דעם העברעיִשן אָריגינאַל און דער ייִדישער פּאַראַפראַזע. ד״ר יעקב מייטליס, וועלכער איז געקומען פון לאָנדאָן, האָט רעפערירט איבער אַ נייער אַרבעט זיינער. כידוע, פאַרנעמט ער זיך מיט אויספאָרשן פון דער ייִדיש־מעשׂה — איבער איר איז דאָך געווען סיי דאָס ערשטע בוך זיינס, די אויסגעברייטערטע דאָקטאָר־דיסערטאַציע איבערן מעשׂה־בוך, סיי דאָס, לעת עתה לעצטע בוך זיינס, איבער דעם מעשׂיות־ציקל פון ר׳ שמואל און ר׳ יהודה חסיד. איצט האָט ער אונדז אינפאָרמירט איבער אַ כתב־יד פון ר׳ אנשל לוי (כתב יד אָקספאָרד) — אַ זאַמלונג פון מעשׂיות און מדרשים, און האָט זיינע אויספירן אילוסטרירט דורך אַ ריי משלים. מיר ווילן האָפן, אַז ער וועט אונדזער נייגער נישט לאָזן אין מיטן וועג און וועט דעם כתב־יד אַרויסגעבן. ל. פוקס פון אַמסטערדאַם, וואָס האָט זיך שוין אייַנגעקויפט כמה פאַרדינסטן אין אַרויסגאַב פון וויכטיקע מאַנוסקריפּטן (דער דערמאָנטער כתב־יד קעמברידזש, די אַנאָנימע קאָמעדיע „אַלס דער סוף איז גוט איז אַלעס גוט״, וכדומה), האָט אַריינגעשיקט אַ רעפעראַט — באַטראַכטונג צום „שמואל בוך״ אין פעליקס פאַלקס עדיציע.

דער כתב־יד פון פעליקס פאַלק, וועלכער איז דורך די דייטשן דערמאָרדעט געוואָרן, האָט זיך בנסי־ניסים אָפּגעראַטעוועט, און ווידער איז עס אַ זכיה און אַ זכות פון ל. פוקס צו זיין דער אַרויסגעבער פון דער ווערטיקער אַרבעט. זיין רעפעראַט לאָזט זיך איצט, אין אַ ביסל פרטימדיקן אויסברייט, לייענען אין דער הקדמה צו דעם צווייבענדיקן בוך, וואָס איז שוין דערוויל דערשינען. חנא שמערוק, דער ערשטער תלמיד פון דער היגער ייִדיש־קאַטעדרע און אַ לאַנגיאָריקער אַסיסטענט ביי איר, וועלכער האָט שוין באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן אַ ריי גאָר וויכטיקע פאַרשונגען („ציון״, „תרביץ״, פילד אַף ייִדיש״, „ספר יובל ליצחק בער״ וכדומה) האָט רעפערירט איבערן היסטאָרישן ליד אין ייִדיש אין 17טן יאָרהונדערט, אַ ליטעראַרישער מין, צו וועלכן מען האָט זיך ביז איצט נישט

באַצויגן מיט דעם נייטיקן ערנצט, און ממילא פאַרזען זיין חשיבות פאַר דער פאָרשונג פון דער אַלטער ייִדישער ליטעראַטור. דער רעפעראַט האָט זיך גע־שטיצט אויפן אַנאַליז פון 25 היסטאָרישע לידער, און איז געווען אַן אַריינפיר צו דער אַרבעט, מיט וועלכער דער רעפערענט פאַרנעמט זיך איצט אין אָקספאָרד.
מענדל פּיעקאַזש, אויך ער אַ תּלמיד פון דער היגער ייִדיש־קאַטעדרע, וועלכער האָט קאָמפּלעטירט דעם ביבליאָגראַפישן און פאָרשערישן מאַטעריאַל איבער ייִדיש־ליטעראַטור צו צינבערגס באַקאַנטן בוך אין דער העברעיִשער איבערזעצונג, און איז איצט וויסנשאַפטלעכער אַרבעטער אין „יד ושם", האָט רעפערירט וועגן „ייִדי־שיזם", אין סוף פון 17טן און אין דער ערשטער העלפט פון 18טן יאָרהונ־דערט, — אויפן סמך פון אַן אילוסטראַטיוון מאַטעריאַל (ר' יחיאל מיכל עפּשטיין, ר' אהרן בן שמואל, ר' שלמה וועצלאַר) און אַ טעקסטועלן אַנאַליז, האָט ער געפּרוווט אָפּצופרעגן אָנגענומענע סברות (צינבערג, ניגער, עריק, שלמה נאָבל) וועגן אַ ייִדישיסטישער אידעאָלאָגיע אין יענער צייט.
אויך די רעפעראַטן איבער נייערער ייִדישער ליטעראַטור זענען געגאַנגען אין כראָנאָלאָגישן סדר — סאָל ליפּצין, וועלכער איז געקומען פון ניו־יאָרק, האָט געפּרוווט אין זיין רעפעראַט, אָנצוווייזן אויף דער נויטיקייט פון אַ נייעם איבערשאַצן לגבי די שאַפערישע ווערטן פון „די יונגע". ער האָט, ווי דערמאָנט, זיין רעפעראַט געהאַלטן אין ענגליש, צוליב אַ פּשוטער באַקוועמ־לעכקייט — עס איז אַ טייל פון ענגליש־געשריבענער אַרבעט איבער דער אַמע־ריקאַניש־ייִדיש ליטעראַטור, וועלכע ער גרייט זיך אַרויסצוגעבן. מיר האָבן אָבער דאָ, מיט יאָרן צוריק, געהאַט אַ שעת כּושר אים צו הערן ייִדיש — אין אַ פּראָגראַמאַטישן רעפעראַט איבער ייוו"אָ, וועלכן ער האָט דעמאָלט אָפּגעהאַלטן אין תּל־אביב. אַן אַקטועלן כאַראַקטער האָט געטראָגן דער רעפעראַט פון באַ־קאַנטן קריטיקער לעאָ קעניג פון חיפה, איבער פּראָבלעמען פון אונדזער פּראָזע. עס איז, אין תּוך, געווען אַ המשך פון זיין רעפעראַט ביים פריִערדיקן קאָנגרעס איבער דער ייִדישער ליטעראַטור צווישן ביידע וועלט־מלחמות (פון פּראָזע צו דיכטונג), אָבער דאָס מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט איבער דער דיאַמעטראַלער פאַרשיידנקייט צווישן דער העברעיִשער און דער ייִדישער פּראָזע, און אירע באַ־זונדערע סיבות, און זיינע אויספירן זענען אַוודאי אַ סוסטראַט פאַר אַ לייטישער דיסקוסיע.
איינע פון די באַזונדערע כּוונות אין פּראָגראַם פון דער סעקציע איז געווען אַ ציקל פון רעפעראַטן איבער די באַזונדערע ליטעראַרישע שולן אין דער מאָ־דערנער ייִדישער ליטעראַטור, געהאַלטן דורך שרייבער וועלכע האָבן זיי אַליין דורכגעלעבט. אויף דעם קאָנגרעס איז אַ טייל פון דער כּוונה צושטאַנד געקומען. נחמן מייזל, וועלכער איז געקומען פון ניו־יאָרק, האָט גערעדט וועגן דעם קיִע־

ווער פעריאָד אין דער יידישער ליטעראַטור און האָט אין אַ סינטעז פון סוביעק־טיווע זכרונות אין אָביעקטיוון אָפּשאַץ געגעבן אַ זאַכלעך בילד פון יענעם לי־טעראַטור־צענטער און זיינע אויסשטראַלונגען. אברהם סוצקעווער האָט דערציילט איבער „יונג ווילנע", מאַלנדיק, מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פּלאַסטישער עקס־פּרעסיע, די געשטאַלטן פון די אומגעקומענע פּאָעטן און שרייבער, און עס איז גאָר קיין גוזמא נישט, אויב מיר זאָגן, אַז דער דאָזיקער רעפעראַט איז אַ פּערל אין אונדזער מעמואַריסטיש־קריטישער ליטעראַטור. מיר ווילן האָפן, אַז דער אָנהייב פון דעם ציקל וועט האָבן זיין המשך ביי די קומענדיקע קאָנגרעסן.

ד

אויך דער פילאָלאָגישער און לינגוויסטישער פּראָגראַם־טייל פון דער סעקציע איז געגאַנגען, מער־ווייניקער, כראָנאָלאָגיש — י. ווייסבערג, אַ יונגער גער־מאַניסט, וועלכער האָט פאַר אַ יאָרן, ביי דער היגער יידיש־קאַטעדרע, אָנגעפירט אַ קורס איבער דעם לינגוויסטישן כאַראַקטער פון דערמאָנטן קעמברידזשער כתב־יד, האָט דעריבער רעפערירט און האָט זיך בעיקר אָפּגעשטעלט אויפן באַ־האַנדל פון די וואָקאַלן אין דאָזיקן כתב־יד. כדי צו דערקלערן די גרויסע מי פונעם מחבר צוצופּאַסן דעם העברעישן אלף־בית, ער זאָל זיין ביכולת אָפּצו־שפּיגלען דעם אַנטוויקלטן סיסטעם פון די וואָקאַלן אין מיטלהויכדייטש. דער סעב־יאָר פון די היגע יידישע פילאָלאָגן דניאל לייבל, מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע פון דער העברעישער שפּראַך, וועלכער איז באַקאַנט מיט זיינע פאָרשונגען סיי אין יידיש („פילאָלאָגישע שריפטן" וכדומה) סיי אין העברעיש („לשוננו", „תר־ביץ" וכדומה), האָט זיך דאָס מאָל אָפּגעשטעלט אויף ראָמאַניש אין יידיש און אויפן יסוד פון פאַרגלייכן איז ער געקומען צום אויספיר, אַז דער פלאָנטער פון שין און סמך אין ליטוויש־יידיש און די אויסשפּראַך פון ראָמאַניש S אין דייטש, פויליש און יידיש ווי שין, האָבן נישט קיין שייכות איינס צום אַנדערן און פאָדערן, יעדער איינער פאַר זיך אַ באַזונדערע אויספאָרשונג. ד"ר משה אַלטבאַוער, אַ באַקאַנטער סלאַוויסט, וועלכער פאַרעפנטלעכט שוין זייט יאָרן אויך אַרבעטן אויפן געביט פון יידיש־סלאַווישן און העברעיש־סלאַווישן צוזאַ־מענטרעף, האָט רעפערירט איבער פּראָבלעמען אַרום פאָרשן פון סלאַווישע עלע־מענטן אין יידיש, און האָט, אין כמה באַוויזן, געפּרוּווט אַרויסדרינגען, אויף וויפל די סלאַוויזמען אין איצטיקן יידיש זענען מסוגל צו העלפן אויפקלערן עטימאָלאָ־גישע אומקלאָרקייטן פון סלאַווישע אַנטלייונגען אין יידיש. ד"ר פלאָרענס גוגענ־היים־גרינבערג פון ציריך, וועלכע האָט זיך ספּעציאַליזירט אין אויספאָרשן די רודימענטן פון מערב־יידישן דיאַלעקט אין דער שווייץ, האָט צוגעשיקט אַ רע־פעראַט איבער דעם דאָזיקן דיאַלעקט אין גיילינגען, לאַנדקרייז קאָנסטאַנץ —

דער יסוד פון איר אַנאַליז איז אַ כמעט צענמינוטיקער שמועס פון אַ דיאַלעקט־שרייבערין, וועלכע באַהערשט נאָך דעם יידיש־דיאַלעקט און האָט אַ פיין באַוווסטזיין איבער זיינע פאַרשידענע שיכטן.

אויף דער לעצטער סעסיע האָט בינה סילווערמאַן־ווײַנרײַך, וועלכע איז געקומען פון ניו־יאָרק, רעפערירט איבער פאָרמאַלע פּראָבלעמען ביים פאָרשן דאָס יידישע שפּריכוואָרט — אין אַ פיין געבויטן רעפעראַט איז אָנגעוויזן געוואָרן דער חוב אויסצופילן אַ גרויסן בלויז אין דער ביז־איצטיקער פאָרשונג פון יידישע שפּריכווערטער, — די פאָרמעלע סטרוקטור פונעם יידישן שפּריכוואָרט און דער פּאָעטישער געשמאַק וואָס האָט אים אויסגעשטאַלטיקט. אין קנאַפּע אָבער דורכגעטראַכטע דוגמות האָבן זיך קלאָר אַרויסגעשיילט כמעט אַלע אַספּעקטן פון דער פאָרשונג, און מסתמא וועט די רעפערענטין איר נסיון אויסברייטערן און דורכאַקערן דאָס גאַנצע פעלד, אַזוי אַז מיר וועלן האָבן אַ פולן איבערקוק פון אונדזער ווערטל־אוצר לויט די אופנים פון זיין סטרוקטור.

עס זענען געלייענט געוואָרן צוויי צוגעשיקטע רעפעראַטן — איינער פון יודל מאַרק, פון ניו־יאָרק — אַ מין המשך פון זיין רעפעראַט ביים פריערדיקן קאָנגרעס — אָבער אויב ער האָט דעמאָלט באַהאַנדלט אַ כלל־פּראָבלעם, אויפבוי און שיטה פונעם גרויסן יידישן ווערטערבוך, מיט וועלכן ער פאַרנעמט זיך בעיקר אין די לעצטע יאָרן, האָט ער איצט באַהאַנדלט אַ טייל פּראָבלעם און דער לייענער האָט זי שוין פאַר זיך אין לעצטן העפט פון „יידישע שפּראַך".

נתן זיסקינד פון ניו־יאָרק האָט צוגעשיקט אַ רעפעראַט איבער עטלעכע פּרינציפּן ביים פאַרשן יידישע לשונות, אָבער ער איז נאָר טיילווייז געלייענט געוואָרן, און אויך דער טייל האָט בפירוש געפאָדערט דאָס דערבייזיין פונעם רעפערענט. דער רעפעראַט, וועלכער איז זייער ברייט פאַרשניטן און רופט צו אַ רעוויזיע פון דער פאַרשונג פון דער שפּראַכגעשיכטע פון יידישע לשונות בכלל און פון יידיש בפרט, איז מסוגל אַרויסצורופן אַ דורכדרינגלעכע דיסקוסיע, וועלכע איז אָבער אָן דעם פאַרשווינלעכן אָנטייל פונעם בעל השגות נישט מעגלעך. דער כמעט טאַטאַלער ווידעראַנאַנד צו די אָנגענומענע סיסטעמען און פּרינציפּן מוז סטימולירן אַ מחלוקת לשם שמים, און האָפנטלעך וועט דער חשובער אָפּאָנענט האָבן אַ שעת הכושר פון אַ תורה שבעל־פּה ביים קומענדיקן קאָנגרעס.

ה

ואחרון אחרון, אוריאל ווײַנרײַך — דער טיפּישער אברך אין זין פון מדרש, אב בחכמה ורך בשנים, וועלכער איז דאָ נישט קיין פּנים חדשות. ער איז דאָך שוין דאָ דאָס דריטע מאָל — דאָס ערשטע מאָל אויף אַ קירצערן באַזוך,

בשעת וועלכן ער האָט אָפּגעהאַלטן אַ פּאָר לעקציעס אין היגן אוניווערסיטעט, וואָס האָבן געמאַכט אַ טיפן רושם; שפּעטער איז ער דאָ געווען מיט דער משפּחה כמעט אַ יאָר, פאַרטאָן בעיקר אין דער אַרבעט פאַרן נייעם ייִדישן אַטלאַס און האָט אין דער ייִדיש־קאַטעדרע געגעבן אַ קורס: אַריינפיר אין ייִדישער לינגוויסטיק. און איצט צום קאָנגרעס — זיינע אַרבעטן אַרום אַטלאַס זענען דאָ היפּש באַקאַנט און זיין גאַנצער וויסנשאַפטלעכער האַביטוס איז צו געשאַצט אַז מיר זאָלן זיך דאַריבער דאַרפן אָפּשטעלן. דער רעפעראַט זיינער, איבער דער געאָגראַפישער דימענסיע פון ייִדישע לשונות און ייִדישער קולטור, געשטיצט אויף זיינע דערגרייכונגען ביים צוגרייטן דעם נייעם אַטלאַס פון ייִדישער שפּראַך און אַשכנזישער פאָלקס־קולטור, איז געווען איינע פון די בולטסטע אַטראַקציעס פונעם גאַנצן קאָנגרעס. ער האָט זיינע דערפאַרונגען אויסגענוצט, כדי אָפּירצוברענגען די עיקר־פּראָבלעמען וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער צוגרייטונג פון אַ כלל־ייִדישן שפּראַך און קולטור־אַטלאַס, משמע אַן אַטלאַס פון אַלע איבעריקע ייִדישע לשונות, וועלכע מיר האָבן אויף אונדזער היסטאָרישן וועג געשאַפן. דער עצם צוגרייט פון אַן אַטלאַס פון דער ייִדישער שפּראַך איז שוין פאַר זיך אַ געוואַלדיקער אויפטו, די הילף וועלכע זיינע דער־פאַרונגען צייטיקן אויס פאַר ענלעכע אויפטוען איז אַ פיינער פּריטשינעק פאַר נייע אויפטוען.

יאָ, וועגן וואָנצעס, וואַנצעס, ווונצעס — צווישן דעם טוץ מוסטער־מאַפּעס אויפן עקראַן, מיט וועלכע אוריאל וויינרייך האָט, מיט אַ וווּנדערבאַרער פּרע־ציזקייט, אילוסטרירט די צושטייערן פון ייִדישן אַטלאַס, איז אויך געווען אַ מאַפּע וועלכע האָט אילוסטרירט, ווי אַזוי הייסט דאָס וואָס מיר רופן וואָנצעס אין כלערליי ייִדישע דיאַלעקטן און וואָס איז זייער פאַרשפּרייט. כדי אַזאַ רעפע־ראַט ליצניש צו באַהאַנדלען, אַזוי ווי עס האָט עס, ווייזט אויס, געטאָן דער לעקטאָר אין יאָהאַנעסבורג, דאַרף מען פאַרמאָגן אַ געניאַלן הומאָר אָדער אים כלל נישט פאַרמאָגן.

[כסלו, תשכ״ב]

# וועגן צווייִשפּראַכיקייט

אַ וואָרט אין יידישן פּען־קלוב אין ניו־יאָרק

### א

אויפן לאַנגן וועג, וואָס איך האָב לעצטנס דורכגעמאַכט, איז מיר אויסגעקומען צו הערן אַ סך באַגריסן, און נישט איין מאָל האָב איך זיך נישט געקאָנט אָפּוּוערן פון אַ געפיל פון איינעם, וואָס הערט וואַרעמע הספּדים איבער זיך אַליין, און כידוע איז דאָך אַ הספּד, אַ מין הלל הגדול. נו, אַז מען הערט אַ הספּד איבער זיך אַליין, האָט מען איינע פון די דריי ברירות — איז מען טאַקע אַ בר־מינן, מאַכט מען אַ שווייג, ווייל אַזוי איז שוין דער דרך העולם, דאָס אחרי מות קדושים אמור, און עס איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן די מצבה, וואָס אין איר נוסח זאָל זיך אַריינכאַפּן אַ שפּרענקעלע גנאי. ליגט מען אָבער בלויז אין הינערפּלעט און מען כאַפּט זיך אויף אין מיטן הספּד, מאַכט מען ווידער אַ שוויג, כאָטש אין האַרצן שטוינט מען מסתמא, אַז מען איז געווען אַזאַ כלי שלימה. איז מען ווייטער אַ חי וקיים, ווי איך בין עס, שטייענדיק איצט פאַר אייך, קאָן מען שוין קיין שוויג נישט מאַכן, נאָר מען זאָגט וואָס איך וועל אייך איצט זאָגן: איך פריי זיך זייער, אַז מען לויבט אַ ייִדן, לאַ־כל־שכן אַ ייִדן אַ שרייבער, און מיין פרייד פאַרמינערט זיך נישט מחמת מען האָט מיך דערצו, צי כדין צי שלא כדין, אויסגעקליבן, ווייל דער עיקר איז דאָך די גוטע כוונה, און אפשר וועט זיך דאָרט אויבן אַרויסשטעלן, אַז עפּעס פון די שבחים האָב איך פאַרט פאַרדינט, וועלן עס די מלאכי־חבלה נישט קענען פאַרלייקענען, און מיר נישט קאָנען אָפּזאָגן מיין שטיקל לויתן. און שוין דערפאַר אַליין קומט מיינע משבחים מיין האַרציקסטער דאַנק.

### ב

אָבער אין תוך גענומען בין איך נישט צופרידן — סוף־סוף האָבן די בעלי־שבחים זיך נוהג געווען על פּי מידת־החסד, און איך וואָלט דווקא געוואָלט די שבחים הערן על פּי מידת־הדין, אָבער דאָס האָט דער רוב פון זיי נישט בלויז נישט געוואָלט, נאָר אויך נישט געקאָנט. דען כדי מקיים צו זיין לגבי מיר און

לגבי מיינס גלייכן מידת־הדין, וואָלטן זיי באַדאַרפט מקיים זיין דאָס לעסינגשע וואָרט אין נאָמען פון שרייבער: מיר ווילן ווייניקער געלויבט און מער געלייענט ווערן. אַוודאי, כדי צו משפטן, אויב אַ ווערק איז נישט בלויז גוטער ווערק, נאָר ווייט בכלל, מוז מען נישט אויסטרינקען דאָס גאַנצע פאַס, אָבער ווי איז דער דין, אַז דער רוב פעסלעך בלייבט פאַרחתמעט און בלויז איין פעסעלע מיט די פאָר טרונק פלעשלעך אַרום אים ווערט געעפנט, אַזוי ווי עס האָט פאַסירט מיט מיינע פערציק העברעיִשע און מיין, לעת־עתה, איינציקן ייִדישן בוך און דעם בינטל ייִדיש־זאַכן, וואָס זענען נאָך צעזייט און צעשפּרייט.

וואָלט עס זיך געהאַנדלט בלויז וועגן דעם רוב טאָאַסטן און כמו־טאָאַסטן, וואָס עס איז מיר אויסגעקומען צו הערן פון בוענאָס־איירעס ביז ניו־יאָרק, וואָלט עס געווען אַ קליינע צרה. סוף־סוף האָט דער רוב בעלי־הטאָאַסטן גע־גלויבט אויפן וואָרט, וואָס משה שטאַרקמאַן האָט אָנגעשריבן אין דעם נייעם לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור אָדער יעקב פאַט אין זיין בוך „שמועסן מיט ייִדישע שרייבער אין ישראל", אַז מסתמא זענען די אַלע דאָרט אויסגע־רעכנטע ביכלעך מיינע נישט אויסגעטראַכט. אָבער עס האַנדלט זיך אין אַ ברייטערן און טיפערן ענין, ווו איך בין אַ גאָר ווינציקער און גאָר זייטיקער פרט — דער אַנטשיידנדיקער רוב עלטערע ייִדיש־שרייבער לייענט נישט קיין העברעיִש; דער אַנטשיידנדיקסטער רוב ייִנגערע העברעיִש־שרייבער לייענט נישט קיין ייִדיש, און עס איז אַ האַרבער ספק, אויב אין אַזאַ ווערקלעכקייט מעג מען נאָך מטריח זיין אַזעלכע דיבורים ווי: צוויי שפּראַכן און איין ליטעראַטור, אָדער: צוויי ליטעראַטורן און איין פאָלק, וכדומה.

ג

די דאָזיקע טאָפּעלע אָפּפרעמדונג האָט אַפילו אַ גענוג געדיכטע אָבער נישט איבעריק אַלטע באָרד. ערשט דאָ נישט לאַנג האָט יעקב גלאַטשטיין — אויף דער פּלאַטפאָרמע פון י. ל. פּרץ־שרייבער־פאַראיין, ווו, איך בין אויך אויפגעטראָטן — דערמאָנט די שאַפערישע צוויי־שפּראַכיקייט אין דער געשטאַלט פון אַ פּערסאָנאַ־לער אוניע, וואָס איז געווען דער דרך־המלך פון אונדזער ליטעראַטור, און האָט אויסגערעכנט אַ היפּשן רייסטער צווייִשפּראַכיקע שרייבער, צו וועלכן מען קאָן לייכט צושטעלן אַ נאָך היפּשערן. אַז מען זאָגט דרך המלך, איז דאָך נישט שייך. אָבער הײַנט־צו־טאָג געהערט שוין די שאַפערישע צווייִשפּראַכיקע פּערסאָנאַל־אוניע צו די זעלטנקייטן. ווי אַזוי די טאָפּעלע אָפּפרעמדונג, וואָס האָט געפירט צו אַזאַ ראַדיקאַלן אויפטייל, איז צוגעגאַנגען, און ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען אירע באַזונדערע סטאַציעס, איז אַ פּרשה, וואָס וועט דעם היסטאָריקער געבן אַ וועלט צו זען, אָבער אויך מיר, די לעבעדיקע, סיי אַקטיאָרן סיי צוקוקער אין

דעם שפּיל, האָבן לפּחות ווי עדות וואָס צו זאָגן. וועל איך, פֿאַר מיין טייל, זיך באַגרענעצן מיט אַ באַמערק: יענער אויפֿטייל האָט זיך אָנגעהויבן אין סאַמע מיט פֿון דער צווייִשפּראַכיקער פֿערסאָנאַל־אוניע, וואָס האָט זיך מאַניפֿעסטירט אין אַ פּאַרשידענער פּראָפּאָרץ: י. ל. פּרץ — דער מיעוט פֿון זיין שאַפֿן העברעיִש, און דער רוב ייִדיש; ח. נ. ביאַליק — דער רוב פֿון זיין שאַפֿן העברעיִש און דער מיעוט ייִדיש. די שאַפֿערישע טאָפּל־שפּראַכיקייט האָט זיך אָבער ביי ביידע אָפּגעהאַקט — מיט ליכט לאָזט זיך ביים שפּעטערדיקן י. ל. פּרץ זוכן אַ העברעיִשער חיבור, בפּרט אַרום און נאָך דער טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ, און ח. נ. ביאַליק האָט נאָך דעם וויכוח פֿון דער טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ אַ פּאַטש געטאָן אין טיש: מער שרייב איך נישט קיין ייִדיש. קליינע צווייפֿאַקטן, וואָס וואַרפֿן אַ סנאָפּ ליכט אויף אונדזער פּראָבלעם.

אויך דער ענין פֿון שפּראַכן־קאַמף איז אַ פּרשה, וואָס וועט דעם היסטאָריקער געבן אַ וועלט צו זען, אָבער אויך מיר, מיטצייטלער און כמעט־מיטצייטלער, האָבן, לפּחות ווי עדות, וואָס צו זאָגן. וועל איך, פֿאַר מיין טייל, זיך באַגרענעצן אויף אַ באַמערק: אין פּלוג איז די מחלוקה געווען צווישן די שפּראַכן, אָבער זיי, די שפּראַכן, זענען זיך דאָך פֿריִער, במשך הונדערטער יאָרן, נישט געלעגן אין די האָר, נאָר זיך משלים געווען, ליגט דער יסוד פֿון דער מחלוקה נישט אין זיי, נאָר אין דער מחלוקה איבערן גאַנג פֿון פֿאָלק, און עס איז, אויב נישט די שאַרפֿסטע, טאָ איינע פֿון די שאַרפֿסטע מחלוקתן אין אונדזער געשיכטע; און ווען אַלע אָריענטאַציעס, וואָס אַ יעדע פֿון זיי האָט געהאַט אַ לייטישע מחנה הינטער זיך, וואָלטן זייערס אויסגעפֿירט, וואָלטן מיר זיך, חלילה, אויפֿגעטיילט אין אַ פּאָר פֿעלקער, קלאָרער געזאָגט: אויף אַ פּאָר פֿעלקערלעך. און דער ענין שפּראַכן איז אין דער מחלוקה נישט געווען קיין פֿאַרבינד־כּלי, נאָר, פֿאַרקערט, אַ צעשייד־כּלי, בפּרט אַז די הנחה פֿון רוב אָריענטאַציעס איז געווען די מעגלעכקייט, און אַפֿילו די נויטווענדיקייט פֿון אַ בלויז וועלטלעכער ייִדישקייט, וואָס איז אַ גאָר יונגער באַגעם אין אונדזער פֿאָלק, און אויף וויפֿל עס האָט בכלל געשלאָגן וואָרצלען, זענען זיי קורץ און שיטער, און זענען במילא נישט מסוגל צו פֿאַראייניקן, ווי עס האָבן פֿאַראייניקט די עלטערע און גאָר אַלטע וואָרצלען.

האָט טאַקע איינער פֿון אונדזערע חריפֿותדיקע נאַציאָנאַל־טעאָרעטיקער, יעקב קלאַצקין, וואָס האָט כּל היייִדישקייט געשטעלט אויף שפּראַך און לאַנד, גערעדט וועגן צוויי פֿעלקער — איינס וואָס זיין שפּראַך וועט זיין העברעיִש, און איינס וואָס זיין שפּראַך וועט זיין ייִדיש. און אויך היינט לאָזט זיך אַ מאָל פֿאַרנעמען אַ טעריטאָריאַליסטיש בת־קול, אַז אַזוי ווי העברעיִש האָט זיך זיין מדינה, דאַרף ייִדיש האָבן זיין מדינה, און דער איידעלער און היפּער־נאַציִווער יצחק נחמן שטיינבערג האָט זיך אַפֿילו דערלויבט אַ שפּראַך־דיסקרימינאַציע — העברעיִש

איז לויט זיין געשיכטע מיליטאַנט, ווערט עס מאַכן אַ מלחמה־מדינה; יידיש איז לויט זיין געשיכטע פּאַציפיסטיש, ווערט עס מאַכן אַ שלום־מדינה.

ד

אַוודאי ווערט דאָ דער שפּראַכן־אויפטייל געבראַכט ביז אַבסורד, אָבער אויך אין זיינע געמעסיקטערע מדרגות איז ער געווען געגוג איבערריסעריש, שטאָט פאַרבינדעריש צו זיין. ווי ווייט דאָס איז געגאַנגען, האָב איך אָפּגעלערנט פון אַ מעשה שהיה — גאָלדע מאיר האָט זי דערציילט ביים באַנקעט, וואָס מען האָט אין ירושלים געפּראַוועט לכבוד דעם יובל פון ניו־יאָרקער י. ל. פּרץ־שרייבער־פאַראיין. עס איז אַ מעשה מיט אַ וויכוח צווישן חיים זשיטלאָווסקי און נחמן סירקין, וואָס האָט זיך געקאָנט ציִען כמים שאין להם סוף, האָט סירקין פירגע־לייגט אַ פּשרה: אַלץ וואָס איז שוין דאָ — איז אייערס, אַלץ וואָס איז נאָך נישטאָ — איז אונדזערס; גלות איז שוין דאָ — אייערס; ארץ־ישראל איז נאָך נישטאָ — אונדזערס; יידיש איז שוין דאָ — אייערס; העברעיִש איז נאָך ניש־טאָ — אונדזערס. אַז מען קלערט זיך עפּעס מער אַריין, איז עס אַ טיפערער זאָג, ווי עס איז געווייינטלעך אַן אַפאָריזם. מחמת, אַזוי ווי דאָס זענען, בעצם, צוויי זייטן פון איין היסטאָרישער מטבע, אָבער די מחלוקה האָט יעדן צד גע־וויזן בלויז איין זייט און אים געפרוווט איינרעדן, אַז עס איז די גאַנצע מטבע, און אַן איינרעדעניש איז אַרגער פון אַ בייזער קרענק, מוז מען זוכן אַ מאָדוס־וויוועגדי — זאָל יעדער צד פילעווען זיין זייט, און סירקין האָט די לייכטע משא געלאָזט זשיטלאָווסקין און די שווערע משא גענומען אויף זיך. אויב מיר פרעגן, ווי וואָלט היינט סירקין די סיטואַציע כאַראַקטעריזירט, קאָנען מיר אָננעמען, אַז ער וואָלט אפשר גערעדט וועגן ארץ־ישראל און העברעיִש וואָס זענען שוין דאָ און וועגן גלות און יידיש וואָס זענען נאָך דאָ, אָבער שווער צו זאָגן, אַז ער וואָלט ווידער פירגעלייגט אַן אַרבעטס־אויפטייל, דען ווען ער וואָלט דערלעבט דעם אויפקום פון דער מדינה, וואָלט ער מסתמא געווען איר ערשטער פּרעזידענט, ווי ער האָט אַליין געגלייבט. אויך שווער צו וויסן וואָס וואָלט זשיטלאָווסקי גע־זאָגט, ווען ער וואָלט איצט געווען צווישן אונדז — איך וואָלט נישט געמשפּט לויט זיין גאָר טונקעלן איינשטעל אין זיינע לעצטע יאָרן, איך וואָלט גיכער גענומען אין באַטראַכט יענע ליכטיקע מינוט, ווען ער האָט ביאַליקן פירגעלייגט אַרויסצוגעבן אַ בשותפותדיקן אָרגאַן, און האָט סקיצירט אַ לגבי ביאַליק, צו מינימאַלן, אָבער לגבי אים, זשיטלאָווסקין, געגוג מאַקסימאַלן פּראָגראַם פאַרן ישוב פון דער מחלוקה.

ה

והיו עיניך רואות את מוריך, טייטש: זאָלן דיינע אויגן זען דיינע לערער —

אין אַ גרויסער כלל: מחמת דעם מען דאַרף טאַקע זען, ווי אַזוי זענען זיי גע־שטאַנען אין דער סיטואַציע פון זייער צייט, כדי צו קאַנקלודירן, ווי אַזוי זיי וואָלטן געשטאַנען אין דער סיטואַציע פון אונדזער צייט. און אַזוי ווי איך מיין, אַז זייער צייט איז געשטאַנען אין סימן פון היסטאָרישער דעזאָריענטאַציע, און אַזוי ווי איך גלייב, אַז אונדזער צייט שטייט אין סימן פון היסטאָרישער רעאָריענטאַציע, וואָס דער נס פון אויפלעב פון אונדזער ערשטער און עלטסטער היים און דער נאָך גרעסערער נס פון אויפלעב פון אונדזער ערשטער און עלטסטער שפּראַך, זענען אירע בולטע סימנים, שטעל איך מיר פיר, אַז זיי, די מורים, וואָלטן, בעצם, געשטאַנען ווו כמעט אַלע ייִדן — חוץ עטלעכע איבערגעלעבטע אָדער אומצייטיקע גרופּקעלעך — שטייען איצט: אין דער ייִדישער היסטאָרישער רע־אָריענטאַציע, ווער בכל רמ״ח ושס״ה און ווער, לפּחות, מיטן פּנים צו איר.

קאָן מען דאָך אַ פרעג טאָן: אויב אַזוי, וואָס טויג אונדז און וואָס העלפט אונדז דער והיו עיניך רואות את מוריך, איז דער ענטפער: זיי וואָלטן פאָרט מער געזען און מער פאַרשטאַנען ווי מיר, בעיקר איצט, וואָס די מעשים זענען גרע־סער פון די עושים, און פאַראַן, ברוך השם, כלערליי פירער, אָבער קיין גייס־טיקע פירער זענען כמעט נישטאָ, מוז מין נישט איין מאָל מקיים זיין: שאל אביך ויגדך זקניך ויאמרו לך, טייטש: פרעג דיין פאָטער און ער וועט דיר דערציילן, דיינע אַלטע און זיי וועלן דיר זאָגן.

## ו

אָבער איך וועל מיך אומקערן צו יעקב גלאַטשטיינס וואַרעמע רייד מכוח דער שאַפערישער צווייִשפּראַכיקער פּערסאָנאַל־אוניע, כדי צו פרעגן, אויב מיר מוזן רעדן וועגן איר נאָר בלויז ווי אַ דערמאָנונג פון דעם וואָס איז אַ מאָל גע־ווען, אָדער מיר מעגן רעדן וועגן איר ווי אַ ווונטש פון דעם וואָס וועט אָדער קאָן נאָך אַ מאָל זיין. איך זאָג: אַ מאָל געווען, ווייל אַחוץ די צוויי דוגמאות, וואָס גלאַטשטיין האָט דערמאָנט — די דוגמה פון אהרן צייטלין, וואָס איז צוויי־שפּראַכיק אויף אַלע געביטן פון זיין שאַפן, און די דוגמה פון גבריאל פּרייל אויפן געביט פון פּאָעזיע, ווייס איך מער נישט קיין דוגמאות פון אַ פולער, שטענ־דיקער, גלייכצייטיקער, גלייכמאָסיקער און גלייכווערטיקער צווייִשפּראַכיקער שאַ־פערישער פּערסאָנאַל־אוניע היינט־צו־טאָג. איך בין דעם ענין נאָכגעגאַנגען, ווי ער האָט זיך אַנטוויקלט אין מיטן און ביים סוף פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט, איך וועל ברענגען אַ כאַראַקטעריסטיש פּאָרל פון דוגמאות — ראובן אייזלאַנד, וואָס איז געגאַנגען קיין אַמעריקע, און יעקב שטיינבערג, וואָס איז געגאַנגען קיין ארץ־ישראל. דער ערשטער, ראובן אייזלאַנד, האָט אין „התורן״ אָפּגעדרוקט אַ העברעיִש ליד, און ווען ער וואָלט ווייטער געשריבן, וואָלט ער אפשר געווען

דער דריטער צווישן די מאָדערניסטן אברהם בן־יצחק און דוד פּאָגל, אָבער דאָס ליד איז ביי אים געווען אַ בן־יחיד, און ער האָט זיך געלאָזט מיט די „יונגע", וואָס האָבן אַפילו פאַרמאָגט דעם בולטן צווייִשפּראַכיקן י. י. שוואַרץ. איז ער אָבער געווען דער יוצא־מן־הכלל, וואָס באַשטעטיקט דעם כלל. דער צווייטער, יעקב שטיינבערג, האָט קומענדיק קיין ארץ־ישראל געהאַט הינטער זיך אויף העברעיִש אַ קליין בענדל לידער און אויף ייִדיש אַ באַנד נאָוועלן און דעם ערשטן טייל פון זיין פּאָעמע „רוסלאַנד", אָבער ער האָט זיך צו ייִדיש, ביז אויף אַ נאָך־וועלעכן, מער נישט אומגעקערט. דאָס פּאָרל דוגמות איז ווי אַ וואָרצייכן פאַר אַ באַוווסטזיניקן אָפּרייס פון אַ שרייבער מיט זיין אייגענער שאַפערישער צווייִשפּראַכיקייט און ווי אַ סימפּטאָם פאַר דעם גאַנג צו איינשפּראַכיקייט און אין איר, און עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס ראובן אייזלאַנד, וואָס איז געגאַנגען קיין אַמעריקע, איז אַוועק פון העברעיִש און יעקב שטיינבערג, וואָס איז געגאַנגען קיין ארץ־ישראל, איז אַוועק פון ייִדיש.

ז

די געשיכטע פון אַוועקגאַנג סיי אַהין און סיי אַהער, ווי אַ כלל־פּראָצעס, וועט מסתמא אויך אינטערעסירן דעם היסטאָריקער, וואָס וועט נישט בלויז געדענקען, אַז פרץ הירשביין האָט תחילת געשריבן העברעיִש און האָט זיך שפּעטער דער־מיט געזעגנט, נאָר אויך דערמאָנען, אַז שלום אַש זאָל האָבן אַזוי אָנגעהויבן און אַז ה. לייוויק האָט געשריבן אַ העברעיִשע דראַמע, וואָס איז געבליבן אין כתב־יד, און דער צד השווה, אַז אַלע דריי, וואָס זענען געוואָרן רעפּרעזענטאַטיווע ייִדיש־שרייבער, האָבן זיך אַזוי דערווייטערט פון העברעיִש, אַז זיי וואָלטן נישט פּע־ק געווען זיך אַליין צו איבערזעצן און האָבן געמוזט אָנקומען צו אַנדערע. נאָך מער, זיי האָבן מיט דער צייט פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיטן לעבעדיקן העברעיִש, און אויך זייער גירסא־דינקותא האָט זיך ביי זיי אויסגעוועפּט. מיר שטרייכן אונטער דעם ענין פון יכולת זיך אַליין איבערצוזעצן, ווייל דאָס איז אַ באַזונדערער פענאָמען אין אונדזער ליטעראַטור און פאַרדינט אַ באַזונדערן פאָרשערישן אינ־טערעס. עס הייבט זיך, כידוע, אָן מיט מענדעלע און ענדיקט זיך מיט זלמן שניאור, י. ד. בערקאָוויטש און י. י. שוואַרץ.

דער צד השווה דאָ איז, אַז ייִדיש געשריבענע חיבורים ווערן פון זייערע מחברים איבערגעזעצט אויף העברעיִש און נישט פאַרקערט, און זייער איבער־זעץ־טעכניק איז געווען מכוון צו געפינען פאַר זייער ייִדיש־שבעל־פה, דעם לעבע־דיקן, גערעדטן, אידיאָמאַטישן ייִדיש, פולע עקוויוואַלענטן אין העברעיִש־־שבכתב, און אַזוי אַרום פאַרהעלפן שאַפן אַ לעבעדיקן העברעיִש. וואָס מער זיי האָבן אין דער טעכניק מצליח געווען, האָבן זיי אַלץ מער פאַרן העברעיִשן לייענער זייער

אייגענעם ייִדיש־נוסח ווי פּאַראיבעריקט, און דאָס, בעצם, האָט אויך געטאָן און טוט דער גרויסער איבערזעץ־פּראָצעס פון ייִדיש אויף העברעיִש, וואָס גייט שוין אָן צוויי דורות לאַנג, ווי אַ באַזונדערער, היימישער טייל פונעם אַלגעמיינעם איבערזעץ־פּראָצעס, וועלכער באַצוועקט דעם העברעיִשן לייענער צו געבן אַ מעג־לעכקייט אַלץ צו לייענען העברעיִש. אמת, אַזוי ווי אַ שלימותדיקער עקוויוואַלענט איז כמעט נישט פאַראַן, איז דער מקור ווייט נישט איבעריק, און פונקט ווי מיר זעען, אַז עס שטאַרקט זיך אין אַ סך ליטעראַטורן די טענדענץ צו ברענגען דף כנגד דף, זייט קעגן זייט, מקור און תרגום, שטאַרקט זי זיך ביי אונדז, און אין די לעצטע יאָרן זענען אַזוי אַרום אַרויס אַ פּאָר לידער־אָפּקלייבן (מאַני־לייב, א. מאַנגער, אפרים אויערבאַך, רחל קאָרן, חיים גראַדע, י. ח. בילעצקי). פּאַר־שטייט זיך, אַז די שיטה ביי די דאַזיקע אָפּקלויבן מיינט נישט בלויז צו קאָמ־פּלעטירן, וואָס דער איבערזעץ האָט סוביעקטיוו אָדער אָביעקטיוו נישט געקאָנט באַווייזן, נאָר אויך, און אַפילו בעיקר, דעם העברעיִשן לייענער נענטער צו ברענגען צו ייִדיש, וואָס דאַרף, ווי אַ היימישער קולטור־קאָמפּאָנענט, זיין אים נאָענט. לויט מיין סברה דאַרף מען די שיטה אָפּהיטן אויך אין איבערזעץ־פּראָ־צעס פון מאָדערנעם העברעיִש אויף ייִדיש, וועלכער איז אַ סך קלענער פונעם איבערזעץ־פּראָצעס פון מאָדערנעם ייִדיש אויף העברעיִש, און האָט זיך ערשט אין די לעצטע יאָרן גענומען עפּעס מער שטאַרקן.

על כל פנים זענען די שרייבער, וואָס קאָנען זיך אַליין איבערזעצן, ווייני־קער, און דער אַנטשיידנדיקער רוב איז שוין דערצו בייביידע צדדים, נישט מער פעיִק, ווייל דער טאָפּלשפּראַכיקער שרייבער איז שוין באַלד מער נישטאָ.

## ח

מיר קערן זיך אום צו דער דוגמה יעקב שטיינבערג, כדי צו באַמערקן, אַז זיין וועג איז, בעצם, דער כלל־וועג פון אַנדערע, וואָס זענען ווי ער געקומען מיט דער צווייטער עליה. יעקב גלאַטשטיין האָט דערמאָנט דוד שמעונאָוויטש (שמעוני), אָבער באמת האָט ער נישט מער ווי אַ האַלב טוץ ייִדיש־לידער, וועל־כע ער האָט ייִנגלווייז געשריבן, אַלץ איבעריקע איז העברעיִש. און אויב דער־מאָנען אַנדערע — אָשר באַראַש, וואָס האָט געהאַט הינטער זיך עטלעכע ייִדישע לידער און שפּעטער געשריבן בלויז העברעיִש, דעסגלייכן ש״י עגנון, וואָס האָט געהאַט הינטער זיך אויף ייִדיש אַ טוץ לידער און אַ דריי טוץ דערציילונגען, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן ביז צום אַכצנטן לעבנסיאָר, אָבער קומענדיק דע־מאָלט אין לאַנד אַריין, האָט ער מער קיין ייִדיש נישט געשריבן, און ערשט אויפן שוועל פון זיין אַכציקסטן געבוירן־יאָר האָט ער אָנגעשריבן אַ קליינע הקדמה צו אַ באַנד פון זיינע איבערגעזעצטע סיפּורים. אמת, ווען ער האָט באַקומען די

נאָבעל־פּרעמיע, האָט מען אים אין דער ייִדישער פּרעסע געפּייערט ווי אַ העב־רעיִש־ייִדישן שרייבער און דאָס, בעצם, בין איך געווען שולדיק אין דער מעשׂה, ווייל איך האָב מיט יאָרן צוריק געשריבן וועגן זיין קאַפּיטל ייִדיש און געבראַכט זיינע יוגנט־לידער און בלויז פון דאָרט האָט מען זיי ציטירט. אויב דאָס איז פּי־קאַנט געווען, איז פאַראַן נאָך פּיקאַנטערס — אהרן ראובני, וואָס איז אויך פון דער צווייטער עליה, האָט שוין זייענדיק אין ארץ־ישׂראל דאָרט אַרויסגעגעבן אין ייִדיש אַ בוך לידער, און אויך זיינע ערשטע נאָוועלן האָט י. ח. ברענער איבערגעזעצט אויף העברעיִש, האָט אָבער שפּעטער אַרויסגעגעבן בלויז העברעיִשע ראָמאַנען, קריטיקן און פאָרשונגען, און ווען עס איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אַרויס אין פאַרלאַג „דער קוואַל" דער ייִדיש־נוסח פון זיינעם אַ ראָמאַן, וואָס מיר האָבן שוין מיט אַ דור צוריק געלייענט אין העברעיִש, האָב איך פאַר אים דעם איבערזעץ געלויבט און באַוווּנדערט, אַז ער געדענקט נאָך אַזוי גוט ייִדיש. האָט ער מיט אַ שמייכל געענטפערט, אַז ער איז גרייט איינצוקאָסירן מיינע קאָמפּלי־מענטן, אָבער באמת איז אים העברעיִש נישט לייכטער אָנגעקומען ווי ייִדיש; ער האָט זיי ביידע שפּעט דערוואָרבן; און וואָס שייך דעם דאָזיקן ראָמאַן, האָט ער אים גרונטיק אָנגעשריבן ייִדיש און אַליין געמאַכט די העברעיִשע ווערסיע און דעם אָריגינאַל געלאָזט ליגן, און וואָס עס איז איצט אַרויס ייִדיש איז טאַקע יענער אָריגינאַלער כתב־יד זיינער.

די העברעיִזאַציע פונעם שרייבער האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט מיט דער דריטער עליה, וואָס איז באַשטאַנען פון חלוצישע עלעמענטן, סיי די וואָס האָבן געהאַט אַ לייטישע גירסא דינקותא און סיי די וואָס האָבן זי שוין נישט פאַר־מאָגט, האָבן דעם שפּראַך־ און דעם לאַנד־רעגעסאַנס באַטראַכט ווי אַ צווילינג, און דער שרייבער, וואָס האָט זיך פון די עלעמענטן רעקרוטירט, איז שוין לכתחילה געווען אַ העברעיִש איינשפּראַכיקער.

ט

כללו של דבר: די צווייטע און דריטע עליה, די פּיאָנירישע עלעמענטן זייערע, זיי האָבן עס בעיקר פאַרפעסטיקט העברעיִש ווי די שפּראַך פון ישוב, אין אַלע צווייגן פון לעבן און שאַפן, און זיי פאַרדאַנקען לאַנד און שפּראַך, וואָס זענען ווידער אַ מאָל לעבעדיק און יונג געוואָרן. מיר שטרייכן דאָס אונטער, נישט כדי צו פאַרקלענערן דעם היסטאָרישן פאַרדינסט פון דער פּריִערדיקער עליה, פון אליעזר בן־יהודה און יחיאל מיכל פּינעס און אַנדערע, נאָר כדי נישט צו פאַר־קלענערן די ראָל פון דעם אַרבעטער־ציבור, ווי איינעם פון די שטאַרקסטע רע־אַליזאַטאָרן פון ממשותדיקן העברעיִש־אויפלעב. צוגלייך מיטן העברעיִשן לערער, וואָס האָט געשאַפן די העברעיִשע שול און געקעמפט קעגן דער פרעמדשפּראַ־

כיקער השפעה — פראַנצייזיש („כל ישראל חברים״), ענגליש („אַגודת אחים״), און דייטשיש („עזרה״), און צוגלייך מיטן העברעיִשן שרייבער, וואָס האָט גע־שאַפן, שוין אין דער צייט פון דער ערשטער און צווייטער עליה, אַ ליטעראַטור־צענטער, וואָס האָט געקאָנט שפּייזן אַ כמה וכמה גרעסערן ישוב ווי ער איז דעמאָלט געווען.

אַוודאי איז אויך אין די ערשטע עליות פאַראַן אַ קאַפּיטל יידיש — די העב־רעיִשע „חבצלת״ האָט זיך געהאַט אַ שטיקל צייט אַ יידישע צוגאָב „די ראָזע״, די קאָלאָניסטן האָבן געהאַט אַ יידיש פאַך־זשורנאַל „דער קאָלאָניסט״ (איך האָב דערוועגן געשריבן אין „די גאָלדענע קייט״) וכדומה, אָבער בדרך כלל איז העב־רעיִש שרייבן געווען דער כלל, וואָס אַ היפשער יוצא ממנו האָט זיך אַרויסגע־בולט ערשט מיט דער פערטער עליה — אַ גרופּע יונגע יידיש־שרייבער, וואָס זענען געווען אַ דרייפאַכיקער מיעוט. ערשטנס, די גרופּע איז געווען אַ מיעוט לגבי דעם ציבור פון העברעיִש־שרייבער, וואָס האָט זיך גענומען קאָנצענטרירן אין ארץ־ישׂראל, כאָטש לעבן פון שרייבעריי האָט מען דאָרט נישט געקאָנט, אָבער דער העברעיִשער שרייבער האָט געוואָלט לעבן אין אַן אמת העברעיִשער אַטמאָס־פער. צווייטנס, די גרופּע איז געווען אַ מיעוט אין ציבור פון יידיש־שרייבער, וואָס האָבן אין אַ צענטער אין ארץ־ישׂראל נישט געגלייבט און צו אַזאַ צענטער נישט טענדירט, האָבנדיק בדרך כלל אַנדערע אידעאָלאָגישע אָריענטאַציעס. דריטנס, די גרופּע איז געווען אַ מיעוט מחמת איר אָפיציעלער שייכות אָדער אומ־אָפיציעלער נאָענטקייט צו די לינקע פּועלי־ציון, וואָס זענען געווען אַ מיעוט סיי אין דער ציוניסטישער אַרבעטס־באַוועגונג, סיי אין דער יידישיסטישער באַוועגונג, וואָס איז באַשטאַנען בעיקר פון אַציוניסטישע און אַנטיציוניסטישע פאַר־מאַציעס און יחידים. אָבער די דאָזיקע גרופּע האָט געהאַט אַ באַזונדערן באַטייט — זי האָט פאַר דער יידיש־ליטעראַטור אויפגעשלאָסן אַ נייעם האָריזאָנט און אַ נייע ערד: ארץ־ישׂראל, נישט ווי אַ חדרשע נאָסטאַלגיע אָדער ווי אַ טוריסטישע טעמע, נאָר ווי אַ ממשותדיקע טאָג־טעגלעכע איבערלעבעניש אין סאַמע ווירבל און געראַנגל פונעם ישוב, און סיי די דיכטער, סיי די דערציילער פון דער גרופּע זענען תחילת פון לאַנד און פייזאַזש, פון ישוב, זיין מי, און קאַמף אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן, אַז דאָס איז געוואָרן און געווען דער עיקר־תוכן פון זייער פּאָעזיע און פּראָזע, גלייך זיי וואָלטן גאָרנישט אין פּוילן אָדער ליטע איבערגעלאָזט. צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער גרופּע וואָלט איך פאַרצייכנט, אַז זייער גרייער שטיצער און ראַטגעבער, דניאל לייבל, איז געווען אַ צווישפּראַכיקער מאדים, וואָס האָט עוסק געווען מיט תנך־פאַרשונג און מחדש געווען פיינע חידושים, און איז די לעצטע יאָרן זייער אַקטיוו געווען אין דער אַקאַדעמיע פון דער העברעיִשער שפּראַך, ווו ער איז געווען אַ מיטגליד, אָבער זי, די שרייבער־גרופּע, איז געבליבן איינשפּראַכיק, יידיש.

י

על כל פנים דאַרף מען אָפּשיידן צווישן דער קלענערער גרופּע, וואָס איז נאָך געקומען קיין ארץ־ישׂראל און דער גרעסערער גרופּע, וואָס איז שוין געקומען קיין מדינת־ישׂראל. די גרעסערע גרופּע איז, כידוע, אַ טייל פון דער אָפּגעראַ־טעוועטער מחנה יידישע שרייבער, וואָס איז געגאַנגען אין עטלעכע צענטערס, און איז אומעטום געוואָרן אַ באַנייענדיקער פערמענט פון יידישער ליטעראַטור. דוכט זיך, אַז עס איז נישט קיין גראָבער טעות אָנצונעמען, דאָס דער אויפטייל זייער איז צו מאָל געוועזן אַ גאָר צופעליקער, און ראובן, וואָס זיצט היינט אין בוענאָס־איירעס, האָט געקאָנט זיצן אין תל־אביב; שמעון וויטער, וואָס זיצט היינט אין ירושלים, וואָלט געקאָנט זיצן אין ניו־יאָרק, אָבער דער חילוק איז פאַר זיי, פאַר ראובן און שמעון, געווען אַ גורלדיקער — זיצט ער אין בוענאָס־איירעס אָדער אין ניו־יאָרק לעבט זיין שאַפן אינהאַלטלעך נישט דאָרט, נאָר אין וואַרשע און אין ווילנע; זיצט ער אין ירושלים אָדער תל־אביב לעבט זיין שאַפן אינהאַלטלעך אויך, און צו מאָל בעיקר און אַפילו בלויז אין ירושלים און תל־אביב, ווייל נישט בלויז ער, נאָר אויך זיין שאַפן אָטעמט די דינאַמישע ווערק־לעכקייט פון דער יידישער היים, פון דעם יידישן לאַנד. אָבער ווידער אַ מאָל — דער העברעיש־שרייבער, וואָס האָט אונטער זיך דעם רוב לייענערשאַפט, בעיקר פון יינגערן דור, און דער יידיש־שרייבער, וואָס האָט אונטער זיך אַ מיעוט פון לייענערשאַפט, און דאָס בעיקר פון עלטערן דור, גייען יעדער איינער אויף דער ליניע פון איינשפּראַכיקייט. און גאָר זעלטן מערקט זיך אַ ווענד צו פּערסאָנאַל־אוניע פון שאַפערישער צווייִשפּראַכיקייט, ווי אַ שטייגער א. צ. גרינבערג, וואָס האָט פאַר זיין עולה זיין מיט פינף און פערציק יאָר צוריק געהאַט הינטער זיך אַ רייכן דיכטערישן באַגאַזש אין יידיש, און שפּעטער געדרוקט בלויז העברעיש (חוץ אַ קאַפּיטל יידיש־פּובליציסטיק, ווען ער איז געקומען אויף אַ קורצע צייט קיין וואַרשע), ווייזט זיך אין די לעצטע יאָרן ווידער אַ מאָל מיט אַ פּרק יידיש־דיכטונג; אליעזר שטיינמאַן, וואָס האָט אַ גוטע דרייסיק יאָר געדרוקט בלויז העברעיש, האָט ווידער גענומען שרייבן יידישע עסייען, וואָס פאַרקאָנקורירן מיט זייער פאַרבליפנדיקער שפּראַך־קאָלירקייט, זיינע אייגענע העברעיִשע עסייען. נו, אַזוי ווי דאָ און דאָרט חגעוועט מען אויך מיך ווי אַ צווייִשפּראַכיקן שרייבער, וועל איך זיך אויך צורעכענען — איך האָב געשריבן אַ גוזמא זאַכן וועגן יידיש, איר שפּראַך און איר ליטעראַטור, נייערט שרייבן יידיש האָב איך באַנייט, אויך נאָך אַן איבעררייס פון אַ דרייסיק יאָר. אָבער דער באַניי האָט בעיקר צו טאָן מיט מיין פאָרשערישער אַרבעט, און דאָ שטאַרקט זיך בפירוש די טענדענץ פון אַ צווייִשפּראַכיקייט, אַ סימן די צווייִשפּראַכיקע אַרבעטן פון מיינע חברים און תלמידים, וואָס פאַרנעמען זיך מיט יידיש־סטודיעס. אָבער וועגן אַ צווייִשפּראַכי־

קער שאַפערישער פערסאָנאַל־אוניע, ווי זי איז געווען אַ מאָל, קאָן היינט קיין רייד נישט זיין.

### יא

איך וועל נישט שפּילן קיין נביא און זאָגן אַז איך ווייס, אויב אַזאַ צוויי־שפּראַכיקייט וועט ווידער אַ מאָל ווערן אַ גרויסע ממשותדיקייט. אַוודאי וואָלט איך צופרידן געווען, אַז עס זאָלן צו מיין מאָגערער צווייִשפּראַכיקייט צוקומען יינגערע שותפים. אויב, אַ שטייגער, מ. גורין, אָדער יונגמאַן האָבן גענומען שרייבן אויף העברעיִש — איז תבוא עליהם ברכה. אָבער איך רעד קיינעם נישט צו, ווייל אָדער עס העלפט נישט, — בעיקר לגבי דעם העברעיִשן שרייבער פון יונגן רייסטער, וואָס קען שוין כמעט צוויי דורות קיין ייִדיש נישט; אָדער מען דאַרף נישט — לגבי דעם ייִדישן שרייבער, אַפילו ווען ער קען העברעיִש, איז עס פון אַ העכערן קולטור־אינטערעס אַרויס, גלייכער און בעסער ער זאָל שרייבן ייִדיש, ווייל ייִדיש, וואָס האָט געלעבט אַ פול לעבן אין מויל פון מיליאָנען, וועלכע זענען דורך עמלקן דערשטיקט געוואָרן, האָט זיך נאָך נישט דעררעדט, האָט זיך נאָך נישט דערזאָגט סיי אין איר מעטראָפּאָליע, וואָס איז מער נישטאָ, סיי אין אירע קאָלאָניעס.

פרעגט זיך: וואָס לאָזט זיך טאָן אין דער איצטיקער היסטאָרישער סטאַדיע אונדזערע, וועלכע מיר האָבן באַצייכנט ווי אַ רעאָריענטאַציע.

דער לאָגישער ענטפער איז: פונקט ווי רעאָריענטאַציע איז חל אויף אַלע גרויסע שטחים פון לעבן און שאַפן, איז זי חל אויך אויפן גרויסן שטח פון אונדזערע שפּראַכן. רעאָריענטאַציע ווייטער מיינט אַן אָפּקער פון דעם, וואָס, איז געווען אין דער דעזאָריענטאַציע, און אַן אומקער צו דעם, וואָס איז געווען פאַר איר, למעשה מיינט עס אַן אומקער צו דעם וואָס איז געווען פאַר דעם שפּראַכן־קאַמף, ווען די לשונות האָבן צווישן זיך קאָאָרדינירט און זיך סובאָר־דינירט אויפן וועג פון אַ פונקציאָנאַלן פונאַנדערטייל, וואָס האָט זיך געקאָנט בייטן לויטן היסטאָרישן באַדערפעניש פונעם פאָלק. כדי צו באַשטימען ווי דאָס קאָן און דאַרף, ביי דער היינטיקער היסטאָרישער און אַקטועלער סיטואַציע אויסזען, פאָדערט זיך אַ מוטיקער צוגאַנג, צו וועלכן אונדזער דור, וואָס האָט צו פיל געוועזענע — און געוועזענע זענען מיר דאָך אַלע: ציוניסטן, בונדיסטן, פאָלקיסטן, טעריטאָריאַליסטן וכדומה — איז אפשר נישט דער פּאַסיקסטער קאַנדידאַט, אָבער אַזוי ווי מיר לעבן, טאָרן מיר זיך פון אַזאַ פּרווו נישט אויס־דרייען. אָבער דאָס איז שוין אַ פּרשה פאַר זיך, און מיר וועלן זיך מיט איר באַזונדערס פאַרנעמען.

[ל׳ תשרי תש״ל]

# צוזאַמענאַרבעט

א וואָרט ביי דער פּרעסע־קאָנפערענץ פון ייוואָ

## א

צו אַ באַגעגעניש — און אַ קאָנפערענץ איז סוף־כל־סוף אויך אַ באַגעגעניש — געהערן צוויי צדדים. און אַזוי שטייט עס אויך ביי אונדזער איצטיקן צוזאַמענטרעף; איין צד זענט איר, פאַרטרעטער פון דער היגער יידישער פּרעסע; דער אַנדערער צד איז מיין וועניקייט, דער אָנפירער פון דער יידיש־קאַטעדרע אין ירושלים. משמע, עס איז אַ באַגעגעניש צווישן זשורנאַליסטן און אַן אַקאַדעמיקער. אָבער אַזוי זעט עס אויס אָפיציעל; דען אומאָפיציעל, איז עס אַ היפּש ביסל אַנדערש, אומאָפיציעל זענען דאָביידע צדדים אנשים אחים, גוטע ברידער. דען איידער איך האָב, מיט אַכצן יאָר צוריק, זיך געגומען צום אַקאַדעמישן פאַך, האָב איך באַטריבן דאָס זשורנאַליסטישע פאַך, און אַפילו איך זאָל ווייזן אַ קונץ און צוציִען ביז הונדערטס יאָר, וועט נאָך אַלץ אַ פערטל פון מיין לעבן געהערן צו זשורנאַליסטיק; ווייל איבער אַ האַלבן יובל יאָרן בין איך געזעסן אין דער רעדאַקציע פון דער אַרבעטער־טאָגצייטונג „דבר". איז עס קיין חידוש נישט, אַז ווען מען פאַרבעט מיך צו אַזאַ באַגעגעניש, ווי מיר האָבן עס היינט, און די זשורנאַליסטן זענען די פרעגערס, און איך דער געפרעגטער, טוט מיך אַ טיאָכקע דער געוועזענער זשורנאַליסט אין מיר, און פרוווט אַ קלער טאָן, ווי אַזוי וואָלט איך דעם ענין געבראַכט פאַרן עולם.

אַזאַ געדאַנק איז מיר טאַקע אויפגעקומען, מיט מער ווי אַ האַלב יאָר צוריק, ווען מר אַברהם האַרמאַן, דער פּרעזידענט פון דעם ירושלימער אוניווערסיטעט, און נתן ראָטענשטרייך, דעמאָלט איר רעקטאָר, האָבן מיך און מיינע פריינד, חנא שמערוק און שמואל עטינגער, פאַרבעטן און אונדז פירגעלייגט צוצוהעלפן דעם פּלאַן פון דעם יידיש־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ניו־יאָרק צו באַגרינדן קורסן פון העכערע יידיש־לימודים, נישט בלויז להלכה, נאָר טאַקע הלכה־למעשה, אַז אונדזערע לערערס זאָלן פּראַקטיש און פאַקטיש אין די קורסן אָנטייל נעמען. און אומר ועושה — צו ערשט וועל איך אַרויספאָרן און אָנהייבן מיט אַ קורס, נאָך מיר וועט אַרויספאָרן חנא

שמערוק און נאָך אים אַנדערע, און מיט דער צייט וועט זיך די קאָאָפּעראַציע אַלץ מער שטאַרקן, און מען וועט קאָנען באַנייען און איניציִירן אַלץ ברייטערע וויסנשאַפטלעכע אויפטוען. נו, בין איך דאָרט געזעסן און געשפּילט אַ טאָפּלטע ראָל. אָפן — די ראָל פון אַן אַקאַדעמיקער, פאַרהוילן — די ראָל פון אַ זשורנאַליסט, וואָס קלערט, וואָס פאַר אַ מין קעפּל פאַסט זיך פאַר אַזאַ מין פּלאַן. דאָס קעפּל, וואָס האָט זיך קודם־כל אונטערגעשטופּט: ירושלים און ניו־יאָרק, איז געווען צו גוזמהדיק און אויך צו באַנאַל. האָט זיך געבעטן אַן אַנדערע, היסטאָריש באַגרינדעטע פאָרמולירונג: ירושלים און ווילנע, פאַרשטייט זיך נישט אין זייער גאַנצן פאַרנעם, נאָר אין דער גרענעץ פון צוויי פאַרשיידענע אויפטוען, וואָס האָבן זיך קאָנסטיטויִרט כמעט אין דער זעלבער צייט — דער העברעיִשער אוניווערסיטעט אין ירושלים און דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט אין ווילנע; אויפטוען, וואָס האָבן דעמאָלט רעפּרעזענטירט צוויי פאַרשיידענע קולטורעלע ריכטונגען, וואָס זענען זיך מער פאַנאַנדערגעגאַנגען ווי צוזאַמענגעטראָפן, און אויף וויפל דאָס בשותפותדיקע צווישן זיי, דער וויסנשאַפטלעכער באַהאַנדל פון דעם געפאָרשטן אָביעקט, זאָל זיי האָבן דערנענטערט, האָבן זיי די קולטורעלע, געזעלשאַפטלעכע, אידעאָלאָגישע און פּאַרטייִשע כוחות, וואָס זענען געשטאַנען הינטער זיי, איינס פונעם אַנדערן, דערווייטערט. נו, אויב נאָך פופציק יאָר איז דאָ אַ צוזאַמענאַרבעט צווישן אַקאַדעמישע כוחות פון דער ירושלימער אוניווערסיטעט און ניו־יאָרקער ייִוואָ — איז פאַר אַ זשורנאַליסט דאָ אַן אינטערעסאַנט צייטונג־קעפּל.

ב

אָבער באמת האָט שוין די דערנענטערונג אַ לייטישע באָרד, ווייל איידער די אינסטיטוציעס האָבן זיך דערנענטערט, האָבן זיך זייערע מענטשן דערנענטערט, אַזוי אַז די איצטיקע קאָאָפּעראַציע איז נישט קיין חידוש, נאָר אַ המשך. אַוודאי, ווען דער ירושלימער אוניווערסיטעט איז למעשה אַלט געוואָרן צוויי יאָר, און אַ נדבן האָט פּראָפּאָנירט אויפצושטעלן אַ קאַטעדרע פאַר יידיש און עס איז געוואָרן אַ מחלוקה — ביאַליק און בערל קאַצענעלסאָן פאַר דער קאַטעדרע, אוסישקין און יוסף קלויזנער קעגן דער קאַטעדרע, און י. ל. מאַגנעס, וואָס איז געווען דערפאַר, האָט נישט געהאַט קיין כוח זיך צו אַנטשיידן, און די קאַטעדרע איז נישט געגרינדעט געוואָרן, — זענען די מחנות געווען ווייט. אָבער זינט דעמאָלט זענען אַ סך וואַסערן אַוועק סיי אין ירדן, סיי אין דער ווילִיע און אַפילו אין האָדסאָן, און וואָס די אינסטיטוציעס האָבן נישט געקאָנט, אָדער נישט געוואָלט טאָן, האָט דער אינטערעס פאַר אַלע ווערטן פון יידישער קולטור און געשיכטע געטאָן, און נאָך מער האָבן עס די מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט

דער כוללדיקער ייִדישער וויסנשאַפט, געטאָן, און נאָך פּאַר דער לעצטער וועלט־מלחמה האָט זיך איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט צווישן חכמי־ירושלים און חכמי־ווילנע, וואָס האָט זיך געשטאַרקט נאָך דער מלחמה צווישן חכמי־ירושלים און חכמי־ניו־יאָרק.

איך גופא האָב דעם פּראָצעס געקאָנט אָבסערווירן, בעיקר זינט איך פיר אָן מיט דער ייִדיש־קאַטעדרע, און אַז מען וועט אַ מאָל זאַמלען, און אויך פּובלי־קירן, בלויז די קאָרעספּאָנדענציע צווישן די פאָרשער פון ביידע זייטן, וועט מען זען באַשיינפּערלעך, אַז די איצטיקע סטאַדיע פון באַצי און קאָנטאַקט, איז אַ פּרי וואָס האָט זיך, שטיל אָבער לייטיש, אויסגעצייטיקט. דער קאָנטאַקט, ווו דער בשותפותדיקער וויסנשאַפטלעכער אינטערעס האָט געפירט צו אַ האַרציקער פריינדשאַפט, האָט זיך זיין געשיכטע, און עס איז כדאַי עס אַ מאָל פּרטימדיק צו דערציילן. איך וויל איצט בלויז אַרויסהייבן דעם פאַרדינסט פון מאַקס ווײַנרייך — כאָטש ער האָט געהאַט אַן אייגענע אידעאָלאָגיע, וואָס האָט נישט בלויז אָפּגעווייכט נאָר אויך סותר געווען די אידעאָלאָגיע פון אונדזער איינער, האָט ער זיך משתדל געווען מקיים צו זיין: לברית הבט ואל תפן ליצר, און האָט געזוכט דאָס וויסנשאַפטלעך־פּאַראייניקנדיקע און נישט דאָס אידעאָלאָגיש־אָפּשיידנדיקע, און ווי אַ רעדאַקטאָר האָט ער קיינעם נישט געפרעגט נאָך אַ לעגי־טימאַציע, צי האַלט ער, אַ שטייגער, די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ פאַר אַ היס־טאָרישע אימפּרעזע אָדער פאַר אַ קולטור־פּאָליטישע אַוואַנטורע, אָדער צי איז דער גאַנצער ענין מחוץ זיין אינטערעס. די איינציקע לעגיטימאַציע, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט, איז דאָס וויסנשאַפטלעכע אחריות און די וויסנשאַפטלעכע קוואַליטעט פון דער פאָרשונג, און דאָס איז אויך די איינציקע לעגיטימאַציע, וואָס קאָן און דאַרף פאַרלאַנגט ווערן, און דאָס איז דער כלל גדול פון אַן אַקאַדעמישער איב־סטיטוציע, און דער ירושלימער אוניווערסיטעט בתוכם. דערפאַר טאַקע האָט דער ירושלימער אוניווערסיטעט, באַגרינדנדיק די ייִדיש־קאַטעדרע, פּירגעלייגט די אָנפירערשאַפט מאַקס ווײַנרייכן, און באַגרינדנדיק די קאַטעדרע פאַר געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, פּירגעלייגט איר אָנפירערשאַפט אברהם מענעסן, און דער באַשלוס זייערער עס נישט אָנצונעמען געהערט נישט צו די גליקלעכסטע.

איז עס פאַר מיר געווען אַ נחת־רוח, וואָס מאַקס ווײַנרייך האָט מיט זיינע וואָגיקע אַרבעטן באַרייכערט „לשוננו״, דעם אָרגאַן פון דער אַקאַדעמיע פון דער העברעיִשער שפּראַך, און נאָך מער נחת־רוח, וואָס ער האָט זיך אויף מיר סומך געווען ווי אַ בעל־מתרגם. נאָך ווייטער איז געגאַנגען אוריאל ווײַנרייך — ער האָט אונדז אַ פּאָר מאָל באַזוכט, אָנטייל גענומען אין דער ייִדיש־סעקציע פון יודאַיִסטישן קאָנגרעס, וואָס דער ירושלימער אוניווערסיטעט רופט אַלע פיר יאָר צוזאַמען,

און אויך אָנגעפירט אַ קורס אין יידישער און כלל־לינגוויסטיק אויפן ירושלימער אוניווערסיטעט, און מיר האָבן אַפילו געקלערט, אַז ער וועט זיך דאָרט באַזעצן. אויך ער האָט זיינע וואָגיקע פּאָרשונגען געלאָזט גיין אין „לשוננו״ — אַ טייל פון זיי זענען אַרויס אין אַ באַזונדער בוך — און אויך ער האָט זיך אויף מיר סומך געווען ווי אַ בעל־מתרגם.

אַזוי ווי איך האָב דערמאָנט „לשוננו״, וויל איך אויך דערמאָנען, אַז צווישן זיינע מיטאַרבעטער זענען געווען ד״ר שלמה נאָבל און ד״ר מרדכי קאָסאָווער — אַלץ אויף טעמעס פון יידיש־פאָרשונג. און אַזוי ווי איך האָב דערמאָנט די יידיש־סעקציע ביי די קאָנגרעסן פאַר יידישע וויסנשאַפטן אין ירושלים — וויל איך אויך דערמאָנען, אַז צווישן די וואָס האָבן געלייענט אָדער געשיקט זייערע רעפעראַטן, זענען געווען מאַקס און אוריאל ווייַנרייך, בינה סילווערמאַן־ווייַנרייך, יודל מאַרק, שלמה נאָבל, נתן זיסקינד, מיכאל אַסטור, מיכאל הערצאָג — וועלכער האָט אָנגעפירט אַ קורס אויף אונדזער קאַטעדרע — דזשין יאַפין, משה גאָלד־וואַסער — אַלץ ניו־יאָרקער, צו וועלכע עס קומען נאָך צו יידיש־פאָרשערס פון אַנדערע לענדער, און ארץ־ישראל בראש.

נאָך מער, עס איז געווען אַ מין אויסטויש פון תלמידים — פונקט ווי אונדזערס אַ תלמיד איז געקומען צו די ווייַנרייכס מאַכן זיין דאָקטאָראַט, איז ווייַנרייכס אַ תלמיד געקומען מאַכן ביי אונדז אַ דאָקטאָראַט, און פונקט ווי איך האָב געהאַט ביי די לעקציעס פאַר אַ יאָרן היגע תלמידים, האָב איך דאָ היי־יאָר דאָרטיקע תלמידים. און דער עיקר: גרעסערע אויפטוען קאָנען שוין אויסנוצן די קאָאָפּעראַציע — ווי עס וועט באַווייזן דער באַשלוס פון יודל מאַרק אַריבערצופירן די עיקר־אַרבעט ביים גרויסן יידיש־ווערטערבוך קיין ירושלים און זיך דאָרט צו באַזעצן, און עס איז ווייט נישט דער איינציקער אויפטו, וואָס וואַרט אויף זיין רעאַליזאַציע.

### ג

ווי איר זעט האָב איך אַוועקגערויבט פון די זשורנאַליסטן דעם עוקץ — דעם חידוש. דען די איצטיקע קאָאָפּעראַציע איז נישט קיין חידוש, אָבער זי איז אַ געשעעניש.

[י״ט תשרי תש״ל]

# חכמת יִדיש

## אַ וואָרט ביים ייִוואָ־באַנקעט אין ניו־יאָרק

### א

דערלויבט מיר קודם־כל אַרויסצוזאָגן מיין האַרציקסטן דאַנק פאַרן עצם־פאַרבעט צו דעם היינטיקן צוזאַמענטרעף, וואָס איז אויך אַ באַגעגעניש צווישן אַן אַרבעטער אויפן געביט פון העברעיִשער און ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור אין ירושלים און צווישן אַזאַ חשובן עולם פון פאַראינטערעסירטע אין ייִדיש־ווּיסנשאַפט אין ניו־יאָרק.

### ב

באמת, איז עס שוין דאָס פערטע מאָל, וואָס איך ווער פאַרבעטן צו אַ צוזאַמענקום פון ייִוואָ. דאָס ערשטע מאָל האָט מיך פאַרבעטן דער ייִוואָ־אָפּטייל אין תל־אביב צו אַ באַגעגעניש מיט שלמה ביקל, עליו השלום. איך בין מודה, אַז איך האָב פריִער נישט געוווּסט, אַז אַזאַ אָפּטייל איז פּונקט ווי פאַראַן, אַזוי האָב איך שפּעטער נישט געוווּסט צוליב וואָס ער איז פאַראַן. פונעם פינאַנציעלן דין־וחשבון האָב איך געהערט, אַז דער רוב בודזשעט איז געבליבן אין דער קאַסע, און דאָס איז, דאַכט זיך, אַ מסופּקדיקער שבח; פונעם זאַכלעכן דין־וחשבון האָב איך געהערט, אַז זיי האָבן זיך, לויט דירעקטיוון פון ניו־יאָרקער ייִוואָ, פאַרנומען מיט אויספאָרשן די פּראָצעסן פון דער דעמאָלטיקער עליה און האָבן אויסגעטיילט פרעגבויגנס, און איך האָב נישט פאַרשטאַנען: קאַרג אינסטיטוציעס אין לאַנד פאַרנעמען זיך דערמיט? די מלוכה, די סוכנות, די הסתדרות, די מוניציפּאַליטעטן, דער אוניווערסיטעט, און האָבן אַפּאַראַטן און מומחים, וואָס וועלן שוין אויפטאָן די פּאָר וואָלונטאַרע אויספרעגערס? בקיצור, סיי דער איינער און סיי דער אַנדערער דין־וחשבון האָבן מיר נישט פאַרשאַפט קיין איבעריקן נחת־רוח; אָבער, נעמענדיק דאָס וואָרט, האָב איך זיי קורץ אָפּגעפּטרט, און אַפּיר־געבראַכט אַן עיקרדיקן ספק, וועגן עצם ענין פון אַ ייִוואָ־אָפּטייל אין ארץ־ישׂראל, וואָס האָט פריִער געקאָנט מיינען: ירושלים ווי אַ סעקציע פון ירושלים־דליטא און איצט מיינט עס: ירושלים ווי אַ סעקציע פון ניו־יאָרק, און דאָס אין אַ צייט,

ווען עס ווערט אַלץ מער און מער מקויים דאָס וואָרט פון נביא, וואָס איך האָב עס דערמאָנט ביי דער חנוכת־היידיש־קאַטעדרע, וועלכע מען האָט מיר אָנגעטרויט: כל הכתוב לחיים — בירושלים. אַזוי־ווי השם יתברך האָט מיך באַשאָנקען מיט דעם, וואָס קאָנט האַלט פאַר דער גרעסטער מענטשלעכער גבורה: איך האָב נישט מורא לעכערלעך צו זיין, האָבן מיך נישט געאַרט די אייבערחכמהדיקע שמייכעלעך, וואָס האָבן מיר אָקעגנגעוווּנקען, און איך האָב זיך באַנוגנט מיטן הסכמה־שמייכל פון שלמה ביקל, וואָס האָט געפּרוּווט צו דערקלערן דעם דע־מאָלטיקן באַשלוס צו פאַרבייטן, אין טיטל פון ייִוואָ, דאָס וואָרט Yiddish אויף Jewish — אַ זאַך וואָס איך פאַרשטיי נישט עד־היום.

ג

דאָס צווייטע מאָל האָט מען מיך פאַרבעטן צו אַ ייִוואָ־צוזאַמענקום אין ניו־יאָרק און איך האָב געקלערט דעם פאַרבעט נאָכצוקומען, אויך מחמת דעם שעת־הכושר צו שטאַרקן דעם קשר־שבכתב מיט די ראשי־הייִוואָ דורך אַ קשר־שבעל־פה, און אַזוי אַרום צו באַפעסטיקן די באַציִען צווישן ייִוואָ און דער ייִדיש־קאַטעדרע. יענער צוזאַמענקום איז געשטאַנען אין צייכן פון יובל, היא שנת החמישים, פופציק יאָר זייט דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ, און איך האָב אָמערשט געקלערט דאַריבער צו רעדן, כדי צו דערקלערן, פאַר וואָס איך פרעג, היסטאָריש־קריטיש, אָפּ די אָנגענומענע מיינונגען וועגן איר; האָב אָבער גובר געווען דעם יצר הרע פון אַ מזיק ברשות הניזוק, און מוותר געווען אויף אַ סוזשעט אין ייִדישיזם, פאַר וועלכן איך האָב נישט ווייניק נייגער, לטובת דעם יצר טוב פון אַ סוזשעט אין ייִדישיסטיק, פאַר וועלכער איך האָב דעם עיקר־אינטערעס. אָבער עס איז מיר שווער אָנגעקומען גובר צו זיין צוויי קווענקלע־נישן — איינס. דעם אומחן, וואָס איך האָב געוואָרפן אויף פאַרעכצער; דאָס אַנדערע, ווי לאָזט זיך עפּעס אויסגעבן ציבור־געלט פאַר אַ פלי איבערן אוקינוס, כדי צו רעדן אַ קאַרגע האַלבע שעה. פון די צוויי גרויסע געלערנטע אין ירושלים, מיט וועלכע איך האָב זיך באַראָטן, האָט איינער מיך ממש צוגעטריבן: למען השם פאָר, די קאָנסאָלידאַציע פון חכמת־ישראל, וואָס ייִדיש איז איר ייִנגסטע דיסציפּלין, וועט דיר דאַנקען דערפאַר; דער צווייטער האָט געזאָגט, אַז ער האָט שטאַרקע רעזערוואַציעס לגבי וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס באַשטייען פון פאַרשער און אידעאָלאָגן, דען דאָס איז אַ קרומער שידוך, שוין מחמת דעם וואָס די ערשטע גייען זוכן און די אַנדערע גייען געפינען, אַזוי אַז איך וועל מסתמא זיין אין אַ שווערער מצודה, און ער וואָלט זיך צוויי מאָל באַרעכנט, צי ער זאָל זיך זעצן צו אַזאַ טיש. דעם ערשטן האָב איך געענטפערט, אַז די דאָזיקע קאָנ־סאָלידאַציע איז אַזאַ מין פאַרזיי פון אַ זאָמען, וואָס וואָרעמט זיך, כדרך הטבע,

לאַנג אונטער דער ערד, ביז ער שפּראַצט אויף און נעמט בליִען און טראָגן פּירות, און פאַר אַזאַ פּראַצעס גילט דאָס וואָרט: אל תעירו ואל תעוררו — וועקט נישט די ליבשאַפט ביז זי אַליין וועט וועלן. דעם אַנדערן האָב איך געענטפערט, אַז איך האָב נישט קיין מורא אַריינצוגיין אין אַ לייבן־גרוב, און נישט ווייל איך בין אַזאַ גיבור, נאָר מסתמא וועט זיך אַרויסשטעלן, ווי עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט אין דער הלצה וועגן יענעם יידן, וואָס איז, צוליב פּרנסה, אַריין אין אַ שטייג, ווו עס איז געלעגן אַ לייב, און ווען ער האָט מיט קלאַפּנדיקע ציין געשעפּטשעט: שמע ישראל, האָט אים דער לייב צוריקגעשעפּטשעט: השם אלקינו השם אחד, ווייל דער לייב איז קיין לייב נישט געווען, נאָר אַ ר׳ אריה־לייבוש, וואָס האָט זיך אָנגעטאָן אַ לייבן־פּעל. צום סוף האָבן מיינע קווענקלענישן גובר געווען, און איך בין נישט געפאָרן, און עס איז כמעט אַדורך גלאַטיק.

איך זאָג: כמעט, ווייל אַ שטיקל שטורעם אין אַ גלעזל וואַסער האָט זיך פאָרט אויפגעהויבן. אַ זשורנאַליסט איז אַרויס מיט אַ ירגזון, הלמאי בין איך נישט געקומען און אַריינגעטייטשט וואָס און ווי ער האָט אַריינגעטייטשט — כ׳בין נישט ערוב, אַז ווען איך וואָלט יאָ געקומען, וואָלט ער נישט געפונען קיין אַנדערע זאַטשעפּקע — און אַ פּראָמינענטער דיכטער האָט פאַרלוירן יעדן חוש פאַר פּראָ־פּאָרציע און געשריבן, אַז די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ האָט געהאַט אַ פּגם — מענדעלע און שלום־עליכם זענען נישט געקומען, און דער יובל אירער האָט אויך געהאַט אַ פּגם — איך בין נישט געקומען. האָט מאַקס וויינרייך עליו השלום, ווי זיין שטייגער איז געווען, אַרויסגעוויזן זיין פיינעם טאַקט, און אין אַ בריוו אין דער פּרעסע דערציילט, ווי די זאַך איז באמת געשטאַנען.

דאָס דריטע מאָל האָט מיך דער אַרגענטינער אָפּטייל פון ייִוואָ פאַרבעטן צו זיין יערלעכן צוזאַמענקום, און איך האָב צוליב דעם פאַרלענגערט מיין טור דאָרט, און האָב פאַר אַ גרויסן עולם אָפּגעשאַצט די אבידה, וואָס מיר האָבן געליטן מיט דער פּטירה פון מאַקס וויינרייך, וואָס אויף אים קאָן חכמת־ייִדיש באמת זאָגן: בכל ביתי נאמן הוא, טייטש: אין מיין גאַנצן הויז איז ער אַ נאמן, וואָס מיינט, כידוע, אי געטריי אי געניים. און דאָס פּערטע מאָל האָבן מיך אנשי ייִוואָ הי, שמואל לאַפּין און מיכל הערצאָג, פאַרבעטן, און אנשי האוניווערסיטעט אין ירושלים, איר נשיא אברהם האַרמאַן און איר רעקטאָר נתן ראָטענשטרייך, האָבן מיך דערצו צוגערעדט, און איך בין זיי נאָכגעקומען, ווייל עס האָט זיך געהאַנדלט נישט אין אַ קורצער מאַניפעסטאַציע, ווי עס איז אַ קאָנגרעס, נאָר אין אַ לענגער שטיקל האַרעוואַניע, ווי עס איז קנעלן אַ פאַר חדשים אַ פּרשה ייִדיש־ליטעראַטור מיט חברים און תלמידים; אַזוי אַז דער היינטיקער באַנקעט איז אַ מין אגב־אורחא, וואָס איך נוץ אים אויס, כדי אַרויסצוזאָגן עטלעכע היסטאָרישע און קריטישע מחשבות מכוח חכמת־ייִדיש.

ד

און קודם־כל אַ קליינער פּירוש, פאַר וואָס איך רוף עס חכמת־ייִדיש און נישט לויט דעם אָנגענומענעם טערמין: ייִדישיסטיק, קל־וחומר לויטן גוייִשן נוסח: ייִדיסטיק. און נישט ווייל עס ליגט אַ פּסול אין טערמין: ייִדישיסטיק. איז ער דאָך געבילדט נאָך די אָנגענומענע טערמינען: ראָמאַניסטיק, גערמאַניסטיק, סלאַוויסטיק וכדומה, נאָר מחמת דריי באַזונדערע טעמים.

דער ערשטער טעם איז די מעגלעכקייט פון סעמאַנטישן פאַרבייט. אַז איינער פאַרנעמט זיך מיט גערמאַניסטיק, איז ער אַ גערמאַניסט, און מען ווייסט קלאָר וואָס דאָס איז; אַז איינער פאַרנעמט זיך מיט סלאַוויסטיק, איז ער אַ סלאַוויסט, און מען ווייסט קלאָר וואָס דאָס איז, אָבער אַז איינער פאַרנעמט זיך מיט ראָמאַניסטיק און איז אַ ראָמאַניסט, איז שוין דאָס וואָרט נישט קלאָר, ווייל עס קאָן טאַקע באַטייטן אַ פאָרשער פון ראָמאַנישע שפּראַכן און ליטעראַטורן, קאָן אָבער אויך באַטייטן אַ מחבר פון ראָמאַנען. נאָך פאַרוויקלטער איז עס מיט דער דעפיניציע ייִדישיסט, וואָס קאָן הייסן אי איינער, וואָס איז עוסק אין ייִדישיסטיק, אי איינער, וואָס איז אַ חסיד פון ייִדישיזם. און ייִדישיזם איז נישט קיין וויסנ־שאַפטלעכע דיסציפּלין, נאָר אַ נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף אַ גרויסער ייִדיש־ווערקלעכקייט אין מזרח־אייראָפּע, און האָט זיך קלאָר און באַוווּסט אויסגעבויט, מיט אַ דריי דורות צוריק, און פאַרמאָגט אַ באַזונדערע אידעאָלאָגיע און פּראָגראַם, אַרום וועלכע עס האָבן זיך גרופּירט גרויסע פאָרמאַציעס, דאַרונטער אויך, אָדער בעיקר, פּאָליטישע פּאַרטייען, און דער צד השווה איז די אָנערקענונג פון ייִדיש — ביי דעם רוב פאַר דער איינ־ציקער, און ביי דעם מיעוט פאַר דער עיקרדיקער שפּראַך פונעם פאָלק, לפּחות אין די שטחים פון לעבעדיקן ייִדיש; אַן אָנערקענונג, וואָס איז מחייב אַ באַשטימטע קולטור־פּאָליטיק. אמת, דער ייִדישיזם איז געווען אַ שטאַרקער גורם אין וווּקס און אַנטוויקל פון דער ייִדישיסטיק, וואָס האָט אויסגעברייט דאָס וויסן און דאָס באַוווּסטזיין פון דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור, אָבער ייִדישיזם און ייִדישיסטיק זענען ווייט נישט אידענטיש. אמת, זיי קאָנען עס זיין, אין דער געשטאַלט פון אַ פּערסאָנאַלער אוניע, ווי מיר האָבן עס ביי אַ סך ייִדיש־פאָרשער, אָבער זיי מוזן עס נישט זיין, ווי מיר האָבן עס ביי נישט ווייניק ייִדיש־פאָרשער.

דער צווייטער טעם: פּונקט ווי יודאַיִסטיק רופט זיך היימישלעך חכמת־ישראל (וואָס דער טערמין מדעי־היהדות האָט זי נישט אַרויסגעשטויסן), אַזוי רוף איך ייִדישיסטיק היימישלעך חכמת־ייִדיש, בפרט אַז חכמת־ייִדיש איז געווען, און דאַרט וווּ זי איז נישט געווען האָט זי באַדאַרפט צו זיין, אַן אָרגאַנישער טייל פון חכמת־ישראל, וואָס נעמט אַרום די מאַקסימאַלסטע מאָפע פון דער וויסנשאַפט וועגן אַלץ און אַלעמען, וואָס איז אונדזער פאָלק, אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער,

און ווי יידיש פאַרנעמט איר פּראָפּאָרציאָנאַלן, כמעט אַכטהונדערט־יעריקן פּלאַץ, און דאָס איין סאַמע צענטער פון יידישער שאַפערישקייט, ווי עס איז געווען נוסח אשכנז. אמת, זי איז אויך אין דער מאָפּע נישט קיין בת־יחידה, נאָר אַ יינגערע שוועסטער פון לשון־קודש, מיט וועלכער זי האָט קאָאָפּערירט אין אַ וווּנדערלעכן פונקציאָנאַלן אויפטייל; אַזוי אַז ווער עס רעדט וועגן אַכט הונדערט יאָר — לאַ־כל־שכן טויזנט יאָר — יידיש־קולטור, און שטעלט זי זיך פיר לויט די באַגריפן פון שפּראַכן־קאַמף אין די לעצטע צוויי דורות, רעדט, במחילה, אונדזער געשיכטע איין אַ קינד אין בויך, און אַפילו אַ גוט און פרום איינרעדעניש איז ערגער פון אַ בייזער קרענק. אַוודאי איז אַ דיסציפּלין נוטה צו זיין אַ מאָפּע פאַר זיך, און די דאָזיקע נטייה האָט פאַרמאָגט אויך די יידישיסטיק, בפרט אונטערן פּרוכפּערדיקן אַפּיטראָפּסות פונעם יידישיזם. איך האָב געזאָגט: האָט פאַרמאָגט, און נישט פאַר־מאָגט, ווייל סיי מען זאָגט עס אָפן, סיי מען איז מודה בשתיקה, עס שטאַרקט זיך אַלץ מער די דערקענטעניש, אַז חכמת־יידיש איז אַ טייל פון חכמת־ישראל, און פאַראַן געגנוג בולטע סימנים דערצו. אויב באַנוצן אַ באַנאַלן אָבער אמתן משל, איז חכמת־יידיש, אַזוי ווי אַ יעדע ספּעציעלע חכמה אונדזערע לגבי דער כוללדיקער חכמת־ישראל, ווי די ערד, וואָס דרייט זיך טאַקע אַרום זיך, אָבער זי דרייט זיך אויך גלייכצייטיק אַרום דער זון.

דער דריטער און לעצטער טעם, פאַר וואָס איך האַלט פון דער דעפיניציע: חכמת־יידיש — די חכמה האָט שוין עקזיסטירט פאַרן יידישיזם און עקזיסטירט אויך אָן אים, און ווי אַ יעדע וויסנשאַפט באַפרייט זי זיך פון צו זיין אַ מיטל צו אַ גרויסן אָדער קליינעם איזם, און ווערט אַ תכלית פאַר זיך. און עס איז פאַראַן אַ גאַנצע ריי איזמען וואָס חכמת־יידיש האָט זיך געדאַרפט און דאַרף זיך נאָך היינט פון זיי עמאַנציפּירן. איך וועל איבערהיפּערן איזמען, וואָס האָבן כאַראַק־טעריזירט דעם דרויסנדיקן אינטערעס פאַר יידיש, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט אַ ליכטיקן איזם, ווי עס איז געווען דער שפּעטהומאַניזם, וואָס באַלייכט די באַמיען פון אַ בוקסטאָרף, און פאַרענדיקט מיט אַ קויטיקן איזם, ווי עס איז געווען אַ קרי־מינאַליזם, וואָס באַטונקלט די גריבלערייען פון אַ שודט ביז אַ טהילע וכדומה, און זיך אָפּשטעלן אויף די איזמען, וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט דעם אינעווייניקסטן, אונדזער אייגענעם, אינטערעס אין יידיש.

## ה

און קודם־כל זענען מיר מחויב צו פאַרענטפערן אַ האַרבע קשיא: פאַר וואָס האָט חכמת־ישראל, שוין אין אירע אָנהויבן, זיך פאַרנומען אויך מיט יידיש? זענען דאָך אירע אבות, דער צווייטער און דריטער און פערטער דור נאָך מענדעל־זאָנען נישט געווען אירע פריינד; פאַרקערט זיי האָבן אַלץ געטאָן זי עוקר מן

השורש זיין. כדי דאָס צו פאַרשטיין, דאַרף מען כאַפּן, כאָטש אַן אויבאויפיקן קוק אויף דעם גאַנג און די גלגולים פון חכמת־ישראל. געוויינטלעך אַנטוויקלט אַ פאָלק אַ וויסנשאַפט וועגן זיך אַליין, כדי צו וויסן דעם אמת וועגן זיך אַליין, און צו שטאַרקן זיין באַזונדערקייט און אירע עלעמענטן, דערפאַר טאַקע פאַרשט עס זיין אייגענע געשיכטע, זיין אייגענע שפּראַך, זיין אייגענע ליטע־ראַטור, זיין אייגענעם פאָלקלאָר. נישט אַזוי איז געווען די כוונה פון חכמת־ישראל אין אירע אָנהייבן. פון איין זייט, האָט זי, ווי צונץ האָט סאַרקאַסטיש געזאָגט, געוואָלט מאַכן דעם ייִדנטום, און געמיינט דאָס היסטאָרישע ייִדנטום, אַ שיינע לוויה, און פון דער אַנדערער זייט האָט זי געוואָלט באַווייזן, אַז דאָס וואָס זייער אידעאָלאָגיע און פּראָגראַם פאָדערן, עמאַנציפּאַציע, וואָס זאָל זיי עפענען טיר און טויער צום דייטשישן פאָלק, זיין קולטור און געזעלשאַפט, האָט שוין, בעצם, אַ לאַנגע באָרד. זיי האָבן טאַקע געהאַלטן, אַז ייִדיש איז אַ פאַרזעעניש, אַ צעקאַלעטשעט דייטשיש, און מען דאַרף עס פאַרבייטן, און זיי האָבן עס אויך פאַרביטן, אויף נאָרמאַטיוו דייטשיש, אָבער ווי זאָגט מען: אַ מומע אָן אַ נאָז איז אויך אַ מומע. עס איז פאָרט דייטשיש, און וואָס מער זיי האָבן אַנטדעקט מיטלהויכדייטשישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך דערהאַלטן אין ייִדיש, איז גרעסער געוואָרן די גדולה, ווייל זיי האָבן געקאָנט זייערע זיידעס און עלטער־זיידעס פּראָקלאַמירן ווי טרעגערס פון אַן אַלטער דייטשישער ירושה, פונקט ווי זיי האָבן עס געקאָנט מאַכן, און טאַקע געמאַכט, לגבי אמונות טפלות, מאַגיק, שדים, אָפּשפּרעכעכצער און איבריקן פאָלקלאָריסטישן קלאַפּערגעצייג, ווי איינער זאָגט: דו זעסט, ר׳ דייטש, מיינע שדים זענען דיינע שדים, מיר האָבן נישט בלויז אַ בשותּפותדיקן בוידעם פון הויכבילדונג, נאָר אויך אַ בשותּפותדיקן קעלער פון פאָלקס־גלויבן. און אין דעם איזם, דעם גערמאַניזם, האָט זיך אויך אַריינגעשלייערט דער אויפגעשרויפטער אינטערעס פאַר ראָטוועלטש, דאָס דיי־טשישע גנבים־לשון, וואָס האָט צו זיך אַריבערגעגנבעט אַ פּאַק צעדרייטע לשון־קודש־ווערטער, ווי איינער זאָגט: זעסט, ר׳ דייטש, מיר האָבן נאָך צוויי בשותּפות־דיקע קעלערס, און אויב אין אויבערשטן קעלער, פון דער דעמאָנאָלאָגיע, האָבן מיר געשנאַפּט ביי דיר, האָסטו, אין אונטערשטן קעלער, פון דער קלעפּטאָלאָגיע, גענאַשט ביי מיר, און מיר זענען קוויט.

אַזוי איז שוין געווען דער דו־פּרצופּין, דאָס יאַנוס־פּנים, פון חכמת־ישראל, אין איר ערשטן פּעריאָד, אַז סיי ווען יוסף פּערלעס האָט געשריבן וועגן גלאָסאַרן, סיי ווען משה גידעמאַן האָט געשריבן וועגן דער דערציִונג אין מיטלעלטער, סיי ווען מאַקס גרינבאַום האָט אַרויסגעגעבן זיין גרויסע כרעסטאָמאַטיע פון ייִדיש־טעקסטן צו מקרא, מדרש און סיפּורי מעשיות — איז איין אויג געווען געווענדט צום עצם ענין, און דאָס אַנדערע אויג האָט שטאַרק געשיקלט צו דער פאַרבונדנקייט מיט

דער דייטשישער קולטור, כדי צו דערווייזן, אַז מיר שטעקן שוין לאַנג־לאַנג אין איר. שפּעטער, ווען חכמת־ישׂראל האָט זיך אַ קאָפּ עמאַנציפּירט פון צו זיין אַ שדכנטע פון דער עמאַנציפּאַציע און איז אַריבער אין די הענט פון מזרח־אייראָפּעישע חוקרים, איז געקומען אַן אַנדערער איזם, דער העברעיזם. איך וועל אָנהייבן מיט אַ קוריאָז. ביים צווייטן ציוניסטן־קאָנגרעס האָט דער עלטער־פּרעזידענט, ד״ר קאַרפּל נתנאל ליפּפּע, געטיילט אַ בראָשור, ווי אַזוי מען קאָן זיך לייכט אויסלערנען לשון־קודש פון ייִדיש — עס איז געווען אַ חנוודיק און קונציק צונויפגעשטעלטער שמועס, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ ים לשון־קודש־ווערטער, וואָס זענען שכיח אין ייִדיש. דאָס חיבורל האָט אברהם יערי נאָך אַ מאָל אָפּגעדרוקט (אין „קרית ספר״), און נאָך דעם ווי איך האָב עס אַנאַליזירט און פאַרגליכן מיט ד״ר ליפּפּעס דרך שרייבן, בין איך געקומען צו דער מסקנה, אַז ער קאָן נישט זיין דער מחבר, און איך האָב זיך דערוועגט אַנצונעמען, אַז זייענדיק אין טאַרניפּאָל, ווי אַן איידעם פון קאַרל פלאָהן, דעם אוטשאַני דייטש פון יוסף פּערל, האָט ער דאָרט געפונען אַ כתב־יד, וואָס זיין מחבר איז מענדל לעפין, אָדער איינער פון זיינע תלמידים, און אים צו זיך גענומען, און אויף דער עלטער, שוואַך אויפן זכרון, האָט ער עס בשמו אַרויסגעגעבן. איך דערצייל עס, ווייל דאָס איז אפשר דער ערשטער גרעסערער פּרווו פון אַ משׂכּיל צו באַהאַנדלען דעם פּראָצעס פון לשון־קודש־קאָמפּאָנענט אין ייִדיש. אויך אַנדערע גרויסע משׂכּילים האָבן זיך דאַרויף אָפּגעשטעלט. עס טוט עס ר׳ יצחק־בער לעווינזאָן, וואָס וואַרפט, דאָ און דאָרט, אַ השערה, ווי , אַ שטייגער, ער טייטשט אויס דאָס וואָרט יאַנדעס, וואָס מיינט געוויסן, נישט לויט יהדות, ייִדישקייט, נאָר לויט ידעות, ווייל דער ענין פון ידיעה איז פאַראַן אין באַגריף געוויסן אין עטלעכע אייראָפּעישע לשונות. און כאָטש עס איז נישט מער ווי אַ פּשטל, האָט עס אַזאַ פיינשמעקער ווי ש״י עגנון, אין דעם זינען, איבערגענומען, אפשר טאַקע לכבוד יצחק־בער לעווינזאָן, וואָס איז געווען זיין עלטער־עלטער־פעטער. ווייטער איז געגאַנגען אד״ם הכהן, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן חילוק צווישן דעם אַרויס־זאָג פון אַ לשון־קודש־וואָרט אין לשון־קודש־טעקסט און דעם זעלבן לשון־קודש־וואָרט אין אַ ייִדיש־טעקסט, אַ וואָגיקע אָבסערוואַציע, כאָטש ער האָט זי ווייט נישט פאַרשטאַנען, און זי האָט, אויף איר פול פאַרשטענדניש, געמוזט וואַרטן, ביז עס איז געקומען דער גרעסטער בעל־מדקדק אין אונדזער דור, מורי ורבי ר׳ חנוך ילון, וואָס האָט אין די חילוקים געזען און געוויזן גאָר אַלטע מסורות, וועלכע באַווייזן אויך, אַז ייִדיש האָט דערהאַלטן רעליקטן פון אַן אַנדערער הברה, וואָס איז ענלעך אויף דער ספרדישער, און אַזוי ווי די שמועס־שפּראַך דערהאַלט אַן עלטערן אַרויסרעד, האָבן מיר דאָ נאָך אַ שטאַרקן עדות, אַז די אשכנזים האָבן פאַרן 14טן יאָרהונדערט נישט געוווּסט וואָס מיר רופן איצט הברה אשכנזית. אויף

ילונס הנחות האָט מאַקס ווײַנרײַך אויסגעבויט אַ געבײַ, צוגעבנדיק אַ שלל ראיות, און מיט אַ געשליפֿענער טעאָריע וועגן אַ בבלישן רענעסאַנס, וואָס איז מיר שווער אויף איר אונטערצושרײַבן אַ וועקסל, בפֿרט אַז ער רעדט מיר אײַן, אַז איך מעג די אונטערשריפֿט אָפּלייגן אויף אַן אַנדער, אפֿשר אייגן וועקסעלע.

אַ סך ווייניקער אינטערעס האָט אַרויסגערופֿן אַן אַנדערער איזם, כאָטש ער האָט פּיקאַנטע קאַפּיטלען און וואָלט באַדאַרפֿט צו קריגן אַ באַזונדערן סטימול אין דער סאָוויעטישער ייִדישיסטיק — דער סלאַוויזם. קודם־כּל דער ענין מערב־סלאַוויש, לשון כּנען, וואָס מיינט טשעכיש (און אפֿשר לאַוזיציש); די צענדליקער און הונדערטער ווערטער, וואָס מיר האָבן אין „אור זרוע" און אין „ערוגת הבושם", און וואָס רעגן אָן אַ קשיא, וואָס מען קאָן זי אויך פֿרעגן לגבי אַנדערע מינים ייִדיש, נישט בלויז לגבי פּראָוואַנסאַליש, נאָר אויך לגבי שפּאַניאָליש. לגבי פּראָוואַנסאַליש — אַ רײַכע גלאָסאַר־ליטעראַטור, אַ ליטורגישע און אַפֿילו וועלט־לעכע פּאָעזיע, און איז געבליבן לעבעדיק, אין אשכּנזישן ייִדיש בלויז אין עטלע־כע ווערטער און אַן אײַנציקע דקדוק־פֿאָרעם. לגבי שפּאַניאָליש — געבראַכט ביז צו אַ היפּשער פֿאָלקס־ליטעראַטור, האָט זיך אָבער מיט דוד פֿאַרדאָ פֿאַרענדיקט דאָרט, ווו אײַזיק מאיר דיק האָט אָנגעהויבן, און כּמעט אַראָפּ פֿון דער בימה. עס זענען נישט די פּרײַלעכסטע געדאַנקען, וואָס עס דערוועקט נישט בלויז דער גורל פֿון די ייִדישע שפּראַכן, נאָר אויך דער באַצי פֿון פֿאָלקס־זכּרון צו זיי: נישט אומזיסט האָבן זיך שמואל ניגער און אַנדערע געקלאַמערט אין ענין אַראַ־מעיִש, וואָס לעבט עד היום, כּדי צו לערנען אַ גזירה שווה לגבי אונדזער ייִדיש.

אָבער צוריק צו אונדזער באַטראַכט. ייִדיש האָט, בדרך כּלל, געהאַט דרך־ארץ פֿאַר זײַנע קאָמפּאָנענטן לויט זייער עלטער, און עס איז פֿאַרן סלאַווישן קאָמפּאָנענט אַ פּיסנע נחמה דאַרינען, וואָס עס זענען געווען פֿאָרשער, וועלכע האָבן געזוכט סלאַוויזמען דאָרט ווו זיי זענען נישט געווען, ווי אַ שטייגער אַלכּסנדר הרכבי, וואָס האָט אַזעלכע ווערטער, ווי העזה, קאַטאָוועס, אײַנגערעדט אַ סלאַווישן אָפּשטאַם, און יודאַ א. יאָפֿע האָט אַ וואָרט, ווי וואַטנמאַכער, אויסגעשטעלט אַ סלאַווישן יחוס־בריוו, פּונקט ווי ער האָט אַ וואָרט, ווי דאַוונען, אויסגעשטעלט אַ ליטווינישן יחוס־בריוו. ווי ווײַט דער דרך־ארץ פֿאַרן עלטערן עלעמענט גרײַכט, קאָן מען אַרויסלערנען פֿון איין זײַט פֿון אַלפֿרעד לאַנדויס גרונטיקער אַרבעט וועגן ייִדיש־ווערטער, וואָס זענען סעמאַנטיש סלאַוויש אָבער מאָרפֿאָלאָגיש דײַטשיש, און פֿון דער אַנדערער זײַט פֿון שלמה נאָבעלס אַרבעט וועגן חומש־טײַטשן, ווו מען זעט באַשײַמפּערלעך, ווי ווײַט דער דאָזיקער אינטימער תּחום איז געווען פֿאַרשלאָסן פֿאַרן סלאַווישן עלעמענט, און אויב מענדעלע פֿאַר האָט אים געעפֿנט טיר און טויער, האָט עס למעשה קיין פּעולה נישט געהאַט, און סלאַוויש איז טאַקע אַרויס בשן ועין.

ו

איך האָב די אַלע איזמען אַרויסגעהויבן ווי טענדענצן פון אַ פּאַרטיאַלן באַהאַנדל פון יידיש, לויט דעם וויסנשאַפטלעכן אינטערעס און דער קולטור־פּאָליטישער כוונה און פאַרשווינדלעכן איינשטעל פונעם פאַרשער. אָבער קאָמפּאָנענטן פון אַ שפּראַך זענען נאָך נישט די שפּראַך, דען זיי טיילן זי אויף אין אירע מקורות, בשעת איר מהות שטעקט אין זייער אינטעגראַציע און אין דער פונקציע, וואָס ווערט זיי צוגעטיילט, און בעיקר אין צוזאַמענשפּיל, וואָס רעכנט זיך וויניקער מיט דעם, פון וואַנעט זיי קומען אַרויס און מער מיט דעם, וווּהין זיי גייען אַריין. כדי דאָס צו פאַרשטיין, דאַרף מען נאָכגיין דריי קשיות: פאַר וואָס יידיש האָט זיך אויסגעבילדט, צו וואָס יידיש האָט זיך אויסגעבילדט, ווי אַזוי יידיש האָט זיך אויסגעבילדט.

פאַר וואָס און צו וואָס — דאַריבער האָבן מיר עטלעכע ענטפערס, אָנגעהויבן מיט מתתיהו מיזישעס מער וויסנשאַפטלעכן בוך Die Entstehungsursachen der jüdischen Dialekte און געענדיקט מיט ישראל יעפּרויקינס מער פּובליציסטישן בוך וועגן די יידישע שפּראַכן, שוין אָפּגעשמועסט פון ליבהאָבערישע קאָמפּילאַציעס ווי באַטאַשאַנסקיס „מאַמע יידיש" וכדומה. ווי אַזוי — איז דער ענין פון געשיכטע פון יידיש, און מיר האָבן דערוועגן טייל־אַרבעטן, אָבער בלויז מאַקס וויינרייך האָט זיך דערוועגט וועלן דורכפאָרשן דעם גאַנצן קאָמפּלעקס, און ערשט אַז עס וועט דערשיינען דאָס גאַנצע בוך, וואָס מיר קאָנען לעת־עתה דערפון בלויז עטלעכע וואָגיקע קאַפּיטלען, וועט זיך לאָזן דאַריבער רעדן בפּרטות, און מעגלעך, אַז ערשט דעמאָלט וועלן זיך יינגערע פאָרשער ווידער אַ מאָל נעמען צו טייל־פּראָבלעמען, וואָס וויינרייך האָט זיי געזען און געוויזן אין ברייטן היסטאָרישן האָריזאָנט, און מקיים זיין אַ הדרן עלך, ווי יעדער דור איז עס מחויב. אַ סימן, אַז נאָך ביי זיין לעבן איז אָנגעגאַנגען אַ וויסנשאַפטלעכע פּלוגתא מכוח כמה ענינים, וואָס ער האָט באַהאַנדלט.

על־כל־פּנים, סיי אין דעם ווערק, סיי אין די איבעריקע ווערק זיינע, ווי אויך אין די ווערק פון זיינע פירגייערס און מיטצייטלער, האָבן מיר צו טאָן מיט אַן איזם, און דאָס איז דער פּראָדוקטיווסטער איזם — דער יידישיזם. שוין אין פּרי־יידישיזם — און איך רעד דאָ נישט וועגן דעם היפּאָטעטישן פּרי־יידישיזם, וואָס מען פּרוווט אָנהענגען דעם ווייטן ר' אליה בחור אָדער ר' יחיאל מיכל עפּשטיין, נאָר וועגן דעם ממשותדיקן פּרי־יידישיזם פון אַ נענטערן, ר' יעקב שמואל ביק, וואָס האָט זיך אויסגעקלאָרט ביי יהושע מרדכי ליפשיץ, דעם מחבר פון יידישן ווערטערבוך וואָס האָט יידיש באַהאַנדלט אין איר אינטעגריטעט, לאָ־כל־שכן דעם צייטיקסטן יידישיזם פון די לעצטע צוויי־דריי דורות, ווי אַ סטימול פאַרן אַנטוויקל פון דער יידיש־פאָרשונג, וואָס נעמט אַרום די טאָטאַליטעט פון יידיש, און ווו

דער פאַרטייל אויף אירע באַזונדערע קאָמפּאָנענטן איז נישט קיין מהותדיקער, נאָר בלויז אַ מעטאָדישער, ווייל דער עיקר איז פּאָרט וויסנשאַפטלעך דורכצואַקערן וואָס איז צווישן די קאָמפּאָנענטן און איבער זיי. און דאָ טאָר מען נישט פאַרשמעלערן די פאַרדינסטן פון דעם ייִדישיזם פאַר דער ייִדישיסטיק — אין זיין אַטמאָספער האָט זיך אַנטוויקלט אַ העכערע, סאָלידערע מדרגה פון ייִדיש־וויסנשאַפט, ווי מ׳ר האָבן זי, אָנגעהויבן מיטן „פּנקס“, געהמשכט מיטן באַגרינדן פון ייִוואָ, און פאַרענדיקט מיט אירע אָרגאַנען. אָבער מיט דער צייט האָט זיך ייִדישיסטיק, ווי אַ וויסנשאַפט, געמוזט עמאַנציפּירן פון ייִדישיזם, ווי אַ פּאָליטיק, און עס הערט זיך אפשר ווי אַ פּאַראַדאָקס, ווען איך וועל זאָגן, אַז מאַקס ווייַנרייך, וואָס האָט אין זיך פאַראייניקט ייִדישיזם און ייִדישיסטיק אין אַ פולקומענער פּערסאָנאַל־אוניע, האָט דעם ווידעראַנאַנד נישט בלויז דורכגעלעבט, נאָר אויך, אויב נישט גענעטיש טאָ דיאַלעקטיש, גובר געווען. ער אַליין איז דאָך געווען אַ דיאַלעקטיקער — האָט ער דאָך נישט מורא געהאַט אָנצונעמען מתתיהו מיזעשעס טעאָריע וועגן די קאָנפעסיאָנאַלע סיבות פון דער גענעזע פון ייִדיש, און האָט אָנגעוויזן, אַז מיט דער צייט האָט זיך די שפּראַך עמאַנציפּירט פון אירע סיבות, איז געוואָרן תכלית פאַר זיך. און עס איז ווידער אַן ענין פון דיאַלעקטיק, אַז מאַקס ווייַנרייך און זיינע בני דור האָבן עס צומייסט פאַרהאָלפן צו דער עמאַנציפּאַציע פון דער ייִדישיסטיק ווי אַ וויסנשאַפט פון ייִדישיזם ווי אַ פּאָליטיק, און במילא פאַרהאָלפן חכמת־ייִדיש צו זיין אַן אָרגאַנישער טייל פון חכמת ישׂראל.

איך האָב דערמאָנט די גרויסע דערגרייכונגען פון חכמת־ייִדיש, אָבער באמת באַשטייט זייער גרויסקייט לגבי דעם, וואָס עס איז פריִער געווען, אָבער נישט לגבי דעם, וואָס דאַרף ערשט געטאָן ווערן, דען לגבי דעם געפינט זיך נאָך חכמת ייִדיש אין די וויקל־קישעלעך. אַוודאי איז דאָס אַ מדרגה — אויסטראָגן און האָבן און געזונט אויף דער וועלט ברענגען, אָבער דאָס כאָוועז, גרויס־ציִען און דערציִען ביז בר־מצווה און ביז צו דער חופּה — איז פּאָרט די סאַמע עיקר עובדה. די קשיא איז, ווער וועט די משׂא פון דער אויפגאָב אויפהייבן און דערהייבן — ווער וועט זיך פאַרנעמען מיט די הונדערטער און אפשר טויזנטער מחקרים, — מאָנאָגראַפיעס, דיסערטאַציעס וכדומה — וואָס דרימלען און שלאָפן נאָך אין ייִדיש; ווער וועט מאַכן די גרויסע, פולקומענע ביבליאָגראַפיע פון דער ייִדיש־ליטעראַטור און פּרעסע; ווער וועט אָנשרייבן זייער אויסשעפּלעכע געשיכטע, ווער וועט אויפבויען דעם אַקאַדעמיש־היסטאָרישן ייִדיש־ווערטערבוך, וואָס לגבי אים זענען סטוטשקאָוו און אוריאל ווייַנרייך בלויז אַן אַפּיר־געשמאַק, און דער גרויסער ווערטערבוך פון יודל מאַרק אַ הכנה; ווער וועט אַרויסגעבן אַקאַדעמישע אויסגאָבן פון די ייִדיש־קלאַסיקער; ווער וועט אויסלייזן פון אַרכיוור־שטויב די אויפגעשטאַפּלטע כתב־ידן, וכדומה. דער איינציקער ענטפער: וויסנשאַפטלעכע אַרבעטער. אָבער דאָס איז אַ תשובה, וואָס

דערוועקט אַ נייע קשיא; פון וואַנעט וועלן זיי קומען? דער איינציקער ענטפער: פון וואַנעט זיי קומען אומעטום, פון אוניווערסיטעטן, קאַלעדזשן, אינסטיטוטן, קלאָרער געזאָגט: פון יידיש־קאַטעדרעס אין זיי. אַזעלכע קאַטעדרעס זענען שוין פאַראַן סיי דאָ, סיי אין ירושלים. אָבער עס איז אַ גרויסער חילוק, אויב אַ קאַטעדרע פאַר חכמת־יידיש געפינט זיך נישט אָדער געפינט זיך יאָ אין דער רעם און אין דער אַטמאָספער פון כוללדיקער חכמת־ישראל, און אַזוי ווי מיר האָבן עס היינט אין ירושלים, אין אַ מאָס, וואָס איז נישט בנמצא ערגעץ אַנדערש, קאָן מען היינט בלויז דאָרט, משמע אין ירושלים, אויפשטעלן אַ פערפעקטן אינסטיטוט פאַר דער קולטור פון מזרח־אייראָפּע.

און אויב אַזוי, וואָלט דאָך אַן אינסטיטוציע ווי ייוואָ געדאַרפט אַ קלער טאָן וועגן דעם, וואָס איך האָב שוין מיט יאָרן צוריק, אַרויסגעזאָגט אויפן דערמאָנטן ייוואָ־צוזאַמענקום תל־אביב — עס איז די קשיא, אויב דער צענטער פון ייוואָ דאַרף צו זיין אין ניו־יאָרק אָדער אין ירושלים. איך האָב נישט קיין אַספּיראַציעס צו זיין אַ פערד, אַפילו נישט קיין הילצערנס, איך בין נישט קיין קאַנדידאַט פאַר דער מיטישער טראָיאַ־סטראַטעגיע; איך בין אַן אָפענער איין־און־דרייסיק, און שטעל אָפּן די קשיא, צי דאַרף נישט אַזאַ אינסטיטוט זיין דאָרט, ווו עס איז היינט נישט בלויז דאָס האַרץ פון חכמת־ישראל, נאָר דאָס האַרץ פון אונדזער היסטאָרישער און אַקטואַלסטער דינאַמיק. מיין פירערעדנער, שיקל פישמאַן, האָט גערעדט וועגן דריי גילגולים פון ייוואָ, דערלויב איך זיך צו רעדן וועגן אַ פערטן גלגול, גלגול ירושלים — אָבער דאַריבער פרעגט זיך אַליין און ענטפערט זיך אַליין. און אויב אין דער שקלא־וטריא מיט זיך אַליין, וועט איר זיך פרעגן, צי איר אַליין דאַרפט נישט זיין דאָרט, און איר וועט, סיי אויף דער איינער סיי אויף דער אַנדערער קשיא ענטפערן יאָ — וועט מיך, חלילה, גאָרנישט אַרן, פאַרקערט, איך וועל בפירוש אַ הנאה האָבן.

[ג׳ טבת תש״ל]

# ביי נעילה

אַ געזעגן־וואָרט אין ייִווא ניו־יאָרק

## א

די וועלט פרעגט: ווען האָט אַ ייִד אַ גוטע שעה, און די וועלט ענטפערט: ביי נעילה; פרעגט ווייטער די וועלט: דהיינו, ענטפערט די וועלט: דהיינו, אַז עס קומט צו נעילה, און אַ ייִד, וואָס האָט דורכגעפּאַרכטיקט אַזאַ גרויסן טאָג, פילט זיך אַ ביסל לייכטער, דערלאַנגט ער אַ פרעג זיין שכן: וויפל, אַ שטייגער, קאָן איצט האַלטן דער זייגער; ענטפערט אים דער שכן: מאַכט נישט, איר האָט נאָך אַ גוטע שעה צו פאַסטן, נו, אַזוי ווי מיין מאַרשרוט ביי קאָלומבוס האַלט האַרט ביי נעילה, און איך האָב נאָך פאַר מיר אַ גוטע שעה, וועל איך פאַרכאַפּן, וואָס איך האָב נישט אוספּיעט דעם גאַנצן טאָג, משמע די צייט, וואָס איך האָב דאָ פאַרברענגט, און טאָן דאָס, וואָס געהער, נאָך דעם דאָזיקן לאַנגן טאָג: דאַנקען און לויבן, און בעטן סליחה ומחילה.

## ב

וועל איך קודם־כל דאַנקען אַלע מיינע ליבע, וואָס האָבן מיר געהאָלפן, זיך צו באַקענען מיט אַלץ און מיט אַלעמען, וואָס איך האָב מיך געוואָלט באַקענען, און האָבן מיר אַ סך געוויזן און אַ סך דערציילט, און ביי זיי בעטן מחילה, אויב איך האָב נאָך מער געזען, ווי זיי האָבן מיר געוויזן, און האָב נאָך מער געהערט, ווי זיי האָבן מיר דערציילט, און אויב, אָפּגעבנדיק פאַר זיך און אַנדערע דין־וחשבון איבער דעם דאָ איבערגעלעבטן, וועל איך דעם איינעם און דעם אַנדערן נאָך מער אַריינרעכענען אין רייסטער אַריין. דערנאָך וויל איך דאַנקען אַלע מיינע ליבע, וואָס האָבן מיר געהאָלפן צו אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט כלערליי חשובע און טייערע ייִדן, בעיקר ייִדישע ייִדן, אין דעם כרך גדול ונורא, ווו עס קומט אַ גאַסט נישט אַזוי לייכט אָן זיך צו אָריענטירן, אַפילו ווען ער האָט אַן אָנגעטאָפּטשעטן לעקסיקאָן אין קאָפּ און אַ נאָך אָנגעטאָפּטשעטערן אַדרעס־ביכל אין קעשענע. איך דאַנק דעם י. ל. פּרץ־שרייבער־פאַראיין, דעם ייִדישן פּען־קלוב, דעם ייִדישן ביכערראַט, דעם נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, דעם הערצל־אינסטיטוט,

דעם „יוגנטרוף״, וואָס האָבן מיך פֿאַרבעטן און מיך געלאָזט הערן און זאָגן, און איך לאָז זיי איבער צו משפּטן, וואָס זיי האָבן געהאַט דערפֿון, אָבער איך פֿאַרזיכער זיי, אַז אַפֿילו זיי האָבן דערפֿון גאָרנישט פּראָפֿיטירט, בין איך אַרויס מיט אַ וואַזשנעם ריווח — די טיפֿאָלאָגיע פֿון דעם היימישן, און צו מאָל היימישסטן ייִדישן ציבור, איז מיר איצט כמעט קליפּ און קלאָר; און איך בין מודה, אַז וואָס מיין פֿערציקיאָריקע לעקטור פֿון דער היגער ייִדישער פּרעסע האָט מיר נישט געגעבן, האָבן מיר די דאָזיקע באַגעגענישן געגעבן: האָבן דאָך שוין חז״ל געזאָגט, אַז עס איז בילעכער איין שמועס פּה־אל־פּה איידער טויזנט פֿאַרמעטן פֿון שלמה. אַוודאי, פֿונעם חילוק צווישן דער לעקטור פֿון־דער־ווייט און צווישן דער אָבסערוואַציע פֿון־דער־נאָענט ווערט עפּעס פֿריילעכער, אָבער נאָך מער נישט־פֿריילעכער אויפֿן האַרצן, און עס איז, פֿאַרשטייט זיך, נישט דער בעסטער אַטעסטאַט פֿאַר דער פּרעסע, און נישט דער בעסטער קאָמפּלימענט פֿאַר דער ווערקלעכקייט, וועלכע די פּרעסע שפּיגלט נישט גאַנץ אַקוראַט אָפּ.

נישט ווייניקער דאַנק איך אַלע מיינע ליבע, וואָס האָבן פֿאַר מיר געמאַכט פּאַדעס און פֿאַרבעטן מסלתה ומשמנתה של דער משפּחה שרייבער און געלערנטע — די גאַסטפֿריינדלעכע שטובן פֿון אהרן צייטלין, משה שטאַרקמאַן, בן־ציון גאָלדבערג, בינה סילווערמאַן־ווײַנרייך, יודל מאַרק, צבֿי שטאָק, געניע מאַנגער, מאָריס עפּשטיין, צבֿי יאיר (שטיינמעץ), משה דלוזשנאָווסקי, יעטי ביקל, הלל זיידמאַן, מרדכי שעכטער, שמואל לאַפּין, הרב ר׳ משה שטיינבערג, אברהם ש. האַלקין — די דאָזיקע באַגעגענישן מיט יחידים און קלענערע אָדער גרעסערע גרופּן האָבן, מחמת זייער באַזונדערער אינטימער נאַטע, קאָמפּלעטירט מיינע אָבסערוואַציעס, דען חשוב איז דער שער־־בת־רבים, אָבער נאָך חשובער איז כבודה בת־מלך פּנימה.

ג

בעיקר דאַנק איך די אינסטיטוציעס, וואָס האָבן מיר נאָכגעגעבן מיין גאַנצע תאווה, און מיך געלאָזט אויסלעבן אין מיין עלעמענט — קנעלן מיט חברים און תלמידים אַ שיעור, ווי איך האָב עס געקאָנט טאָן אין ייִדישן טעאָלאָגישן אינסטיטוט, אין דער ישיבה־יוניווערסיטי, אין דער אַמעריקאַנער אַקאַדעמיע פֿאַר ייִדישע וויסנשאַפֿטן, און וואָס איז מיר אַם היימישסטן געווען — אין דער בראָדער שול. ואַחרון אַחרון הביב: אין ייִוואָ, וואָס איז געווען ביי מיר דאָס שפּיגעלע פֿון מיין קנעלעריי, אַזוי אַז אַלע פּלאַנען פֿון מיין אַרומפֿאָרעריי אין כמה שטעט אין צפֿון־אַמעריקע און קאַנאַדע, האָבן זיך געדרייט אַרום מאַנטיק, דעם טאָג פֿון מיין לעקציע ביי די העכערע ייִדישע לערנקורסן פֿון ייִוואָ, און כדי צו באַצייכענען די הנאה, וואָס איך האָב געהאַט, וועל איך זאָגן: הלוואַי זאָלן מיינע צוהערער האָבן נהנה געווען פֿון מיר, ווי איך האָב געהאַט נהנה געווען פֿון זיי, זייער אויפֿמערק און

התמדה. נאָך מער, איך וועל זאָגן דעם גרעסטן קאָמפּלימענט, וואָס איז בײַ מיר פֿאַראַן: איך האָב זיך אין די מאָנטיק־פֿאַרנאַכטן געפֿילט, ממש ווי איך פֿיל זיך בײַ אַ שיעור אין ירושלים.

## ד

אַזוי ווי איר האָט שוין געהערט, וואָס איז מײַן גרעסטער קאָמפּלימענט, וואָלט איך אײַך געבעטן איר זאָלט אין ליכט פֿון דעם דאָזיקן קאָמפּלימענט באַטראַכטן מײַן רעטאָרישע קשיא וועגן ייִוואָ אין ירושלים, וואָס איך האָב אַרײַנגעוואָרפֿן אין מײַן וואָרט פֿאַרן ווערטיקן עולם בײַם ייִוואָ־באַנקעט. איך האָב געוווּסט, אַז דאָס וועט אַרויסרופֿן געמישטע געפֿילן, און האָבן אַ פּאָלעמישן אָפּקלאַנג, אָבער מחמת פּאָלעמיק — סײַ זי איז עלעגאַנט, ווי עס האָבן געטאָן משה קרישטאָל און ברוך שעפּנער אין „פֿאָרווערטס", סײַ זי איז האַמעטנע, ווי עס האָט עס געטאָן אַ פּסעוו־דאָנימוס אין „אונדזער צײַט" — קאָן איך זיך אַליין נישט פֿאַרלײַקענען. איך פֿיר מיך, ווי מײַן עלטער זיידע, ר׳ יאָשע, האָט זיך געפֿירט — ווען ער, דעם ערשטן בעלזער רבס חסיד, איז געקומען קיין בראָד ווערן שוחט, האָבן די משכּילים און מתנגדים, וועלכע האָבן געשאַלטעוועט אין דער קהילה, געפּרוּווט מיט אים אויס־נעמען, ער זאָל נישט גיין צעכראַסטעט, האָט ער זיי געענטפֿערט: רבותי, עך וויל טאַקע באַ־ר־אַך ווערין שוחט, אָבאַ אָן אַ צעכראַסטעטע האַרץ בין עך נישט עך.

וואָס שייך דער עצם פּאָלעמיק און איר אַרגומענטאַציע, איז דאָך פּאָלעמיק, ווי שניידערײַ, וואָס האָט קיין גרונט נישט, און איך וועל מיך צו איר נאָך אומקערן, און וועל, חלילה, קיינעם קיין תשובה נישט שולדיק בלײַבן, און דעמאָלט וועט זיך ערשט אַרויסשטעלן, ווער בײַ וועמען האָט זיך אײַנגעקויפֿט מפטיר. דערווײַל וועל איך מיך באַגעגענען מיט דרײַ באַמערקן.

## ה

דער ערשטער באַמערק: ירושלים איז נישט אַזוי ווײַט — וואָס די סטאַטיק פֿון אידעאָלאָגישע אַפּוטרופּסים קווענקלט זיך צו טאָן, האָט שוין פֿון לאַנג די דינאַמיק פֿון וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטער געטאָן, און אַ קלײנער אַרײַנקוק אין די לעצטע אויפֿטוען פֿון ייִוואָ, הן אין פּובליקאַציעס, הן אין פּלאַן פֿון די העכערע לימודים, ווײַזט אָן אַ ליניע, וואָס פֿאַרמאָגט איר אייגענע לאָגיק.

דער אַנדערער באַמערק: ירושלים איז נישט אַזוי ווײַט — ייִוואָ האָט שוין גע־מאַכט אַ לענגערן וועג, אפֿשר דעם לענגסטן, וואָס אַ ייִדיש־אינסטיטוציע קאָן און מעג אים מאַכן, און עס איז נישט דער וועג פֿון ווילנע קיין ניו־יאָרק, נאָר דער וועג אין ניו־יאָרק, נישט אין די בראָנקס, נאָר קיין מאַנהעטן.

דער לעצטער באַמערק: ירושלים איז נישט אַזוי ווײַט — זי גייט ווערן און וועט

ווערן דער צענטער פון יידיש־וויסנשאַפט, און איך בין זיכער, אַז ייוואָ, ווי אַ ווי־
טאָלער אָרגאַניזם, שפּירט דאָס און וויל און וועט זיין דערביי ; די קשיא איז, צי ווי
דער מחותן, צי ווי אַ מחותן. מיין חטא איז, וואָס איך האָב די קשיא געפרעגט.

ו

יאָ, עס איז מעגלעך, אַז איך שאַדט מיין אייגענער פּובליסיטי, וואָס וואָלט
מסתמא געווען גלאַטיקער, ווען איך וואָלט מיינע רייד בלויז פאַרקיילעכדיקט און
נישט אויך פאַרשפּיציקט, און ווען איך וואָלט איצט זיך נישט אַזוי אָפּגעשטעלט
אויף דעם טוץ ווערטער, וואָס איז אומפּראָפּאָרציאָנאַל צו דעם שלל־ווערטער, וואָס
איך האָב דאָ, צווישן די ווענט פון ייוואָ, צוזאַמענגערעדט. אָבער איך וויל האָפן, אַז
מיינע חברים און תלמידים, וואָס האָבן מיך געהערט און אויסגעהערט, וועלן עפּעס
מער, ווי יענעם טוץ ווערטער, פאַרגעדענקען, און זיך אָפּגעבן מיט די תוך־זאַכן,
וואָס מיר האָבן דאָ באַרירט און באַהאַנדלט, זאַכן פון יידיש־ליטעראַטור און יידיש־
שפּראַך, און דאָס איז סוף־סוף די איינציקע פּובליסיטי, אין וועלכער איך בין באמת
פאַראינטערעסירט, ווייל די דאָזיקע פּובליסיטי איז — קאָרן, און אַ יעדע אַנדערע
פּובליסיטי איז — שפּריי. איך בין זיכער, אַז זיי וועלן דאָס טאָן לגבי די איבעריקע
לערער, וואָס וועלן אונדזער איצטיקן באַשיידענעם אָנהייב פאַרזיכערן אַן אַלץ
ברייטערן און טיפערן המשך ; און בתוכם מיינע פריינד און תלמידים, וואָס וועלן
אַהערקומען וויטער קנעלן, און דער שידוך, וואָס מען האָט דאָ איצט אָנגעהאָקט,
וועט עולה יפה זיין.

[כ״ז טבת תש״ל]

# אומר ועושה

א וואָרט ביים צוזאַמענטרעף פון „יוגנטרוף" אין ניו־יאָרק

## א

אַקדמות מלין — איידער איך הייב אָן צו רעדן, אוולא שקילנא הרמן — וועל איך אַמערשט נעמען אַ דערלויבעניש אויף צוויי באַמערקן:

דער ערשטער באַמערק: איך האָב שוין ביי אַ סך אויפטריטן פאַר אַ גרעסערן אָדער קלענערן עולם דערמאָנט, אַז איך פיר מיך ווי ר׳ יוסי, וואָס די גמרא זאָגט, אַז ווען מען האָט אים גערופן דוכענען, איז כאָטש ער איז קיין כהן נישט געווען, איז ער פאָרט אַרויפגעגאַנגען. און באמת, אַז מען רופט מיך נישט — ריר איך מיך נישט; קוים אָבער רופט מען מיך — זענען דאָס עלטערע, גיי איך, אַז זיי זאָלן זען, דאָס איך קאָן אויך זיין סטאַטעטשנע ווי זיי; זענען דאָס יינגערע, לויף איך, אַז זיי זאָלן זען, דאָס איך קאָן אויך זיין ווויליינגעריש ווי זיי. אַ ראיה — אָט האָט די עלטערע ייִדיש־פאָרמאַציע, דער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס, געהאַלטן, אַז איך האָב איר נישט וואָס צו זאָגן, האָב איך מיך נישט געשטופּט; און אָט האָט די יינגערע ייִדיש־פאָרמאַציע, דער „יוגנטרוף" געהאַלטן, אַז איך האָב איר וואָס צו זאָגן, בין איך געקומען און מעגלעך אַז דאָ וועל איך טאַקע מאַכן אַ בעסער געשעפט, ווייל ביי עלטערע איז דער כבדהו אַ גרויסער, און דערפאַר איז דער חשדהו אַ נאָך גרעסערער, און ביי יינגערע איז דער כבדהו נישט אַזוי אַי אַי, דערפאַר איז אָבער אויך דער חשדהו נישט אַזוי געפערלעך. קאָן איך בלויז מתפלל זיין, אַז דאָס שטיק צוטרוי, וואָס די יונגע פאַרבעטערס האָבן מיר אַרויסגעוויזן, זאָל זיך אַרויסווייזן באַרעכטיקט.

על־כל־פנים בין איך צופרידן, וואָס זיי זענען אָפּגעקומען פונעם געדאַנק, וועלכן זיי האָבן אויסגעדריקט אין זייער ערשטן פאַרבעט צו מיר, און אויך פּובליקירט אין לעצטן נומער „יוגנטרוף", מיך צו מאַכן פאַר דעם גאַסט־רעדנער און מיך געמאַכט פאַר אַ גאַסט־רעדנער, אַזוי אַז איך טראָג נישט די גאַנצע אַחריות און איך בין אויפן שטייגער פון יענעם מגיד, וואָס מען האָט אים אַראָפּ־באַשטעלט פון אַ ווייט שטעטל, און אַז ער איז געקומען, האָט מען אים געזאָגט, אַז דער היגער מגיד וועט מיט אים דרשנען. האָט ער געענטפערט: זוגות זענען

שוין געווען ביי די תנאים, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אין צווייען איז שטאַרקער: אין דער מגיד אייערער אַ פייערמאַכער, איז איינס פון דיביידע — וועט ער דרשענען פאַר מיר און אויפבלאָזן אַ פלאַם־פייער, וועל איך עס שפעטער נאָך מער צעפלאַקערן; וועט ער רעדן נאָך מיר, וועט ער מיין פייער נאָך מער צעפלאַקערן; איז ער ווייטער אַ פייערלעשער, איז איינס פון די ביידע — וועט ער דרשענען פאַר מיר, וועט ער דאָך פון מיר נישט האָבן וואָס צו לעשן, וועט ער דרשענען נאָך מיר, האָף איך, אַז מיין פייער וועט טליִען און זיך נישט לאָזן גאַנץ אויסלעשן. קוים אָבער יאָ, וואָס פאַר אַ ווערדע האָט שוין אַ פייער, וואָס מען קאָן עס אויסלעשן.

דער צווייטער באַמערק: מיין ערשטער אויפטריט הי איז געווען אַ רעפעראַט, וואָס האָט געהייסן: צווישן זאָגן און הערן, און איך האָב דאָרט געבעטן, מען זאָל, וואָס איך זאָג, נישט בלויז הערן, נאָר טאַקע אויסהערן, און איך האָב געגעבן עטלעכע משלים, ווי מען האָט מיך איבערגעהערט און נישט אויסגעהערט און מיר אָנגעהאָנגען אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז. מה דאָך, אַז לגבי כביכול האָט געקאָנט טרעפן, אַז מען זאָל פון זיין פאַרזאָג: לא יהיו לך אלהים אחרים, נישט דערהערן דאָס לעצטע וואָרט און טענהן, אַז דער פאַרזאָג איז גאָר געווען: לא יהיו לך אלהים, לגבי אַ בידנעם בשר ודם לא־כל־שכן. אָבער כאָטש איך האָב מיך געבעטן רחמים, האָט עס מיר געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס — און אַן אויסטערלישער עפיזאָד אויפן לעצטן קולטור־קאָנגרעס, מיט אַזאַ אומדערהערעניש, קאָן דאַרויף מעיד זיין. אָבער איך וויל דאַריבער איצט קיין וואָרט נישט מער פאַרלירן.

ב.

נאָך די צוויי באַמערקן טרעט איך צו צום עיקר. וואָס איך ווייס וועגן „יוגנטרוף" איז אפשר נישט קיין סך, לא כל שכן אַלץ — עפעס האָב איך מיך דערוווסט אין דער היים, פון העפטן און פון די שמועסן מיט איינעם אָדער צוויי פון זיינע חברים, וואָס זענען געווען מיינע תלמידים. נאָך מער האָב איך מיך דערוווסט הי, אַריינקוקנדיק זיך אין פאָן פון זיין גענעזע און אַנטוויקל. אָבער דוכט זיך, אַז איך ווייס גענוג, כדי צו פרעגן אַ קאַרדינאַלע קשיא, — אויף וויפל איז עס נאָך אַ פרווו פון אַן עלטערער פאַרמאַציע צו שאַפן אירס אַ יינגערן קאַדער, און אויף וויפל איז עס שוין אַ פרווו פון אַ פאַרזיכדיקן, אומאָפּהענגיקן, יוגנט־דערוועק, וואָס האָט זיך פון דער עלטערער פאָרמאַציע מיאש געווען, אָדער קאָן זיך, לפחות, אויף איר נישט סומך זיין, און שטעלט זיין אייגענעם וועג אויף די אייגענע כוחות. אויב איר וועט פון מיין אופן פאָרמולירן די קשיא וועלן אַרויסדרינגען, אַז איך האַלט נישט איבעריק פון דעם נאָך און האַלט גיכער פון דעם שוין, וועט איר גרייכער זיין גערעכט, אָבער איך האַלט אַזוי, ווייל איך קאָן

די נויטווענדיקייט פון אַזאַ אויפוועק פון מיין אייגענעם דור און אָנערקען די נויטווענדיקייט פון אַזאַ אויפוועק אין היינטיקן דור. איך וועל אָנהויבן מיט דער ביאָגראַפיע פון מיין דור, אין רעם פון דער אויטאָביאָגראַפיע — זייט איך בין געקומען צו מיין אייגענעם שׂכל, אויף וויפל אַן עלף־יאָריק קינד איז עס פעיִק, האָב איך מיך געפונען אין דער אַטמאָספער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און ביז צום אויפקום פון דער מדינה איז זי געווען און געבליבן מיין אייגנציקע היים. אַוודאי האָב איך געוווּסט, אַז ציוניזם איז בלויז איינע פון די אָריענטאַציעס אין דער יידישער גאַס און פאַראַן אַנדערע אָריענטאַציעס, וואָס גייען זיך פונאַנדער נישט בלויז אין דער אַקטועלער פּאָליטישער ליניע, נאָר אויף דעם גאַנצן נאַציאָנאַל־היסטאָרישן פּראָנט, און כמעט אַ יעדע אָריענטאַציע איז זיך מתכוון צו אַן אַנדערער געשטאַלט פונעם פאָלק. אָבער כאָטש איך האָב מיך אין די דאָזיקע אַנדערע אָריענטאַציעס אָנגעשטויסן, איז דער עיקר מחלוקת פון מיר און מיינסגלייכן נישט געווען מיט זיי, נאָר מיטן עלטערן דור ציוניסטן, און נישט ווייל מיר זענען זיך אידעאָלאָגיש אָדער פּראַגמאַטיש פונאַנדערגעגאַנגען; אַדרבה, זייערע עיקר־הנחות זענען געווען אונדזערע עיקר־הנחות, אָבער מיר זענען זיך פונאַנ־דערגעגאַנגען מענטאַל, און אויב איר ווילט: מאָראַליש, ווייל עס איז אונדז, פּשוט, נישט איינגעגאַנגען, וואָס דער אומר ועושׂה איז ביי זיי געשפּאָלטן, אומר איז איינס און עושׂה איז עפּעס אַנדערש. זייער אומר האָט געטענהט, אַז דאָס יידישע פאָלק דאַרף זיך צוריקקערן אין זיין אַלט לאַנד אַריין וואָס דאַרף באַנייט ווערן און זייער עושׂה האָט אויף דער קשיא: מי ומי ההולכים, געזען אַנדערע נאָר נישט זיך אַליין. זייער אומר האָט געטענהט, אַז דאָס יידישע פאָלק דאַרף זיך אומקערן צו זיין אַלטער שפּראַך וואָס דאַרף באַנייט ווערן, אָבער זייער עושׂה האָט עס לרוב איבערגעלאָזט אַנדערע, פּונקט ווי זיי האָבן געזאָגט אַז מען דאַרף אָפּהיטן די פאָלקסשפּראַך און גאָר פיל פון זיי האָבן זיך און זייערע קינדער דערפון אויסגעשלאָסן און האָבן גערעדט די פרעמדע שפּראַך, נישט תמיד פון אַרומיקן פאָלק, אָבער כמעט תמיד פונעם הערשנדיקן פרעמדן עלעמענט. און אַזוי אַרום האָבן מיר געזען, ווי גערעכט עס איז געווען שלמה שילער, וואָס האָט אונדז געלערנט, אַז נישט די אידעאָלאָגישע, נאָר די אויטאָמאַטישע שפּראַך־אַסימילאַציע איז די גרויסע סכנה. און מיר האָבן עס דאָך באַשיימפּערלעך געזען — אין די באַשלוסן פון די פאַרטיי־קאָנפערענצן האָט זיך הויך גערעדט מכּוח דער חשיבות פון העברעיִש און יידיש, אָבער די פאַרטיי־פּרעסע האָט נאָך העכער גערעדט דייטשיש, פּויליש, אונגעריש, רומעניש וכדומה. און פאַרגעסט נישט, אַז ס'איז דעמאָלט נאָך געווען אַ גאָלדענע צייט — אויב מיר פאַרגלייכן זי מיטן היינטיקן טאָג, ווו דער אַנטשיידנדיקסטער רוב יידן אין דער וועלט רעדט שוין נישט מער קיין היימישע שפּראַך.

אָבער איך קער מיך אום צו דער צייט, ווען מיר זענען יונג געווען און מיר, משמע איך און מיינס־גלייכן, האָבן אין אונדזערע אָרגאַניזאַציעס, און איך רעכן בלויז אויס די צוויי, ווו איך בין געווען — „השומר הצעיר" און „החלוץ" — בעיקר געוואָלט איין זאַך: פאַרריכטן דעם קאַליע געמאַכטן שידוך צווישן אומר ועושׂה. וואָס שייך שפּראַך — מיר האָבן גערעדט העברעיִש, און די וואָס האָבן עס נישט געקענט, האָבן זיך נישט געשעמט צו שטאַמלען; מיר האָבן גערעדט ייִדיש, און די וואָס האָבן עס נישט געקענט, האָבן זיך נישט געשעמט צו שטאַמלען; מיר האָבן צווישן זיך נישט גערעדט די שפּראַך פון דער שול, וואָס איז געווען גויִיש. וואָס שייך דעם לאַנד — האָבן מיר זיך אויפגעהויבן און געגאַנגען אַהין, און שווער צו זאָגן, אַז זיי, די עלטערע ציוניסטן און דער רוב פירערס זייערע, זענען דערפון געווען איבערגליקלעך, בפרט ווען זייערע אייגענע קינדער זענען אַרײַן אין קאָן. ווי ווייט די דאָזיקע אינעווייניקסטע מחלוקה איז געגאַנגען, לאָזט זיך באַלויכטן אין צוויי משלים. ערשטנס, ווען די דריטע קאָנפערענץ פון „השומר הצעיר" האָט אין יאָר 1920 באַשלאָסן וועגן עליה ווי אַ פאָדערונג, וואָס יעדער איינער פון אונדז איז מחויב נאָכצוקומען, האָט אונדזער דעמאָלטיקער פירער, אליעזר ריגער, געפּרוּווט שטעלן באַדינגגן, וואָס זאָל די עליה אָפּשיבן, האָט ער זיך געפונען אַ פּרעטעקסט און ער האָט זיך פון דער פירערשאַפט אָפּגעזאָגט, און מיר האָבן נאָך אים קיין טרער נישט געלאָזט, און די עליה האָט זיך אָנגעהויבן פון די ייִנגערע פירער, וואָס זענען געגאַנגען קודם־כל און אויך דער אַבדיקירטער פירער איז מיטגעגאַנגען. צווייטנס, ווען דער שטראָם פון יענער עליה האָט זיך געלאָזט אין לאַנד און איינער פון די, וואָס האָט אונדז צו איר אָנגעשפּאָרנט איז נישט מיטגעגאַנגען, האָבן מיר אים דאָס נישט מוחל געווען. און עס איז נישט געווען קיין קטלא קניא — עס איז געווען אַ ראש וראשון, מאַרטין בובער, וואָס האָט, מיט אַ קאַרגע צוויי יאָר פריִער, געהאַלטן זיין באַרימטע רעדע: „ציון און די יוגנט", ווו ער האָט די יוגנט באַצייכנט ווי די אייביקע גליק־שאַנס פון מענטשלעכן מין, בעיקר אין אַ צייט פון קריזיס, ווי דער דרײַיִקער ייִדישער קריזיס: רעליגיעזער, נאַציאָנאַלער, סאָציאַלער; דען די יוגנט, מאַכנדיק ערנצט מיטן לעבן, העלפט דעם פאָלק זיינעם דעם קאַטאַקליזם גובר צו זיין. נאָך מיט אַ גוטע זיבעצן יאָר נאָך דער רעדע האָב איך מיך נישט געקאָנט צוריקהאַלטן פון צו דערמאָנען דעם ווייטעקלעכן פּראָטעסט פון דער יוגנט קעגן איר פירער, וואָס האָט געפּרעדיקט רעאַליזאַציע און איז אַליין געבליבן אין העפענהיים, צו באַרייכערן די שפּראַך פון די גויִים.

## ג

איך ווייס, אַז אייער ביאָגראַפיע איז אַן אַנדערע ווי מיינע, אָבער בלויז פון

מיין ביאָגראַפיע ווייס איך, ווי אַן איבערלעבעניש, וואָס עס מיינט ייִדישע יוגנט־באַוועגונג. אַוודאי, איז היינט שווער, אַזוי אָפּטימיסטיש און כוללדיק, ווי בובער האָט עס געטאָן, צו באַצייכענען די יוגנט ווי די אייביקע גליק־שאַנס פון מענטש־לעכן מין; מיר האָבן געזען צו פיל מינים יוגנט, וואָס זענען דער היפוך פון שאַנס און דער היפוך פון גליק, און נישט אומזיסט האָט שלמה צמח געלאָזט הערן זיין האַרטע וואָרענונג: פאַרשאָלטן ווער עס האַלט פון יוגנט־קולט. אָבער אויך נאָך דער וואָרענונג פאַר דעם סאָרט עבודה זרה, שטייט אַ יעדער יוגנט־אויפברויז פאַר דער ברירה פון אַ קללה און אַ ברכה און ווי דעם דור, אַז ער גייט אויפן ערשטן וועג און וויל דעם דור, אַז ער גייט אויפן אַנדערן וועג, אַזוי אַז מען דאַרף דעם בובערישן זאָג קאָריגירן, אַז די יוגנט איז טאַקע נישט אייביק, אָבער אויך נישט זעלטן די גליק־שאַנס פון אַ דור אָדער דורות. און ווען מיר פרעגן זיך היינט, צי איז פאַראַן אַ באַזונדערע ייִדישע נאָטע אין איצטיקן יוגנט־אויפברויז, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט כמה לענדער, פרעגן מיר, בעצם, וועגן אַ מעגלעכקייט פון אַן ערנצטן פּראָטעסט קעגן דעם אויפשפּאַלט פון אומר ועושה, און אַן ערנצטן פּרווו דעם אויפשפּאַלט, אין אייגענעם לעבן, גובר צו זיין.

און איך דערלויב מיר דאָס צו פרעגן אויפן יסוד פון מיין היגער אָבסער־וואַציע, וואָס איך מאַך מיטן כוח פון היתר: אַ גאַסט אויף אַ ווייל זעט אויף אַ מייל. נו, אַ מייל איז אַ גוזמא, אָבער אַ חלל גרויס ווי אַ גאָרדן, אַ זאַל, אַ שטוב האָב איך פאָרט אויסגעפיעט צו זען און דערשנאַפּן דעם אָפּשטאַנד פון אומר ועושה. איך בין געקומען אַהער אין אַ צייט, וואָס אפרים אויערבאַך האָט אָנגערופן די גאָלדענע טעג — מיליאָנען ייִדן זענען אַרויס פון די כלים, דאָס ייִדישע ניו־יאָרק איז געגאַנגען כּאַדאָראַם. האָב איך מיך געפרייט, ווייל פון דער התלהבות צו דער פרעמיערשע האָט אַרויסגעלאָכטן די ליבשאַפט צום ייִדישן לאַנד און די פאַרשטענדעניש פאַרן גערוּנגל פאַר אַ ייִדישער פרייער היים. אָבער איך האָב נישט געקאָנט פאַרטרייבן דעם געדאַנק, אַז, בעצם, איז עס אַ משונה־דיקער פענאָמען: די מדינה האָט אַרום־און־אַרום עפּעס מער ווי אַ העלפט ייִדן, וויפל עס פאַרמאָגט דער גלות־אַמעריקע, און וואָס איז די שמחה אַזוי גרויס, בפרט מצד די וואָס האַלטן — און ווער האַלט דאָס היינט נישט — אַז די מדינה איז פאַרן פאָלק, אָבער נישט פאַר זיי אַליין, און פרעגן זיך נישט, אויב אַן זיי וועט זיך די מדינה טאַקע קאָנען האַלטן, נישט בלויז בשעת מלחמה, נאָר אויך בשעת שלום. כמעט יעדעס פאָלק, וואָס זיצט ביי זיך אין לאַנד, האָט אַן עמי־גראַציע, אָבער אַ פאָלק, וואָס זיין תפוצה שטייגט איבער דעם באַשטאַנד זיינעם אין זיין לאַנד און עס האַלט, אַז אַזאַ אייביקע דיספּראָפּאָרציע איז נאָך אַ דרך הטבע, איז עפּעס אַ פאַרזעעניש. וואָלט דאָס גרויסע התלהבות פאַר דער מדינה געהאַט מער ממש, וואָלט עס זיך פאַר אַזאַ פאַרזעעניש, וואָס דער אויפשפּאַלט

פון אומר ועושׂה לעגיטימירט זי כביכול, צוריקגעשראָקן און וואָלט זיך נישט באַנוגנט סיי מיט אַ גרויסער אימפּרעזע פון די גאָלדענע טעג סיי מיט אַ קלענערער ווי עס איז, אַ שטייגער די חנוכּה־מהומה אין מעדיסאָן־סקווער־גאָרדן וכדומה.

איך האָב דעם משל געבראַכט נישט בלויז ווייל ער באַהאַנדלט אַן ענין, וואָס איז מיר נאָענט, נאָר ווייל ער איז אַן ענין, וואָס איז אפשר דאָס צומייסט בשותּפותדיקע פון דעם אַנטשיידנדיקסטן רוב אַמעריקאַנער ייִדן. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז אויך זיי האָבן כלערליי אָריענטאַציעס און דעזאָריענטאַציעס און זייערע ווידעראַנאַנדן, וואָס שליסן זיך כמעט אָדער גאַנץ אויס, פּונקט ווי איך ווייס, אַז עס לאָזט זיך לגבי זיי פרעגן, וועלכע פון זיי זענען אינערציע־שפּורן פון אַ נעכטן און וועלכן פון זיי זענען אַוואַנגאַרד־טריט פון אַ מאָרגן. אָבער וואָס איך פרעג בעיקר איז, ווי האַלט עס ביי זיי מיטן באַצי צווישן אומר ועושׂה. און פון דעם שטאַנדפּונקט אינטערעסירט מיך דער „יוגנטרוף" — איך ווייס נישט, צי געהער ער צו איינער פון די אָריענטאַציעס אָדער ער ראַנגלט זיך וועגן זיין אייגענער. די עובדה, אַז ער הערט זיך צו צו עלטערע, וואָס זענען, דוכט זיך, פון אים אָדער מיט אים אויסגעוואַקסן, ווי שיקל פישמאַן און זיין אַמעריקאַנער פּלוראַליסטישן באַנעם, וואָס איך ווייס נישט, צי האָט ער טאַקע אַ מאָרגנדיקן טאָג, אָדער צו מרדכי שעכטער, וואָס דרייט זיך אין דער סביבה פון אַ טערי־טאָריאַליסטישן באַנעם, וואָס איך ווייס נישט, צי האָט ער אַפילו געהאַט אַ נעכטיקן טאָג, און געלעגנטלעך אויך צו אַן אַלטן יוצא־דופן ווי איך, אַ ירושלימער בער, וואָס ירושלים איז זיין צענטער און אַלץ איבריקע היקף, וואָס דאַרף זיך אַלץ מער און גערדיכטער דערנענטערן צום צענטער, ווי עס פּאַרלאַנגט אַ טאָטאַלער קיבוץ גלויות, — איז אַ גאַנץ שיינע עובדה. אָבער נישט מיר, עלטערע, בערל און שמערל, מאָטל און קאָפּל, און אַפילו נישט שיקל, נאָר אייער אייגענער שיקול־הדעת דאַרף אַנטשיידן וועגן אייער וועג וואָס איז מיר, און אפשר אייך אַליין, לעת עתה, נישט קלאָר. אָבער ווי איך האָב פאַרשטאַנען פון די פריִערדיקע ענונציאַציעס אייערע, איז איין זאַך זיכער קלאָר, דאָס איז דער ענין ייִדיש. אָבער אין דער לעצטער ענונציאַציע אייערער האָב איך געלייענט אַ שמועס אין ירושלים, און דאָ שפּילט שוין אַריין דער ענין העברעיִש, און אויב עס איז, ווי עס דאַכט זיך מיר, אַ סימן פאַר אַ גאַנג, פרעגט זיך, צי האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַ המשך פון דער עלטערער קולטור־פּאָרמאַציע, אָדער מיט אַ חידוש פון אַ ייִנגערער און נייערער קולטור־פאָרמאַציע. עס איז אַ קשיא, וואָס בלויז אייער צוגאַנג און אייערע אויפטוען קאָנען דאַרויף ענטפערן. איך קאָן דאָ בלויז אַרויסזאָגן אַ בינטל זייטיקע און אפשר אויך אַ שפּיץ גרונטיקע באַמערקן.

ד

וואָס שייך די זייטיקע באַמערקן, זענען זיי ווידער אַ מאָל אויף דער ליניע פון דער קריטיק אין תחום פון אומר ועושה. קודם כל לגבי ייִדיש, ווי איך האָב עס אָבסערווירט דאָ אין דעם און יענעם רשות הרבים, ווו איך בין געווען אַן אַקטיווער אָדער פּאַסיווער אָנטיילנעמער, און איך מיין נישט אַ רשות הרבים, וואָס האָט אָפענע טיר און פענצטער, ווי עס איז דער י. ל. פּרץ־שרייבער־פאַראיין, דער ייִדישער פּען־קלוב, דער ייִוואָ־באַנקעט — דאָרט, הערט מען, ברוך השם, ייִדיש; איך מיין אַ רשות־הרבים, וואָס קומט זיך צוזאַמען ביי מער געשלאָסענע טיר און פענצטער, ווי עס זענען סעסיעס פון אינסטיטוציעס, צוזאַמענטרעפן פון עסקנים וכדומה. איינע פון די ערשטע אינסטיטוציעס דאָ, וואָס האָט געפּראַוועט פאַר מיר אַ קבלת־פּנים, איז געווען דער ייִדישער ביכערראַט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט סטימולירן און פאַרשפּרייטן אונדזער ליטעראַטור אין העברעיִש, ייִדיש, ענגליש. נו, האָט מיך יצחק זילבערשלאַג אויפגענומען אין אַ שיינעם העברעיִש און יודל מאַרק אין אַ שיינעם ייִדיש, אָבער פאַר די צוויי קורצע רעדעס און נאָך זיי האָב איך געהערט בלויז ענגליש, און אַז איך האָב גענומען דאָס וואָרט, האָב איך אויסגעדריקט מיין שטוין און תרעומת, וואָס אַן אינסטיטוציע, וועלכע וואָלט דאָך באַדאַרפט פאַרשטיין, און פאַרשטייט מסתמא, אַז די עיקר ליטעראַטור אונדזערע איז אין אונדזערע אייגענע שפּראַכן, גיט נישט דעם עולם אַ דוגמה דערצו און מאַניפעסטירט עס נישט אויף אירע סעסיעס. איך בין געווען גרייט צו אַ תשובה, אַז זיי קענען נעבעך נישט און געווען גרייט צו אַ תשובה אויף דער תשובה, פאַר וואָס מוזן די, וואָס קענען נעבעך נישט, זיצן אין דעם דאָזיקן ראָט. אָבער איך וואָלט געווען אַ חושד בכשרים, ווייל נאָכן אָפיציעלן טייל פון דער סעסיע, האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט אַ געמיטלעכער שמועס און כמעט מיט אַלע מיטגלידער און עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זיי קענען, ברוך השם, אָדער ייִדיש אָדער העברעיִש, אָדער ביידע. אָדער מיר זיצן אין אַ שטוב לכבוד דעם יובל פון אַ גרויסן ייִדיש־העברעיִשן דיכטער, אָבער די רעדעס גייען אין ענגליש און ערשט ווען איך באַמערק, אין מיין ייִדישער רעדע, אַז יענער דיכטער האָט אַ מזל, וואָס ער איז נישטאָ דערביי, ווייל ווען יאָ, וואָלט ער קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען, פּונקט ווי עס וואָלטן נישט פאַרשטאַנען די זיידעס און עלטער־זיידעס אונדזערע, וואָס זייערע קונסט־פּאָרטרעטן באַדעקן די ווענט, האָט זיך דער ענגליש אָפּגעהאַקט, כדי זיך באַלד ווידער אויפצופרישן. נאָך פּיקאַנטער איז עס געווען ביי אַ צוזאַמענטרעף וועגן גרויסן ייִדישן ווערטערבוך, — מען האָט גערעדט ייִדיש און אַפילו געשמאַק ייִדיש, אָבער אַזוי ווי עס איז געקומען צום צווייטן טורנוס, האָבן די זעלבע חשובע ייִדן גערעדט ענגליש. און דער פּרוּווּשטיין פון באַצי צו דער היימישער שפּראַך איז נישט אין דעם גאָר אָפענעם

רשות־הרבים, בעיקר ווו עס שיטן זיך געוויינטלעך דעקלאַמאַציעס און דעקלאַ־ראַציעס, נאָר אין די ווייניקער אָפּענע סעסיעס, ווי די, וואָס איך האָב דערמאָנט וכדומה. קאָנט איר זאָגן, וואָס וועט שוין אויסמאַכן, אַז מען וועט דאָרט יאָ רעדן יידיש, אַ טראָפּן היימישקייט אין אַ ים פּרעמדקייט, קאָן איך אייך ענטפערן, וואָס עס מאַכט אויס, אַז מען רעדט עס דאָרט נישט — עס איז די מעשׂה מיטן רענדאַר, וואָס האָט אויסגעגעבן די טאָכטער, און האָט אָנידערגעשטעלט אַ פּאַס, אַז די געסט זאָלן אַריינגיסן דעם בראָנפן, האָט אַ יעדער שטאָט אַ פלאַש בראָנפן אַריינגעגאָסן אַ פלאַש וואַסער, און דער רענדאַר, האָט אויך אַזוי געטאָן; איז עס אַ מגונה פּאַרטל, וואָס דער עולם האָט אָפּגעטאָן, באַשווינדלענדיק דעם בעל־שׂמחה, אָבער נאָך מגונהער איז וואָס דער בעל שׂמחה האָט פון זיך אַליין געמאַכט דאָס גענאַר.

איז עס נישט גענוג, אַז די יידיש־ענגלישע אילוסטרירטע צייטונג פאַר קינדער צעגייט זיך אין איבער הונדערט־טויזנט קאָפּיעס, און אַ יידישע אָדער העברעיִשע קאָן אַפילו נישט חלומען וועגן טויזנטער; אָדער אַ יידיש טעאַטער פאַר קינדער שפּילט דאָ שוין פינף און צוואַנציק יאָר, און דאָס זונטיק־זונטיק, פאַר אַן עולם קליינוואַרג כמעט בלויז אין ענגליש; איז עס נישט גענוג, אַז כמעט אין יעדער שטאָט, ווו עס איז דאָ אַ היפּשער יידישער ישוב, איז פאַראַן, לפּחות, איין ענגליש בלאַט פאַר זיי, בשעת די יידישע טאָגבלעטער און העברעיִשע זשורנאַלן שטייען אַלץ מער אויף הינערשע פיסלעך; איז דאָס אַלץ נישט גענוג, נאָר מען דאַרף נאָך די פרעמדשפּראַכיקע ווערקלעכקייט פאַרגרעסערן דאָרט, ווו נישט בלויז די פּשוטסטע ערלעכקייט, נאָר אַפילו די פירמע פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אויסקומען מיטן היימישן. איז די קשיא אַ קשיא, אָבער דאָרט ווו די דיסקרעפּאַנציע צווישן דעם אומר און עושׂה איז געוואָרן אַ מכת־מדינה און אַ וואָכנגאַנג — בלייבט די קשיא הענגען. און דאָס איז די ווערקלעכקייט, אין וועלכער עס קומט אייער יידיש־אַספּעקט אויס צו קעמפן פאַר דעם אימפּעראַטיוו פון אומר ועושׂה.

עד כאן וואָס איך האָב צו באַמערקן צו די ענונציאַציעס פון ניו־יאָרק, און איצט צו דער ענונציאַציע פון ירושלים — אויך דאָ האָט זיך געהאַנדלט וועגן יידיש, קלאָרער געזאָגט: אויך וועגן יידיש, ווייל די דיסקוסיעס ביי אונדז זענען, בדרך כלל, נישט מאָנאָטעמאַטיש און דרייען זיך אַרום אַ גרעסערן קנופּ פּראָב־לעמען. צו דעם עצם־דיסקוסיע וועגן סאַברע, קאָן איך בלויז אָנווינקען, אַז אויב מיט אַ סך יאָרן צוריק פלעגט אַ ניו־יאָרקער אָדער אַ בוענאָס־איירעסער בחור קוקן אויף אַ תל־אביבער אָדער ירושלימער סאַברע, ווי פון אונטן אַרויף, קוקט ער איצט אויף זיי, ווי פון אויבן אַראָפּ, און אַזוי ווי סיי דאָס געפיל פון מינדער־ווערטיקייט, סיי דאָס געפיל פון מערוווערטיקייט, זענען, אין אַזוינע פאַלן, קאָמ־פּלעקסן, איז כדאי צוצוואַרטן צו אַ נאָרמאַלערן גרופּן־באַצי, וואָס וועט זיך

פריער אָדער שפּעטער אויסצייטיקן. צו דעם ענין ייִדיש ווייטער, דאַרף מען תּמיד געדענקען, אַז עס איז פאַראַן, לפּחות, איין גרויסער חילוק צווישן ניו־יאָרק און ירושלים — דאָ שטויסט זיך ייִדיש אָן אין דער קאָנקורענציע פון אַ פרעמדער שפּראַך, וואָס ווערנדיק אַלץ מער און מער די איינציקע און אַליין־הערשנדיקע שפּראַך, באַרויבט זי אונדזער קולטור פון איר היימישסטן, היסטאָרישן און אַקטועלן ווערט; דאָרט שטויסט זיך ייִדיש אָן אין ווידעראַנאַנד מיט אַ היימישער שפּראַך, וואָס איז די ערשטע און עלטסטע וואָס באַגלייט דאָס פאָלק אין זיין גאַנצן היסטאָרישן וועג און געפינט זיך אין עצם פּראָצעס פון אַלץ מער אַרומנעמענדיקן אויפלעב.

פרעגט זיך, צי אַ יוגנט־פאָרמאַציע דאַרף און קאָן נאָכגיין קאָנצעפּציעס, וואָס האָבן געלאָזט די שפּראַכן זיך ממש בלוטיק באַקעמפן, נישט ווייל זיי, די שפּראַכן, האָבן עס, לויט זייער היסטאָרישער און אַקטועלער ראָל, געוואָלט (דען זיי האָבן עס דאָך קאַרגע אַכט הונדערט יאָר בפירוש נישט געוואָלט, און האָבן מקיים געווען אַ וווּנדערלעכע פונקציאָנאַלע קאָאָרדינאַציע), נאָר ווייל די ווידער־אַנאַנדיקע אידעאָלאָגיעס, וואָס האָבן זיך באַקעמפט אין דער ייִדישער גאַס, האָבן עס געוואָלט, און לויט זייערע דיאַגנאָזן און פּראָגנאָזן פון ייִדישן קיום, וואָס זענען איינס פון אַנדערן געווען ווייטער ווי מזרח פון מערב, האָבן זיי עס כּביכול געמוזט וועלן. אָבער די אידעאָלאָגיעס, מעגן זיי פירן דעם לייטישסטן ייחוס־בריוו — סיי פון אחד העם סיי פון דובנאָוו, אויב בלויז דערמאָנען די צוויי נאָענטע פריינד, וואָס זענען געוואָרן די פאָנען פון ווייטע מחנות אין פאָלק, האָבן פאַר זיך נישט געזען די ווערקלעכקייט, אין וועלכער מיר שטייען היינט, און ממילא נישט געקאָנט זען אירע קאַרדינאַלסטע פאַקטן, — דעם אומקום פון רוב ייִדישן איירָאָפּע, דעם אויפקום פון דער מדינה, דעם אויפטייל פון גלות־ייִדנטום אין צוויי בלאָקן, וואָס רעפּרעזענטירן צוויי ווידעראַנאַנדיקע רעזשימען, אָבער ביידע האָבן אַ צד השווה — מחמת ענלעכע טעמים, ווי די גרויסשטאָטישע קאָנצענטראַציע, וואָס גייט האַנט אין האַנט מיט אַ דעצענטראַליזאַציע אין דער צענטראַליזאַציע פון פאַכן וכדומה, איז דאָרט אַבסאָלוט שווער און דאָ רעלאַטיוו גאָר נישט לייכט צו דערהאַלטן אַ ייִדישן צבור מיט אַ ייִדישן לעבנסשטייגער, און דער קרבן דאָרט און דאָ איז, קודם כּל, די קאָלעקטיווע שפּראַך, וואָס קאָרטשעט זיך אַלץ מער איין; דאָרט פאַר דער איבערהאַנט פון רוסיש און דאָ פאַר דער איבערהאַנט פון ענגליש.

## ה

אַוודאי, פאָדערט זיך אַ היפּשע מאָס דרך־ארץ פאַר די ווידעראַנאַנדיקע קאָנצעפּציעס און דאָס מחמת דעם פּשוטן טעם, וואָס מיר זענען מחוייב צו האָבן דרך־ארץ פאַר יעדער ריכטונג, וואָס האָט געוואָלט דערהאַלטן ייִדן ווי ייִדן און

האָט זיך באַמיט עס להלכה און למעשה דורכצופירן, אָבער עס באַפרייט אונדז נישט פון אונדזער חוב דאָס אַלץ רעאַל און קריטיש צו באַטראַכטן און צו משפטן, וואָס איז שוין היינט פון די קאָנצעפּציעס נאָך הלכה און נישט בלויז אגדה, היסטאָריע, מיטאָס. ווּעל איך אויף מיר איצט נישט אויפלאָדן אַזאַ גרויסע מלאכה. איך וועל מיך ווידער אַ מאָל באַשרענקען אויף אַ קאָנפראָנטאַציע צווישן אונדזער שפּראַכן־פּראָבלעם און דער איצטיקער סיטואַציע. איך וועל, אַ שטייגער, פרעגן, צי קאָן מען היינט איבערחזרן בעל מחשבותס זאָג: ווער עס קען נישט יידיש — איז אַ גוי, ווען עס קען נישט העברעיִש — איז אַן עם־הארץ. ער האָט עס געזאָגט אין דער ווערקלעכקייט, ווּו רוב יידן זענען געזעסן אין קאָמפּאַקטע מאַסן סיי אין דער מעטראָפּאָליע, מזרח־אייראָפּע, סיי אין אירע קאָלאָניעס, אין די אַמעריקעס, און די גאַס, די שטוב, דער חדר און דאָס בית־המדרש, דאָס ספר און דאָס בוך, די פּרעסע און דאָס טעאַטער האָבן דעם זאָג באַשטעטיקט, כאָטש עס זענען, אין די אויבערשטע שיכטן, שוין דעמאָלט, געווען גענוג אַזעלכע, וואָס דער זאָג רופט זיי גויִים, און עס זענען, אין די אונטערשטע שיכטן, שוין דעמאָלט, געווען גענוג אַזעלכע, וואָס דער זאָג רופט זיי עמי־הארצים, און אַפילו דער שפּראַכן־קאַמף, וואָס האָט מיט דער צייט דעם נישט־יידיש־קענער באַפרייט פון טיטל גוי און דעם נישט־העברעיִש־קענער באַפרייט פון טיטל עם־הארץ, האָט דעם אמת פון דעם זאָג, אין דער מזרח־אייראָפּעיִשער יידישער ווערקלעכקייט, סיי אין איר מעטראָפּאָליע און סיי אין אירע קאָלאָניעס, נישט געקאָנט אָפּפרעגן. אָבער שוין עפּעס פאַר דער ערשטער מלחמה און בפרט נאָך איר, האָט זיך דער שפּראַכן־ווידעראַנאַנד אַזוי צוגעשפּיצט, אַז לויטן לערן־פּראָגראַם פון „תרבות" איז דער תלמיד אירער נישט געווען מסוגל צו לייענען „פישקע דער קרומער" און לויטן לערן־פּראָגראַם פון „צישאָ" איז דער תלמיד אירער נישט געווען מסוגל צו לייענען „ספר הקבצנים", און איך האָב בכיוון גענומען דאָס זעלבע ספר פון דעם זעלבן מחבר, וואָס האָט, ווי ער האָט געזאָגט, געאָטעמט און געוואָלט, אַז כל ישראל זאָל אָטעמען מיטביידע נאָזלעכער. און דערווייל האָט די אויטאָמאַטישע שפּראַך־אַסימילאַציע געטאָן אירס — דער רוב יידישע קינדער זענען נישט געגאַנגען נישט אין „תרבות" און נישט אין „צישאָ", נאָר אין די גויִישע שולן אַריין. ווייטער היינט וואָלט מיר, לויט יענעם זאָג, אַלע יידישע קינדער אין מדינת־ישראל באַדאַרפט צו האַלטן פאַר גויִים, ווייל זיי קענען קיין יידיש נישט און דאָס רוב יידישע קינדער אין אַמעריקע וואָלטן מיר באַדאַרפט צו האַלטן אי פאַר גויִים אי פאַר עם־הארצים, ווייל זיי קענען נישט העברעיִש און נישט יידיש. דוכט זיך, אַז דאָס גייט נישט אַזוי לייכט אָן, ווי עס איז אָנגעגאַנגען, ווען בעל־מחשבות האָט דעם זאָג אַרויסגעלאָזט. וואָס שייך מדינת־ישראל, איז דער דעמאָגראַפישער צוזאַמענשטעל אַזעלכער, אַז רוב קינדער האָבן בכלל נישט קיין

יידיש־יחוס, זייערע טאַטעס און זיידעס אין איראַק, טוניס, מאַראָקאָ, באַלקאַן וכדומה האָבן דעם יחוס כלל נישט פאַרמאָגט. וואָס שייך אַמעריקע, האָט דער יידישער ישוב אין איר דערהאַלטן זיין אייגענעם שפּראַך־כאַראַקטער נישט בלויז שטאַרקער און אָריגינעלער, נאָר אויך אינטענסיווער און באַנייערישער פון אַנדערע נאַציאָנאַלע מיעוטים, און האָט אויסגעבויט אַ ליטעראַטור און פּרעסע, אָבער די שמעלץ־טיגל־גזירה איז נאָך אַלץ שטאַרקער פון פּלוראַליסטישע טענ־דענצן, און איינער פון די גרונט־חילוקים אויף וועלכע אַ ייד ווי איך, וואָס האָט געטאָן, וואָס איז אין זיין יכולת, נישט צו זיין גופו און נישט לאָזן אַנדערע צו זיין, נישט קיין גוי און נישט קיין עם־הארץ, שטויסט זיך אָן, איז דאָס, וואָס נעמענדיק אַ היינטיקע העברעיִשע אַנטאָלאָגיע, טרעפט ער יונגע און יינגסטע מחברים, וואָס גאָר־גאָר ווייניק פון זיי קענען אויך יידיש, און נעמענדיק אַ היינטיקע יידיש־אַנטאָלאָגיע, טרעפט ער בלויז אַלטע און עלטערע מחברים, וואָס גאָר ווייניק פון זיי קענען אויך העברעיִש. אַזוי אַרום אַז יענער זאָג וואָלט אונדז די מחברים פון דער ערשטער אַנטאָלאָגיע אַנידערגעשטעלט ווי אַ געזעמל גוייִם, און די מחברים פון דער אַנדערער אַנטאָלאָגיע ווי אַ געזעמל עם־הארצים, און דאָס וואָלט אַוודאי געווען אַן אומגעלומפּערטע מסקנה.

עס הייסט נישט, אַז אַ היינטיקער יידיש־שרייבער, וואָס וועלנדיק לייענען אַ פּרק משניות, מוז ער אָנקומען צו פּעטרושקען און וועלנדיק לייענען אַ קאַפּיטל יהודה הלוי, מוז ער אָנקומען צו י. י. שוואַרצן, און וועלנדיק לייענען אַ נאָוועלע פון עגנונען, מוז ער אָנקומען צו רובינשטיינען, איז אַ תלמיד־חכם, פּונקט ווי עס הייסט נישט, אַז אַ היינטיקער העברעיִש־שרייבער, וואָס וועלנדיק לייענען אַ מאָנאָלאָג פון שלום־עליכמען, מוז ער אָנקומען צו בערקאָוויטשן, און וועלנדיק לייענען אַ דראַמע פון לייוויקן, מוז ער אָנקומען צו שלאָנסקין, און וועלנדיק לייענען אַ באַלאַדע אָדער אַ ליד פון מאַנגערן, מוז ער אָנקומען צו אמתי, מעלצער אָדער טנא, איז אַ ייד מיטן פולן מויל, און אין דער מאָדולאַציע האָט, בעצם, בעל מחשבותס זאָג אויך היינט אַ האַפט. אָט דאָ קאָן אַ יוגנט־באַוועגונג אַריינשפּרינגען, אויב זי וועט אויסנוצן דאָס רעכט פון פאַרזאָג: אל תהיה כאבותיך, זיי נישט אַקוראַט ווי דיינע טאַטעס, און פון אים אַרויסטייטשן: תהיה כאבות אבותיך, זיי ווי דיינע עלטער־זיידעס, בפרט אַז די יידישע רעאָריענטאַציע איז דאָך בעצם אַן אומקער צו זייערע יסודות, וואָס די דעזאָריענטאַציעס, וועלכע האָבן געבושע־וועט אין די לעצטע צוויי דורות, האָבן זי געפּרוווט פונאַנדעררייסן, און זיי האָבן זיך נישט געלאָזט. אַ יידישע יוגנט־באַוועגונג איז, אין תוך, אַ גאַנג פון די אייניק־לעך צו די זיידעס איבער די קעפּ פון די טאַטעס. וואָס מער די אייניקלעך אין ניו־יאָרק און ירושלים וועלן זיך באַגעגענען, דורכשמועסן, וועט דער גאַנג זיין אָרגאַנישער און שלימותדיקער.

ו

און איך וועל פאַרענדיקן מיט וואָס איך האָב אַ מאָל אָנגעהויבן אַ שמועס וועגן די עקסטרעמען אונדזערע — איין עקסטרעם, וואָס וויל אויפבויען אונדזער קולטור בלויז אויף דער לעצטער תקופה אירער, און איין עקסטרעם, וואָס וויל אויפבויען אונדזער קולטור בלויז אויף דער ערשטער תקופה אירער. האָב איך געזאָגט, אַז עס דערמאָנט די מעשה מיט ר׳ יונתן אייבעשיץ. ווען ער איז אַ קינד געווען, האָט ער זיך איינגעשפּאַרט, אַז ער וויל אַ גאַנצן פיש, האָט די מאַמע גענומען אַ קעפּל און אַן עק פון אַ פיש און אים דערלאַנגט. צו מאָרגנס, אַז דער קליינער יונתן האָט זיך געשטעלט דאַווענען, האָט די מאַמע באַמערקט, אַז ער מאַכט עס עפּעס צו גיך, האָט זי אים געפרעגט, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט געזאָגט מה טובו און עלינו. האָט זי אַ פרעג געטאָן: היתכן, האָט ער געענטפערט, אַז אויב אַ קעפּל און אַן עק איז אַ גאַנצער פיש, איז מה טובו און עלינו דאָס גאַנצע דאַווענען. דער נמשל איז אַ קאַפּ אַנדערש פון משל, — אונדזערע עקס־טרעמען, און אַלע איבעריקע וואָס וואַקלען זיך צווישן זיי, האָבן אַפילו נישט גע־טאָן וואָס יענע מאַמע האָט געטאָן, האָבן אָדער דאָס קעפּל אָדער דעם עק פראָק־לאַמירט פאַרן גאַנצן פיש, און האָבן אַפילו נישט געטאָן וואָס דער קליינער יונתן האָט געטאָן, האָבן אָדער מה טובו, אָדער עלינו פראָקלאַמירט פאַרן גאַנצן דאַווע־נען. און דער אמת איז, ווי דער אמת איז: אַ פיש איז אַן אָרגאַניזם, וואָס באַשטייט נישט בלויז פון אַ קעפּל און אַן עק, נאָר אויך און בעיקר פון דעם וואָס איז צווישן זיי; אַ דאַווענען איז אויך אַן אָרגאַניזם, וואָס באַשטייט נישט בלויז פון מה טובו און עלינו, נאָר אויך און בעיקר פון דעם וואָס איז צווישן זיי, און אַז איר וועט שטאָט דעם משל אַריינשטעלן דעם נמשל: פאָלק, אמונה, היסטאָריע, קולטור, וועט איר דעם ענין פאַרשטיין און זיך נעמען אים אויספירן, כי לכך נוצרתם, דען צו דעם זענט איר באַשאַפן געוואָרן, ויפה שעה אחת קודם, און בעסער איין שעה פריִער.

[ט״ז טבת תש״ל]

# אַ גאַסט אויף אַ ווייל

## א

בתוך ארצי אני יושב — אַזוי, דאַכט זיך, מעג איך זאָגן ווענגן מיר, און נאָך מער האָב איך געקאָנט אַזוי זאָגן ביז מיט צוויי יאָר צוריק, ווען איך בין — נאָך אַכט און דרייסיק יאָר, אין וועלכע איך האָב נישט פאַרלאָזט אַפילו קיין איינציקע מינוט ארץ־ישׂראל — אַרויסגעפאָרן, אויף אַ פּאָר געציילטע וואָכן קיין אייראָפּע. איך האָב בכיוון געזאָגט: ארץ־ישׂראל, ווייל אַ האַלב יאָר בין איך געווען אַ לערער אין מחנה־רוטענבערג אין נהריים, וואָס האָט דעמאָלט באַלאַנגט צו עבר־הירדן.

הכּלל, מיט צוויי יאָר צוריק האָב איך מיך אַרויסגערוקט און געווען אין דריי לענדער, און בין צוריקגעקומען מיט אַ גרויסן ווייטיק אין האַרצן. אַוודאי האָב איך אויך פריִער נישט געוווינט אויף דער לבנה, און אַלץ וואָס איז געשען אין אייראָפּע האָב איך געלייענט, געהערט און דורכגעלעבט, און איך האָב געוווסט, אַז דאָס ייִדישע אייראָפּע, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט איז מער נישטאָ, אָבער, אינה דומה שמיעה לראיה. דאָס שווערסטע, וואָס האָט מיך געטראָפן, איז דאָס, וואָס איך האָב באַשיימפּערלעך געזען, ווי ייִדן הערן אויף, וואָס מער און מער, צו זיין אַ צוזאַמענבונד, אַ ציבור, אַן עדה, אַ קאָלעקטיוו און ווערן, אַלץ מער און מער, אַ פונאַנדערפאַל פון יחידים, אַפילו דאָרט ווו עס ווייזט זיך אַ מין פּרווו פון אַ באַנייטן געזעמל. דאָס אונטערגייענדיקע, כמעט אונטערגעגאַנגענע, ייִדיש־רעדנדיקע ווייטשעפּל און דאָס אויפגייענדיקע, כביכול אויפגעגאַנגענע, ענגליש־רעדנדיקע גרין־גאַרדנס, זענען אַ גענוג בולטער סימן, און דער רוב ייִדן שטרעבט דאָך אַפילו נישט צו אַ גרין־גאַרדנס — לאָנדאָן איז גרויס און ענגלאַנד איז גרויס, און די קינדער גייען איבער אין בעיקר אַקאַדעמישע פאַכן, וואָס מאַכן זיי נאָך מער, און מיט דער צייט פולקום, צעזייט און צעשפּרייט, און דאָס קאָפּ קאָלעקטיווקייט פון די טאַטע־מאַמעס גייט נישט איבער צו די זין און טעכטער, לאָ־כל־שכן — צו די אייניקלעך.

## ב

און אויב ענגלאַנד, דאָס קאָנסערוואַטיווע ענגלאַנד איז אַזוי, וואָס געשעט

שוין, אָדער וועט, און אַפילו מוז, לויט דעם דאָזיקן אַכזריות־לאָגישן גאַנג, געשען אין ביידע אַמעריקעס, ווו אַלץ איז פּאַכאַפּנער, ראַפּידער, ראַדיקאַלער? אָט די קשיא פּייניקט מיך און איך שוידער פאַר איר עצם־געדאַנק. אפשר האָב איך מיך, מחמת דעם טעם, אָפּגעהאַלטן פון אַן־אויג־אין־אויג־באַגעגעניש און איך האָב, כמעט אַ דור־לאַנג, פון יאָר צו יאָר אָפּגעלייגט אַ נסיעה קיין אייראָפּע, לאַ־כל־שכן קיין אַמעריקע, ווי איינער, וואָס האָט מורא צו זען באַשטעטיקט, וואָס דער קאָפּ זיינער מוז עס באַשטעטיקן, אָבער דאָס האַרץ ווערט זיך קעגן דעם מיט כל אמצי כוח.

אַוודאי האָב איך מיך אָנגעכאַפּט ווי אין אַ ראיה־לסתור אין פּאַריזער פּלעצל, אין יידישן ישוב אין אַנטווערפּן, אין סטראַמפאָרט־היל לעבן לאָנדאָן, און געמאַכט אַ גזירה־שווה מיט וויליאַמסבורג און בדוחק אויך מיטן חב״ד־צענטער אין ניו־יאָרק — אָבער איך האָב דאָך נישט געקאָנט און נישט געטאָרט פאַרגעסן, אַז אין דעם אַלעמען האָט אַ האַנט די נייע עמיגראַציע, וואָס איז געקומען פון די רוסישע און דייטשישע לאַגערן, און אַז דאָס איז אפשר די לעצטע עמיגראַציע פון איין גלות אין אַנדערן; און נאָך מער האָב איך נישט געקאָנט און נישט געטאָרט פאַרגעסן, אַז די פּרי־ערדיקע כוואַליעס פון עמיגראַציע, בעיקר זייערע קינדער, זענען נישט מער קרעאַטיוו אין יידישן קאָלעקטיוון זינען, אָדער פּשוטער גערעדט: זענען אַלץ ווייניקער ציבור, עדה, און אַלץ מער גרופּעס, יחידים. ופומא ללבא גליא — ווייזט אויס, אַז אַזאַ פּראָצעס גייט אויך גאָר שטאַרק אָן אין סאָוועט־רוסלאַנד. און נישט אומזיסט נעמט, אַזאַ יידן ווי איך, אָן אַן אימה, און איך בין מודה ומתוודה, אַז אומקערנדיק זיך פון מיין נסיעה אַהיים, און דערזעענדיק ביי נאַכט, פון דער הויך, די ליכטיקע קוואַדראַטן פון די תל־אביבער לאָמפּן, האָב איך מער ווי ווען־עס־איז, דערפילט, מיט אַלע חושים, נישט בלויז די גרויסע יידישע ממשדיקייט, נאָר טאַקע די איינציקע גרויסע יידישע ממש־דיקייט.

ג

יאָ, עס איז געווען אַ נסיעה פון אַ פּראָווינציאַל־מדעת — אַוודאי האָב איך געזען דאָס און יענץ, אָבער דער עיקר איז געווען יידן און יידישקייט. און כאָטש עס האָט מיך געמאַכט גאָר מאַנקאַליש געשטימט, האָב איך מיך פון דער מאַנקאָליע נישט געקאָנט און נישט געוואָלט אויסדרייען. צווישן די קשיות וואָס האָבן מיך געעקבערט, האָט זיך איבערגעחזרט איינע: ווער רעדט נאָך יידיש, ווער לייענט נאָך יידיש. עס איז געווען, בעצם, די קשיא: ווי שטייט עס מיט דעם גרויסן קולטור־קאָמפּאָנענט, וואָס האָט דערפילט אַזאַ שטאַרקע קאָלעקטיוויזאַטאָרישע ראָל לגבי דעם גרעסטן שבט יידן, שבט אַשכנז, און אין

זיין וויטאַלסטן טייל, אין זיין מעטראָפּאָליע, אין מזרח־אייראָפּע און אין אַלע אירע קאָלאָניעס אויף גאָר דער וועלט. עס איז דאָך אַ פּשוטער קיימא־לן: דאָרט וווּ יידיש ווערט גערעדט און געלעבט — איז דאָ ירושה, המשך, צוזאַמענ־געשלאָסנקייט; דאָרט וווּ יידיש הערט אויף, און עס ירשענען עס די איצט בעיקר הערשנדיקע אימפּעריאַלע לשונות — רוסיש אין מזרח, ענגליש אין מערב, ווערט אונדזער חוץ־השידרה אַלץ לויזער און וואַקלענדיקער, און אונדזערע רמ״ח אַלץ שוואַכער און אַנעמישער.

דאָ, אויף אונדזער אייגענער ערד, האָבן זיך דאָס היסטאָרישע לאַנד און די היסטאָרישע, אָדער בעסער געזאָגט: די היסטאָרישערע שפּראַך, אַרויסגעוויזן ווי די גרעסטע קאָלעקטיוויזאַטאָרן אונדזערע, און וואָס עס איז אפשר פאַר אַ טייל נישט געווען קלאָר פאַר דעם אומקום פון יידישן אייראָפּע און פאַר דעם אויפ־קום פון ישראל, איז איצט קלאָר אַ יעדן, כיבאַ ער באַשליסט צו זיין אַ פּראָ־גראַמאַטישער סגי־נהור, אָדער אַ דאָגמאַטישער מאַניאַק, וואָס פאַרגעסט גאָרנישט און לערנט גאָרנישט, און שטילט פון צייט צו צייט איין דאָס געוויסן זיינס מיט חלשות־טראָפּנס. אָבער אין גלות — וואָס בלייבט גלות, אַפילו מען באַפּוצט עס מיטן פאַרטושנדיקן נאָמען: תפוצות — איז נאָך יידיש אַלץ דער בעסטער קאָ־לעקטיוויזאַטאָר אונדזערער, און זיין איינשרומפּ איז אַ מאָוימדיקע קאַטאַסטראָפע, וואָס עס באַנעמט זי נישט ווער עס באַשליסט צו זיין אַ פּראָגראַמאַטישער סגי־נהור, אָדער אַ דאָגמאַטישער מאַניאַק, וואָס פאַרגעסט גאָרנישט און לערנט גאָרנישט, און שטילט פון צייט צו צייט איין דאָס געוויסן זיינס מיט גבורה־טראָפּנס.

## ד

און ווער איז דאָס דער צעקריגטער סגי־נהור־צווילינג? — דאָס זענען קודם כל די אַזוי גערופענע יידישיסטן און די אַזוי גערופענע העברעיסטן, וואָס דער צד־השווה צווישן זיי, אַז זיי קלאַמערן זיך אָן אין נעכטיקן טאָג. די ערשטע — וואָס דאַנקען כמעט גאָט, אַז ער האָט זיי אַריינגעשפּילט אין די הענט אַריין די ישראלדיקע כנענים, כדי זיי זאָלן קענען איבערקייען וואָס זיי האָבן איבער־געקייט פאַרן מבול, און נישט זען דעם אויפבלי פון אַן אַלט לאַנד און אַן אַלטער שפּראַך, וואָס זענען היינט־צו־טאָג די יינגסטע עמאַנאַציעס פון אונדזער פאָלקס־כוח. די אַנדערע — וואָס דאַנקען כמעט גאָט, וואָס האָט זיי אַריינגעשפּילט אין די הענט אַריין אַמעריקאַנער קינדער פון די יידיש־פּריידיקערס, וואָס קענען נישט לייענען דעם „פאָרווערטס" און „טאָג מאָרגן זשורנאַל", כדי זיי זאָלן קאָנען איבערקייען וואָס זיי האָבן איבערגעקייט פאַרן מבול, כאָטש זייערע אייגענע קינדער און אייניקלעך לייענען אויך נישט דעם „הדואר". בלויז דערפאַר ווייל ראובן איז אין זיין שטעטל געווען אַ ציוניסט און האָט זיך אַרומגעהרגעט מיט

שמעון, וואָס איז געווען אַ בונדיסט, און האָט אים אָקעגנגעשריגן: רק עברית, און בלויז דערפֿאַר ווייל שמעון איז אין זיין שטעטל געווען אַ בונדיסט און האָט זיך אַרומגעהרגעט מיט ראובן, וואָס איז געווען אַ ציוניסט, און האָט אים אָקעגנגעשריגן: נאָר יידיש — און זיי קאָנען זיך ביידע עד־היום נישט אַרויס־באַפרייען פון זייערע קינדערשע, און העכסטנס: ווויליינגערישע, אַמפּערייען, איז נישט כדאַי צו דערהאַלטן איבערגעלעבטע קולטור־אידעאָלאָגישע פּאָרמאַציעס, און אויב זיי קאָנען אָדער ווילן זיך נישט אַרויסבאַפרייען, ווען זיי מוזן זאָרגן פֿאַר אַן איזאָלירנדיקן מושב־זקנים, כדי דאָרט, אין אַן אומפּרוכפּערדיקער נאָס־טאַלגיע צו אייערנעכטיקע מחלוקתן, אויסצולעבן זייערע הונדערט־און־צוואַנציק־יאָר.

### ה

אָבער ווען עס גלוסט זיך און בענקט זיך נישט אַהין, דער ווערט זיך נישט אַריינלאָזן אין אַזעלכע שפּילערייען, נאָר ווערט טאָן וואָס עס לאָזט זיך טאָן פֿאַרן דערהאַלטן יידישע קאָלעקטיווקייט — שטאַרקן ווו זי איז נאָר פֿאַראַנען, זי זאָל קאָנען וואָס לענגער און וואָס שטאַרקער שטאַנד האַלטן. און אויב די ביאָגראַפיע זיינע שטערט אים, זאָל ער זיך דערמאָנען, אַז די ביאָגראַפיע פון אַ דור צוריק איז נישט די איינציקע אין דער געשיכטע פון פֿאָלק, און טאַטעס האָבן בטבע אויך געהאַט טאַטעס, און זיי, די זיידעס אונדזערע, האָבן פון די אַמפּערייען נישט געוווּסט, און מיר זענען עס אויך נישט מחויב צו וויסן — זיי האָבן געשטאַרקט אַלץ וואָס איז געווען יידיש און יידישקייט, געלעבט אַלץ וואָס איז געווען יידיש און יידישקייט, און עס איז נישטאָ קיין סיבה, אַז מיר, די אייניקלעך, זאָלן דווקא נאָכטאָן די האבות אכלו בוסר, און נישט די אבות פון אונדזערע אבות. אַוודאי איז ווויל און גוט, אַז אַ דור קאָן מקיים זיין ביידע טיילן פונעם פּסוק: שאל אביך ויגדך זקניך ויאמרו לך, אָבער ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן, ווען דער טאַטע דיינער גייט זיך נישט דיאַמעטראַל פונאַנדער פון די זיידעס דיינע, אויב אָבער, חלילה, יאָ — טאָ דאַרף מען פֿאַרשטיין, אַז די ערשטע העלפט פונעם פּסוק, ווו עס רעדט זיך וועגן דיין טאַטן בלשון יחיד, איז בפירוש נישט בילכער פון דער אַנדערער העלפט פונעם פּסוק, ווו עס רעדט זיך וועגן דיינע זיידעס, בלשון רבים, דען דאָס קול פון איין דור איז בפירוש נישט בילכער פונעם קול פון אַ סך דורות, ודי לחכימא.

[י״ח ניסן תשכ״ח]

# צווישן זאָגן און הערן

## מיט און אַרום אַ וואָרט אין „י. ל. פּרץ שרייבער־פֿאַראיין" אין ניו־יאָרק

### א

איך וועל, ברשותכם, אָנהויבן מיט אַ דרײַיִקן דאַנק, ערשטנס, אַ דאַנק אײַך אַלע צוזאַמען און יעדן איינעם באַזונדער, וואָס איר האָט זיך מטריח געווען און זיך, לכבוד אני הקטן, צונויפגעקומען. צווייטנס, אַ דאַנק ר׳ יעקב גלאַטשטיין, וואָס האָט מקיים געווען בחינת ספרא מסייע ספרא, און מיך נישט געלאָזט אַליין פֿאַר אַזאַ עולם. דריטנס, אַ דאַנק ד״ר ג. סוועררלין, וואָס האָט מסכים געווען צו דער טעמע מײַנער, האָט אָבער געמאַכט אַ קליינעם שינוי־נוסח, און האָט מיר דערמיט אַ טובה געטאָן, ווײַל איצט קאָן איך דעם שינוי אָפּפֿרעגן, און עס קומט מיר לײַכטער אָן צו דרשענען. די טעמע, ווי איר האָט זי געלייענט אין די בלעטער, הייסט: וואָס צו זאָגן און וואָס צו הערן, אָבער גרונטיק האָב איך זי פֿאָרמולירט קירצער: צווישן זאָגן און הערן, און מיט אײַער דערלויב, וועל איך אײַך די פֿיר ווערטער אַ קאָפּ באַריכות דערקלערן.

### ב

ווען איך, אַ גוטער גייער און שלעכטער פֿאָרער, האָב מיך, מיט עטלעכע חדשים צוריק, אַרויסדערוועגט פֿון ירושלים קיין אַמעריקע, און גענומען שפּרייזן, צום ערשט אין דרום־אַמעריקע און שפּעטער אין צפֿון־אַמעריקע, האָב איך מיר איינגעהזרט אַ קל־וחומר פֿון מײַנס אָן אייגענעם זאָג. מיט יאָרן צוריק האָב איך, אין מײַן איינציקן שמועס מיט שלום אַשן — וואָס עס לוינט זיך אים פּרטימדיק צו דערציילן — באַדאַרפֿט צו ענטפֿערן אויף זײַן קשיא פֿאַר וואָס זײַן טרילאָגיע וועגן זייער משיח, זײַן מאַמען און זײַן שליח, געפֿעלט מיר נישט. האָב איך געענטפֿערט: שטאָט צו דערציילן די גויִים, וואָס איר דאַרפֿט זיי זאָגן, האָט איר זיי געזאָגט, וואָס זיי ווילן הערן. האָב איך מיר קאָנסטרויִרט אַ קל־וחומר: אויב לגבי גויִים אַזוי, לגבי ייִדן לא־כל־שכן, און מיר איינגעחזרט דעם כלל: לעולם זאָלסטו יענעם זאָגן וואָס דו דאַרפֿסט זאָגן און נישט וואָס יענער וויל הערן. און פּונקט ווי איך פֿיר מיך לויט דעם כלל אין דער היים, וויל איך מיך פֿירן

אין דער פרעמד, אַפילו עס זאָל מיר אויסקומען צו זיין אַ מזיק ברשות הניזוק, אַ שעדיקער אין געמאַרק פונעם געשעדיקטן.

דאָ איז כדאי צו דערמאָנען די מעשׂה, וואָס עס ברענגט זי יוסף אָפּאַטאָשו אין זיינס אַ סיפּור — מעשׂה בר׳ ברוך פרענקל, דעם „ברוך טעם״, וואָס איז געזעסן מיט די שוין אונטערגעדייטשטע לייפּניקער טובי העיר און האָט דעם שמש געהייסן ברענגען דעם ליולקע־ציבעך. האָט אים דער שמש איינגערוימט, אַז דאָ זאָגט מען נישט ליולקע נאָר רער־פּייף. האָט ר׳ ברוך ווידער איבערגע־חזרט זיינס און דער שמש זיינס. האָט ר׳ ברוך הויך אַ זאָג געטאָן: מוחל דאָס גאַנצע רבנות אין לייפּניק איך זאָל דאַרפן משנה זיין איין דיבור פון זאַוויכאָסט. רבותי, איך בין נישט דער „ברוך טעם״ (ער איז געווען מיין שטיפמוטערס עלטער־עלטער־פעטער) און ירושלים איז נישט זאַוויכאָסט און בוענאָס־איירעס אָדער ניו־יאָרק זענען נישט לייפּניק. אָבער עס איז פּאָרט דאָ אַ נמשל: מוחל אַלע שבחים, וואָס איך האָב מיך אָנגעהערט, איך זאָל דאַרפן זאָגן, און עס פּאַר־בייטן, אַפילו כלשהו, אויף דעם וואָס מען וויל הערן. און עס איז מיר, בסיעתא דשמיא, געלונגען דעם כלל געטריי צו בלייבן.

און דאָס איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן — אָט בין איך געווען, איבער זעקס וואָכן, אין אַרגענטינע און צוזאַמענגערעדט ממש אַ ים ביי אַ גוזמא אויפ־טריטן, אַקציעס, שמועסן וכדומה, אין זאַלן, שולן, בתי מדרשים, שטיבלעך, דירות און געהערט, ווי ייִדן שטייען און לויבן זיך פּאַר זייערע אויפטוען, און אַזוי ווי זיי זענען צוגעווינט, אַז זייערע אורחים, שרייבער און עסקנים, חזרן איבער די לויבן, נאָך מיט אַ פּעפּערל דערצו, האָבן זיי געוואָרט, איך זאָל עס אויך טאָן. בין איך נישט אַ ייִד אַ גזלן און וואָלט זיי צו ליב געטאָן, אָבער וואָס האָב איך געקאָנט טאָן, אַז דאָס איז געווען וואָס זיי האָבן געוואָלט הערן און נישט דאָס, וואָס איך האָב זיי באַדאַרפט זאָגן.

דען כאָטש איך האָב געזען די גרויסע מי זייערע און דאָס גרויסע איבער־געגעבנקייט זייערס צו דערהאַלטן אַ ייִדישן חינוך, האָב איך נישט פאַרשטאַנען דעם שישו בני מיעי, דאָס פּאַטש־דיך־אין־בייכל, זעענדיק, אַז דאָס נעמט אַרום, לויטן אָפּשאַץ פון די אָפּטימיסטן, בלויז צוואַנציק פּראָצענט פון די קינדער, און אַכציק פּראָצענט שטעקן שוין אין דער שפּראַך־אַסימילאַציע, אַזוי אַז אויך אַרגענטינע גייט אויפן וועג פון די גרויסע ישובים, ווי צפון־אַמעריקע און רוס־לאַנד, משמע דאָס רוב ייִדן אויף דער וועלט הערן אַלץ מער און מער אויף צו רעדן זייער אייגענע שפּראַך. און שטאָט מיינע צוהערער צו קלאַפּן אויף דער פּלייצע: ווויל, ווויל, ווויל, האָב איך אַכזריותדיק איינגעחזרט די עיקר קשיא, צי מאָרגן אָדער איבערמאָרגן, וועלן זיי עס זיין צוואַנציק אַ האַלב אָדער, חלילה, ניינצן אַ האַלב פּראָצענט, פּונקט ווי איך האָב נישט געקאָנט נישט איבערחזרן,

אַז מיט זייער גאַנצן בטחון אין זייער קיום, לעבן זיי אין אַ גן־עדן פון נאַראָנים.

וואָס קומט מיר אָבער אַרויס דערפון, אַז איך האָב געזאָגט וואָס איך האָב באַדאַרפט זאָגן, אויב איך האָב שטענדיק געמוזט בודק זיין, וואָס געשעט צווישן מיין זאָגן און זייער הערן, ווייל איך האָב באַמערקט, אַז די הערער האָבן אָדער אַ באַזונדערן הער־אַפּאַראַט אָדער אַ באַזונדערן הער־מעכאַניזם, וואָס איז גורם, אַז זיי פאַרהערן, אָדער דערהערן נישט, אָדער הערן נישט אויס.

ג

זיי פאַרהערן — און אָט אַ קליינער משל דערצו: ווען מיר האָבן באַזוכט דאָס יידישע שפּיטאָל אין בוענאָס־איירעס, אַ גרויסער און שיינער וואָלונטאַרער אויפ־טו, האָט מיין פרוי געפרעגט, וויפל זענען דאָ יידישע שוועסטער, איז די תשובה געווען: קוים איין פּראָצענט. האָט מיין פרוי ווידער געפרעגט, וויפל יידישע מיידלעך לערנען אין דער שוועסטערשול, איז די תשובה געווען: נאָך ווייניקער ווי איין פּראָצענט. האָב איך באַמערקט, אַז אַ יידיש שפּיטאָל מאַכט נישט דער יידישער פּאַרוואַלטער און נישט אַפילו דער יידישער דאָקטאָר, נאָר בעיקר די יידישע שוועסטער, און מיין פרוי האָט געבראַכט אַ משל פון יידישן שפּיטאָל, וואָס זי האָט מיט קאַרגע פערציק יאָר צוריק געזען אין ניו־יאָרק, ווו דער גאַנצער פּערסאָנאַל איז געווען יידיש, און דערמאָנט דעם שינוי לרעה, זייט אַ יידישע שוועסטער ווערט דאָרט אַלץ זעלטענער און איז כמעט ווי נישטאָ. איז דאַריבער געווען אַ גרויסער דין וחשבון איןביידע בוענאָס־אייר עסער יידישע טאָגבלעטער, נאָר איין וואָרט האָט געפעלט, — עס האָט זיך גערעדט וועגן אַ שוועסטער סתם, און נישט וועגן אַ יידישער שוועסטער.

זיי דערהערן נישט — איך האָב אין ריאָ־דע־זשאַנעיראָ גערעדט וועגן איציק מאַנגערס חומש־לידער — בעצם, וועגן זיינע אַלע תנך־לידער, וואָס דער קרייז פאַר יידיש־לימוד אין ירושלימער אוניווערסיטעט האָט לעצטנס אַרויסגעגעבן — און זיך אָפּגעשטעלט אויף דער קשיא, וואָס זענען זיינע מקורות, און קודם־כל באַמערקט אַ זאַך, וואָס איז אַ קיימא־לן: עס איז נישט דער מקור גופא, נישט שוואַרבע און נישט מדרש, ווייל ער האָט זיי דאָך, במקורם, נישט געקאָנט לייענען, אַזוי אַז דער אָנשפּאַר זיינער איז געווען דאָס גערעדטע און געהערטע יידיש און איר רייכע מסורה, וואָס איז געווען דער עיקר־קוואַל פון דער יידישער מאַמען, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען די יידישע שטוב. און איך האָב דערמאָנט אַ זיס וואָרט פון ר׳ יהודה לייב זלאָטניק, אַז ווען אַ פּראָסטער ייד, וואָס האָט קוים געקאָנט אַ שייטל־עברי, וואָלט געוווסט די מקורות און מקורי־מקורות פון זיין אייגענעם גערעדטן יידיש, וואָלט ער געמעגט זיין רב אין אַ וואַזשנער קהילה.

איך האָב גערעדט ווי איך בין עס — משמע, ווי אַ חסיד בה"א הידיעה פון מאַנגערן, און דערמאָנט, ווי אין אַריינפיר צו די תנך־לידער קריג איך מיך אַרום מיט אַ טוץ קריטיקערס. האָב איך נישט געקאָנט נישט שמייכלען, ווען איך האָב צו מאָרגנס געהערט אַ תרעומת, אַז איך בין אויסן געווען אַראָפּצונידערן מאַנגערן און דערציילן, אַז ער איז געווען אַן עם־הארץ, וואָס האָט נישט געקאָנט לייענען קיין לשון־קודשדיקע שורה, און עס איז ממש אַ חילול־מאַנגער, אַ חילול־יידיש, אַ חילול יידישע ליטעראַטור. נו, אַזוי ווי פאַר מענטשן דאַרף מען זיך גיכער פאַרענטפערן ווי פאַר גאָט, ווייל גאָט איז דאָך אַ בוחן כליות און ווייסט אַלצדינג; האָב איך קיין ברירה נישט געהאַט און זיך, ברשות הרבים, אומגעקערט צום ענין און קודם־כל באַמערקט, אַז דער אמת איז תמיד מחייב, און דאָס פאַרקערטע, דאָס פאַרשווייגן אים, איז אַ חילול; און דער ביאָגראַפישער אמת פון מאַנגערן איז געווען, ווי איך האָב אים כאַראַקטעריזירט. איך האָב אויך דערמאָנט, אַז אויב איך האָב אין מיין לעקציע אָנגענומען, אַז אפשר האָט ער עפּעס געגנאַשט אין חדר, איז מיר צוגעקומען אַ ספק — נאָך דער לעקציע האָט מיר איינער פון די צוהערערס דערציילט, אַז ער איז אַ לאַנגע צייט געווען נאָענט צו מאַנגערן, און ווייסט אַז דער בעל־חומש־לידער איז נישט געווען אין קיין חדר און ממילא האָט ער דאָרט גאָרנישט געקאָנט נאַשן.

וואָס האָט זיך אַרויסגעשטעלט? אַז דער בעל־תרעומת האָט געהערט דעם אַריינפיר פון מיין לעקציע און נישט דערהערט איר אויספיר, ווייל אַזוי איז שוין אַ פּנים דאָס אויער זיינס און זיינסגלייכן אויפגעבויט, אַז עס הערט דעם אָנהייב און פאַרהערט דעם סוף.

זיי דערהערן נישט אָדער הערן נישט אויס — אין מאָנטעווידעאָ ביי אַ צוזאַמענקום פון אַ סימפּאַטישער גרופּע תנועת עליה, האָט מען מיר געשטעלט כלערליי קשיות, און איינע פון זיי איז געווען, בערך, די וואָס נ. סווערדלין האָט געוואָלט האָבן ווי אַ טעמע פון מיין איצטיקן שמועס. עס איז די קשיא, וואָס מען האָט מיר אויך געשטעלט נאָך מיין לעקציע אין לאָס־אַנדזשעלעס: ווי זע איך די צוקונפט פון יידיש אין ארץ־ישראל? האָב איך דערויף געגעבן אַ דרייפאַכיקע תשובה.

## ד

ערשטנס, האָב איך, כאורח גוברין יהודאין, געענטפערט מיט אַ שאלה: איר האָט שוין נישט קיין אַנדערע דאגה? אַוודאי איז עס געווען אַ שטיפערישע תשובה און איך האָב זי אויך אַזוי אַנידערגעשטעלט, נייערט איך האָב נישט פאַרהוילן, אַז עס איז אין איר אויך געווען אַן עוקץ פון ערנסט. אָבער דער עיקר, זי איז געווען מכוון צום פרעגער, אַן עליה־קאַנדידאַט. וואָלט עס געווען

אַן אַנדערער, וואָלט איך אַרויסגערוקט אַ ממה־נפשך: אפשר וואָלט איר אַמערשט געפרעגט די קשיא אין מאָנטעווידעאָ, ווו איך האָב נישט געקאָנט געפינען קיין קאָנטאַקט מיט דעם רוב יונגן דור, פונקט ווי איך האָב נישט געפונען אין בוענאָס־איירעס, ווייל זיי פאַרשטייען בלויז שפּאַניש, און אין ריאָ־דע־זשאַנעיראָ, ווייל זיי פאַרשטייען בלויז פּאָרטוגעזיש, פונקט ווי איך האָב שפּעטער אין לאָס־אַנזשעלעס נישט געפונען קיין קאָנטאַקט מיטן רוב יונגן דור, ווייל ער פאַרשטייט בלויז ענגליש, און דער צד השווה איז וואָס זיי זענען טויב פאַר אַ ייִדיש לעקציע. אָבער ווייל דער פרעגער איז עלול מאָרגן־איבערמאָרגן וווינען אין תל־אביב האָב איך אַרויסגערוקט אַן אַנדערן ממה־נפשך — ער פאַרלאָזט דאָך אַ ווערקלעכקייט, ווו דער פּראָצעס פון שפּראַכלעכער דעקאָלעקטיוויזאַציע אַנטוויקלט זיך אין אַ שווידערלעך גיכן טעמפּאָ, און ייִדיש פאַרלירט אַלץ מער און מער דעם באָדן אונטער די פיס, און גייט אין אַ ווערקלעכקייט, ווו דער פּראָצעס פון שפּראַכלעכער קאָלעקטיוויזאַציע אַנטוויקלט זיך אין אַ דערפרייענדיק גיכן טעמפּאָ, און העברעיִש געווינט אַלץ מער און מער באָדן אונטער די פיס, אַזוי אַז מדינת ישׂראל בלייבט, חלילה, נישט אָן אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך, און די קשיא גייט וועגן קיום פון צוויי נאַציאָנאַלע שפּראַכן, זייער נויטווענדיקייט און מעגלעכקייט. ביידע, סיי די נויטווענדיקייט סיי די מעגלעכקייט פון צווייִשפּראַכיקייט, לאָזן זיך לייכט באַווייזן — זיי זענען אַ ממש, אָנגעהויבן אין תנך, דורך דער גמרא, ביז די לעצטע דורות, ומפורסמות אינם צריכים ראיה. אָבער די צווייִשפּראַכיקייט איז געגאַנגען אויף דער ליניע פון פונקציאָנאַלן שותפות, און נישט, ווי עס איז געשען אין די לעצטע צוויי דורות, אויף דער ליניע פון ריוואַליזאַציע, ווו נישט שפּראַכן, נאָר די באַוועגונגען הינטער זיי, וואָס זענען זיך דיאַמעטראַל פונאַנדער־געגאַנגען אין זייער היסטאָרישן באַנעם און פּערספּעקטיוו, האָבן זיך ריוואַליזירט, און צעשפּאָלטן דאָס פאָלק, ביז עס האָט גובר געווען דער היסטאָרישער גורל און היסטאָרישער אַנטשייד, וואָס מיר זענען זיינע פּאַסיווע און אַקטיווע טרעגער.

בקיצור, די נויטווענדיקייט צו דערהאַלטן אַזאַ קולטורוועדט ווי ייִדיש, אין דער ווערקלעכקייט פון מדינת־ישׂראל, איז אַ צווילינג־שוועסטער פון דער נויטווענדיקייט צו דערהאַלטן אַ יעדן אַנדערן קולטורווערט פון אַזאַ מדרגה און אַזאַ פאַרנעם. די קשיא איז, אויב עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט פון אַ פונקציאָנאַלן אויפטייל, ווי ער איז געווען די גאַנצע זיבן הונדערט יאָר, פאַר דער ריוואַליזאַציע,

צווייטנס, מען קאָן זיך נישט מאַכן פאַר אַ כלאָ־יודע: לשון עברי, העברעיִש, איז די גרויסע שפּראַכלעכע ווערקלעכקייט פון מדינת־ישׂראל, און עס איז נישט צופאַליק. זי איז סיי די עלטסטע סיי די ייִנגסטע שפּראַך פון פאָלק, וואָס איז געווען בשותפותדיק נישט בלויז אין ווייטן עבר, נאָר אויף דער גאַנצער לענג פון דער געשיכטע, און דער רוב ליטעראַטור אונדזערע איז אין איר געשאַפן

געוואָרן, און האָט דערלעבט אַ רענעסאַנס אין די תחומים, ווו זי האָט פריִער נישט געלעבט, און איר אַנטוויקל באַווייזט, אַז דאָס אַלץ איז ביי איר, אַלע דורות, לאַטענט געווען, און איז מיטן היסטאָרישן שעת־הכושר מאַניפעסט געוואָרן. זי פאַראייניקט אויך אַלע שבטים אין דער ייִדישער היים, סיי די וואָס האָבן געהאַט אַ באַזונדערן ייִדיש, סיי די וואָס האָבן אים נישט געהאַט, בפרט אַז די קאָנפיגוראַציע פון דער מדינה איז אַזעלכע, אַז דער רוב עולים זענען פון ספרדישן שבט, וואָס האָבן נישט געירשנט קיין באַצי צו אונדזער אַשכנזישן ייִדיש און האָבן פאַרלוירן דעם פאַרבונד מיט זייער ספרדישן ייִדיש. אָבער אַפילו רוב עולים וואָלטן געקומען פון תחום ייִדיש — וואָלט שוין לשון עברי אַלץ געווען די שפּראַך פון לאַנד און פאָלק. אַז עס האָט געקאָנט גרונטיק אַנדערש זיין, איז אַ פּלפּול, און אַ שאָד וואָס מען שרייבט לעצטנס דאַריבער אַזויפיל דברים בטלים.

איך זאָג, חלילה נישט, אַז אַלץ וואָס איז געווען, האָט געדאַרפט אַזוי צו זיין. עס האָט נישט געדאַרפט צו זיין נישט קיין העברעיִסטישע גאווה, וואָס האָט מבטל געווען דעם זשאַרגאָן, און נישט קיין ייִדישיסטישע גאווה, וואָס האָט מבטל געווען די געפגרטע שפּראַך, אָבער וועגן עיקרדיקן ווערט פון אונדזערע שפּראַכן דאַרף און מעג אפשר משפּטן ווער עס לעבט זיי ביידע, און קען זייער ווידעראַנאַנד ביי זיך גופא. דערפאַר בין איך נישט נתפעל געוואָרן, ווען אַן אַלטער ייִדיש־שרייבער האָט געפאָדערט אַז אין אַלע שולן אין מדינת ישראל זאָל מען לערנען ייִדיש, צו גלייך ווי מ׳לערנט העברעיִש, כדי יעדעס קינד זאָל אין ענין פון ביידע שפּראַכן, קאָנען ענטפערן, ווי ער ענטפערט, ווען מען פרעגט אים, וועמען ער האָט ליבער, דעם טאַטן צו די מאַמען, דהיינו: ביידע. איך בין נישט נתפעל געוואָרן פון דעם פרעגער, ווייל ער, ווי אַ סך אַנדערע שרייבער־פאָדערער אַליין, האָבן דעם טאַטן שוין לאַנג־לאַנג נישט איבעריק ליב, אויב זיי האָבן אים בכלל אַ מאָל ליב געהאַט: נישט בלויז וואָס זיי קענען נישט שרייבן, נאָר קענען אויך נישט לייענען לשון עברי, פאָדערן אָבער פון קינדער פון סאַלאָניקער, ביירוּ־טער, באַגדאַדער, תימנער עולים וכדומה, וואָס ייִדיש איז זיי קיין מאָל קיין מאַמע נישט געווען, אַז זיי זאָלן זי, ווי אַ מאַמע, ליב האָבן. דעסגלייכן בין איך נישט נתפעל געוואָרן, ווען אַ יונגער העברעיִשער שרייבער האָט מיט אַ סאַברישער חוצפּה זיך צערעדט וועגן ייִדיש און זי מכבד געווען מיט אַ שלל דיסקוואַליפי־צירנדיקע עפּיטעטן, כאָטש ער קען נישט לייענען און האָט נישט געלייענט קיין איינציקע שורה אין איר, ווייל ער איז אין איר בעזגראַמאָטנע, און ער וואָלט זיך נישט דערוועגט צו זיין אַזאַ פּסקן לגבי וואָסערן־עס־איז דיאַלעקט און סלענג, כל שכן לגבי אַ שפּראַך פון אַ פּרימיטיוון שבט. אַ זאַך וואָס ער דערוועגט זיך אָבער צו טאָן לגבי זיין טאַטע־מאַמע לשון, וואָס אין איר האָט גערעדט דער רמ״א

און דער ב״ח און דער ט״ז, דער בעל שם טוב און דער ווילנער גאון, אין איר האָבן געשריבן מענדעלע און שלום־עליכם, און זי איז איינע פון די רייכסטע שפּראַכן בכלל, און אַ ספק אויב מיר האָבן געשאַפן אַ רייכערע פון איר. ניין, איך האָב נישט קיין דרך־ארץ פאַר יענעם אַלטן ייִדיש־שרייבער, בפרט ווען ער קומט נאָך אָפּשאַצן ווערט און וואָג פון העברעיִש, לא כל שכן פאַר יענעם יונגן העב־רעיִש־שרייבער, בפרט ווען ער קומט נאָך אָפּשאַצן ווערט און וואָג פון ייִדיש.

ווער עס קען בלויז איינע פון אונדזערעביידע לשונות, ווייסט ממילא נישט לגבי דער, וואָס ער קען נישט, איר אינעווייניקסטן תוך, נאָר העכסטנס איר דרויסנדיקע קליפּה, און אפשר אויך דאָס נישט.

דריטנס, די תשובה אויף דער קשיא וועגן דער צוקונפט פון ייִדיש אין מדינת ישראל איז נכלל אין דער תשובה אויף דער קשיא וועגן דער צוקונפט פון אַלע קולטור־ווערטן אונדזערע דאָרט, און די תשובה דאַרויף איז נכלל אין דער תשובה אויף דער קשיא וועגן דער צוקונפט פון מדינת ישראל בכלל. עס איז אַ קשיא, ערלעכער געזאָגט: די קשיא, וואָס מען וואָלט זי געדאַרפט פרעגן, און אויף איר ענטפערן. אָבער אויף דעם לאַנגן וועג מיינעם האָט מען מיך אַרומגענומען מיט כלערליי קשיות, חוץ דער קשיא, און דווקא זי וואָלט דאָך באַדאַרפט מאַטערן יומם ולילה: צי קאָן אַ מדינה פון דריי מיליאָן ייִדן באַשטיין לאורך ימים, אויב זי וועט נישט בקרוב, לפּחות, פאַרטאָפּלט און פאַרדרייפאַכט ווערן; צי קאָן זי לאורך ימים באַשטיין סיי לגבי זיך סיי לגבי דעם אַרום אירן. און ווי אַזוי וועט זי זיך, לפּחות, פאַרטאָפּלען און פאַרדרייפאַכן, אַז די ייִדן פון מזרח־בלאָק, וואָס וואָלטן אפשר געוואָלט קומען, קאָנען נישט קומען, און ווען די ייִדן פון מערב־בלאָק, וואָס קאָנען קומען, ווילן נישט קומען, און האָבן, ווער בשתיקה און ווער אויף אַ הויך קול, ווי אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז חוץ קליינע גרופּן, וואָס וועלן זיך דאָ און דאָרט אַ ריר טאָן, וועלן די מיליאָנען ייִדן בלייבן דורי־דורות, אויב נישט עד־עולם, אין ביידע אַמעריקעס און וועלן, ביי דער אַלץ וואַקסנדיקער אַנדערשקייט ווי עס ברענגט די ראַפּיד פּראָגרעסירנדיקע שפּראַך־אַסימילאַציע, געמישטע חתונות וכדומה, פאַרט זיין איין־און־דאָס־זעלבע פאָלק. צו דעם אָפּמאַך געהערט אויך דער אָנגענומענער טערמינאָלאָגישער פאַרבייט — ביידע אַמעריקעס זענען נישט מער קיין גלות נאָר תפוצות, כביכול ווי אַ דייטש, וואָס וווינט נישט אין בערלין נאָר אין לאָס־אַנדזשעלעס, און אַ פּאָליאַק וואָס וווינט נישט אין וואַרשע נאָר אין שיקאַגאָ, זענען נישט אין גלות, אַזוי איז אַ ייִד, וואָס וווינט נישט אין ירושלים נאָר אין ניו־יאָרק, נישט אין גלות. נו, דער באַשלוס, וואָס איז גלות און וואָס איז נישט גלות, איז נישט אַזוי געוועגדט אין אונדז. פאַראַן אַנדערע, סיי בעלי־בתים און סיי שכנים, וואָס האָבן אַ וואָרט דערביי. אָבער איך וויל מיך איצט באַגרענעצן נאָר אויף דעם, וואָס איז אין אונדז געוועגדט. וועל איך, ברשותכם, דערמאָנען

אַ קליינעם עפּיזאָד: אין בוענאָס איירעס איז פאַראַן אַ שיינע שול, הייסט זי: מדינת ישראל, פרעג איך, ווי אַרום, אָדער צוליב וואָס איז מען געקומען צו אַזאַ נאָמען. דערציילט מען מיר, אַז תחילת האָבן די גרינדערס געוואָלט נאָכגיין אַנדערע שולן דאָרט, וואָס הייסן אויפן נאָמען פון שלום־עליכם, י. ל. פרץ, ח. נ. ביאַליק וכדומה, זענען געווען חילוקי דעות, האָט איינער געזאָגט: מדינת ישראל, זענען אַלע חילוקי דעות בטלם געוואָרן. האָב איך דערפון הנאה געהאַט, האָב אָבער גע־זאָגט: עס איז גוט צו הערן, אַז אַלע יידן האַלטן, אַז דעם פאָלק קומט אַ מדינה, אָבער נאָך בעסער וואָלט געווען צו הערן, אַז אַלע יידן האַלטן, אַז דער מדינה קומט אַ פאָלק, און אַז דאָס פאָלק וועט קומען, וועט עס, פאַרזיכערנדיק די צוקונפט פון דער מדינה, ממילא פאַרזיכערן די צוקונפט פון אַלע אירע קנינים.

## ה

אָבער וואָס העלפט עס, אַז איך האָב געענטפערט און, אויף וויפל איך בין ביכולת, קלאָר געענטפערט, אַז עס איז גובר דער מנהג נישט אויסצוהערן. שוין צו מאָרגנס נאָך מיינע רייד, סיי אין מאָנטעווידעאָ, סיי אין לאָס־אַנדזשעלעס, האָבן צוהערער גענומען מיט מיר פּאָלעמיזירן, און פון דער פּאָלעמיק האָט זיך אַרויסגעהערט, אַז זיי האָבן פון מיין דריי־יִקער תשובה געכאַפּט בלויז עפּעס פון דער ערשטער. האָב איך מיר געטראַכט: מילא, עמאַ־פּזיזא זענען מיר פון לאַנג, און דאָ איז עס אויך אַ מכת מדינה — מען האָט קיין צייט נישט, מען יאָגט אין די קאַרס, אַזוי אַז מען איז אַפילו נישט מקיים בשלימות וואָס ס׳שטייט אין קריאת שמע, דען דאָרט שטייט בפירוש: בלכתך בדרך, און אין אַזאַ כרך גדול, ווי לאָס־אַנדזשעלעס, גייט מען כמעט גאָרנישט. האָב איך מיר שוין אין ניו־יאָרק געהיט מיינע ביינער און מיין ערשטן שמועס ברשות הרבים אַ נאָמען געגעבן: צווישן זאָגן און הערן, און געזען אַ וואָרנצייכן דערינען, וואָס מען האָט דעם נאָמען נישט לייטיש דערהערט און אין דער פּרעסע אַ קאַפּ משנה געווען. און אויב פּרעסע, האָב איך געהאַט אַן אַנדערן נסיון — אין בוענאָס איירעס האָב איך פאַר טויזנטער גערעדט וועגן דריי קשיות: יידישקייט, יידישע קולטור, יידישע ליטעראַטור און, קוקנדיק אויף דער מאַקסימאַלער מאָפּע פון אונדזער געשיכטע, אויסגעברייטעט וואָס איך האָב געהאַט אויסצוברייטן. האָט די דאָרטיקע יידיש־פּרעסע געבראַכט אַ לענגערן דין־וחשבון און דאָס קעפּל אין קידוש־לבנה־אותיות איז געווען: „די הנחה פון קאָנען שאַפן אַ יידישע קולטור אָן דעם יידישן דת — איז אַ פאַלשע". אַזאַ פּסוק האָט מען אין מיין לעקציע, דערצו נאָך ווי אַ בפירושן ציטאַט, נישט געקאָנט ברענגען, ווייל ער איז דאָרט נישט בנמצא. אַזוי ווי אָבער דער קעפּל־מאַכער האָט געהערט וואָס איך האָב נישט געזאָגט, האָט דער דיכטער אברהם זאַק, וואָס האָט זיך סומך געווען אויפן קעפּל, געהאַלטן פאַר זיין חוב זיך — אין נאָמען

פון אַ רבים — צו רעזערווירן פון מיין קוק אויף רעליגיע. ער האָט עס געטאָן דערעפענענדיק אַן אַנדערן רעפּעראַט מײַנעם, און איך האָב מיך געמוזט רעזערווירן פון זיין רעזערוואַציע. איך האָב וועגן דת און וועגן דעם וואָס איך קלער דאַריבער, אין יענער לעקציע, בכלל נישט גערעדט, נישט ווייל איך האָב נישט קיין מיינונג דאַריבער, נאָר ווייל איך האָב מקיים געווען דעם כלל: אַזוי ווי עס איז אַ מצווה צו זאָגן אַ זאַך, וואָס מען הערט זיך צו צו איר, אַזוי איז אַ מצווה נישט צו זאָגן אַ זאַך, וואָס מען הערט זיך נישט צו צו איר. וואָס איך קלער וועגן רעליגיע האָב איך קלאָר געזאָגט זינט מיין מאמר „על הבאר הסתומה״ (איבערן פאַרשטאָפּטן ברונעם), וואָס איך האָב, מיט אַ קאַרגע דרייסיק יאָר צוריק, פּובליקירט, און וואָס פּראָפ׳ עקיבא ערנסט סימאָן האָט באַצייכנט ווי דעם ערשטן דאָקומענט פון אַ ראַדיקאַלן צוריקוועגנד פון דער וועלטלעכער ארצישראלדיקער אינטעליגענציע צו דער אמונה, און האָב עס אויך שפּעטער פיל מאָל געזאָגט אין מיינע אַרטיקלען ביז צום „פּרוזדור״, אַ זשורנאַל פאַרן רעליגיעזן געדאַנק, וואָס איך האָב אין די לעצטע יאָרן, מיט מיינע פריינד יצחק צימערמאַן עליו השלום און פּראָפ׳ שמואל הוגא בערגמאַן שיאריך ימים, אַרויסגעגעבן. אָבער דאָס אַלץ איז מסתמא צו מיינע ברענאָס־איירעסער צוהערער נישט דערגאַנגען. על כל פּנים האָט דאָס נישט געהאַט צו טאָן מיט מיין לעקציע — דאָרט איז נישט געווען נישט יענער ציטאַט און אויך נישט בדומה לו. עס האָט זיך דאָרט געהאַנדלט, צי מעג מען איבערהיפּערן תקופות און ווערטן פון אונדזער געשיכטע, סיי פון אַמאָל־אַמאָל, סיי פון סאַמע היינט און זיך קאָנסטרויִרן אַ געשיכטע, נישט ווי זי איז געווען, נאָר ווי מען וואָלט געוואָלט, אַז זי זאָל האָבן געווען.

ו

בקיצור, איך בעט זיך רחמים אַזוי צו זאָגן: קיינער איז נישט מחויב צו הערן, וואָס איך זאָג, נאָר אויב עמעצער טוט מיר דעם חסד, זאָל ער מיך נישט בלויז הערן, נאָר טאַקע אויסהערן.

[ל׳ תשרי תש״ל]

# דער עולם, נעבעך...

## א

ווען איך, אַ קנאַפּער בעל־מסעות, האָב מיך אַרויסגעלאָזט מעבר־לאוקינוס, כדי זיך צו באַגעגענען מיט ייִדן, — ישובים קרייזן, יחידים — האָב איך געוווּסט, אַז כאָטש איך האָב מיינע טעמעס באַגרענעצט בעיקר אויף ענינים פון קולטור, ליטעראַטור, שפּראַך, וועט מען מיך פרעגן קשיות, וואָס שפּאַנען אַריבער די פּאַר זיך געגעבענע ברייטע גרענעצן. אָבער איך האָב אָנגענומען, אַז די קשיות וועלן האָבן אַ שייכות צום געזאָגטן און נישט צום זאָגער. בעצם, איז עס אויך אַזוי געווען, אָבער געווען אַ בינטל קשיות, וואָס האָבן זיך געבאַמבלט צווישן דעם געזאָגטן און דעם זאָגער, ווי, אַ שטייגער, די קשיא, וואָס מען האָט מיר געשטעלט אין ריאָ־דע־זשאַנעיראָ — איינעם פון די צוהערערס איז געווען קשה מיין דרך רעדן און ער האָט אים אַזוי פאָרמולירט: עס איז געווען אַ לעקציע, וואָס טויג פאַר סטודענטן, אָבער נישט פאַרן עולם, דעם דער עולם נעבעך... און דאָ האָט דער מקשן אָפּגעהאַקט, ווי איינער וואָס קווענקלט זיך, וואָס פאַר אַ גרינגשאַציקער עפּיטעט פּאַסט זיך פאַרן עולם.

## ב

אַזוי ווי פאַר מענטשן דאַרף מען זיך גיכער פאַרענטפערן ווי פאַר גאָט, האָב איך אויסגענוצט דעם נאָענטסטן שעת־כושר און ביי אַ צוזאַמענטרעף פון דאָרטיקן ייִדיש־קולטורישן קרייז, האָב איך מיך אָפּגעשטעלט אויף דער קשיא ווי אַ כלל־קשיא, אָבער געמוזט אָנהויבן מיט אַ באַמערק מכוח דער פּרט־קשיא, אַז איך ווייס, בערך, וואָס מיינט סטודענטן, און אַזוי ווי די קשיא מיינט מסתמא סטודענטן, וואָס לערנען ליטעראַטור, און בעיקר ייִדיש־ליטעראַטור, קאָן עס גריילעך געמאָלט זיין, אַז, זייענדיק אַ לערער פון אַזאַ סאָרט תלמידים, האָב איך מיך צוגעוווינט צו רעדן צו זיי, און די געוווינטקייט לאָזט מיך נישט אָפּ, בשעת איך רעד פאַר די צוהערער, וואָס זענען קיין סטודענטן נישט. פאַרשטייט זיך, אַז איך גופא קאָן נישט און טאָר נישט אַנטשיידן, אויב איך קרענק טאַקע אויף אַזאַ מין אומעלאַסטישקייט, און איך לאָז עס איבער דעם קאָלירקן פּוב־ליקום, פאַר וועלכן עס קומט מיר אויס צו רעדן, נישט לפי הפּראָפּעסיע שלי —

פאַר סטודענטן: נאָר לפי הספּאָרט שלי — פאַרן עולם. אָבער איך מוז מודה זיין, אַז דאָ און דאָרט האָב איך שוין געהערט, אַז די אָדער יענע לעקציע איז געווען האַרטלעך און שווערלעך.

נאָר וואָס דען, עס איז מיר נאָך קיין מאָל נישט אויסגעקומען צו הערן אַ נוסח: עס איז צו שווער געווען פאַר מיר; תמיד איז דער נוסח געגאַנגען: עס איז צו שווער פאַרן עולם, אָדער לפּחות: פאַרן רוב עולם. נאָך מער, נישט איין מאָל איז דער נוסח געווען: מילא, איך דאַרף דאָך אייך נישט זאָגן, אַז איך, און אפשר נאָך אַ פּאָר געציילטע, האָבן הנאה געהאַט, אָבער, בעוונותינו הרבים, דער עולם, דער עולם... אַזוי־ווי אַזאַ איינווענדער איז, געוויינטלעך, געווען אַ בר־דעת, האָב איך, אַפילו ביי מיר אין האַרצן, נישט אָפּגעפרעגט זיין זיכערקייט, אַז ער פאַרשטייט מער פון אַנדערע, בפרט אַז דאָס וואָס איך רעד, איז לא בשמים הוא; אָבער איין מאָל האָט זיך געטראָפן, אַז ראובן איז געקומען מיט דער דערמאָנטער טענה, אַז פאַר אים איז די לעקציע גוט געווען, אָבער נישט פאַרן עולם. האָב איך אים אַ פרעג געטאָן: אַ שטייגער, ווער פונעם עולם. האָט ער מיר געזאָגט: אַ שטייגער, שמעון. גייט נישט אַוועק אַ פּאָר מינוט, קומט שמעון מיט דעם זעלבן פּזמון, אַז פאַר אים איז די לעקציע גוט געווען, אָבער נישט פאַרן עולם. האָב איך אויך אים אַ פרעג געטאָן: אַ שטייגער, ווער פונעם עולם; האָט ער מיר געזאָגט: אַ שטייגער, ראובן. אַזוי ווי איך האָב אָבער געוווסט, אַז בדרך כלל רעד איך נישט קיין סתרי־תורה און צעלייג אַלץ אויף טעלערלעך, פּונקט ווי איך האָב געוווסט, אַז סיי ראובן סיי שמעון האָבן מיך פאַרשטאַנען, אויף וויפל עס איז אין מיינע רייד געווען וואָס צו פאַרשטיין, האָב איך ביי מיר אָפּגעפאַסט, אַז סוף־סוף באַשטייט דער עולם פון ראובנס און שמעונס, און די דיסקרימינאַציע צווישן זיי האָט נישט קיין איבעריק גרויסן האַפט.

## ג

און נאָך עפּעס: איך בין מער און לענגער שרייבער ווי רעדנער, און וואָס מען האָט פריִער געזאָגט אויף דעם, וואָס איז כביכול מיין תורה־שבכתב, האָט מען שפּעטער געזאָגט אויף דעם, וואָס איז כביכול מיין תורה־שבעל־פה. בין איך דאָך זעקס און צוואַנציק יאָר געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער זשורנאַליסט און גע־אַרבעט אין רעדאַקציע פון „דבר“, דעם אָרגאַן פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־שאַפט אין ארץ־ישראל; אַ טאָגבלאַט, וואָס האָט אין די צייטן, ווען זיינע הויפּט־רעדאַקטאָרן זענען געווען בערל קאַצענעלסאָן און זלמן רובאַשאָוו (היינט: שזר, דער פּרעזידענט פון מדינת־ישראל), נישט בלויז אויסגעפורעמט דעם מענטאַל־מאָראַלישן און סאָציאַל־פּאָליטישן כאַראַקטער פון זיין לייענערשאַפט, נאָר זיי

אויף געגעבן אַ שפּראַך, אַ נוסח, אַ סטיל. בערל קאַצענעלסאָן אין „דבר" האָט געהאַט אַן אַנדערן דרך פון אב. קאַהאַן אין „פאָרווערטס" און דערמאָנענדיק אַ מאָל, אין אַ שמועס, דעם רעדאַקטאָר פון דער דעמאָלט פאַרשפּרייטסטער ייִדישער טאָגצייטונג אויף דער וועלט, האָט ער געזאָגט: וועגן אב. קאַהאַן דערציילט מען אַז ער זאָגט, אַז אויב משה גולם וויל לאָקשן, זאָל מען אים נישט זינגען קיין זמירות, אָבער משה איז גאָרנישט אַזאַ גולם, נייערט אַ בלאָט, וואָס באַהאַנדלט אים פאַר אַ גולם, קאָן אים טאַקע מאַכן פאַר אַ גולם. נאָך מער, ב. קאַצענעלסאָן האָט זיך ביז גאָר אינטערעסירט מיט אב. קאַהאַנס שפּראַך־פּאָליטיק, בעיקר מיט זיין פליין־ייִדיש, כדי אָפּצולערנען אַ גזירה־שווה פאַר זיין צייטונג, האָט אָבער אָפּגעלערנט קאַפּויער, און האָט געזאָגט: די צרה איז נישט די דרדקי, נאָר וואָס מען האַלט צו לאַנג דערביי, און מען יאָגט דעם תלמיד נישט אונטער פון חומש מיט רש"י צו אַ בלאַט גמרא. און נאָך אַ גרעסערע צרה איז וואָס דער מלמד אַליין געוווינט זיך צו זיין סאָרט קנעלן, און בלייבט גופא שטעקן אין אים, און וויל די תלמידים, כאָטש זיי זענען שוין אויסגעוואַקסן און שניידן זיך שוין אויף בר־מצווה־בחורלעך, נישט אַרויסלאָזן פון דער כיתה זיינער, און ער מיט זיי פאַרגריזנען אין דער דרדקי.

נאָך עפּעס, בערל קאַצענעלסאָן האָט אויך געהאַלטן, אַז אונדזער טאָג־פּרעסע דאַרף נישט פאַרלייקענען איר יחוס, דהיינו, אַז זי איז אַרויסגעוואַקסן פון אַ וואָכנבלאַט, און דאַרף אָפּהיטן די מסורה זיינע, בפרט אַז אין די אָנהייב־יאָרן פון „דבר" זענען קיין זשורנאַלן נישט געווען, און אַ המשך פון יענער מסורה האָט דעם חסרון ממלא געווען. אַזוי אַרום האָבן די רובריקן, ווי מען האָט אָפּגעהיטן, אָדער לפּחות געוואָלט אָפּהיטן, די כללים פון אַ מאָדערנער אַקטועלער טאָגצייטונג, געווען שכנים פון אַנדערע רובריקן, ווי עס איז געגאַנגען אַ גאַנץ אַנדערע קאַטעגאָריע פון שרייבן, ווי עס פּאַסט פאַר אַ קריטישן אָדער פאָרשערישן אָרגאַן. אויף אַזאַ צייטונג האָט זיך געכאָוועט אַ דור, און דוכט זיך גאָרנישט קיין שלעכטער דור, אויב ער איז פעיק געווען אויפצוטאָן וואָס ער האָט אויפגעטאָן.

ד

דאָס איז געווען די אַטמאָספער אין „דבר" ווען איך בין, מיט צוויי און פערציק יאָר צוריק, געקומען אַרבעטן אין דער רעדאַקציע. איך בין אין דעמאָלטיקן שטאַב געווען דער ייִנגסטער, און אפשר טאַקע דערפאַר דער עקסטרעמסטער, בעיקר וואָס שייך חיתוך־הלשון. דער זשורנאַליסט, האָב איך געקלערט, ווי אַ שרייבער דאַרף זען פאַר זיך אַ הויך, צו וועלכער ער מוז אַרויפקלעטערן און נישט אַ נידער, צו וועלכער ער מעג אַראָפּקריכן. און די פּרעטענסיעס זענען געווען גרויסע — די עסייִסטישע און פּובליציסטישע הויך פון אחד־העם און ביאַ־

ליק, פֿאַרשטייס זיך נישט אין ספּעציפֿישן, וואָס איז איינמאָליק, נאָר אין די עלע־מענטן, וואָס קאָנען אַריין אין כּלל־באַנוץ. זיי און נישט דער כאַפּ־לאַפּ־רעפּאָר־טער אָדער דער אַגיל־וואשמח־פּעליעטאָניסט דאַרפֿן צו זיין די שול, פֿון וועלכער עס קאָן אַרויס סיי אַ רעפּאָרטער סיי אַ זשורנאַליסט, וואָס איז מסוגל צו זיין, וואָס ער דאַרף צו זיין — אַ דערציִער, וואָס לאָזט נישט דעם תּלמיד זיינעם יאָרן לאַנג קוואַסען אין דער קליינער כּיתה, נאָר פֿירט אים אַלץ ווייטער און העכער און באַהאַנדלט אים נישט ווי אַן אייביק פּיצל קינד, נאָר ווי אַ דערוואַקס־סענעם מענטש. דער פּראַקטישער רעצעפּט איז דערפֿאַר געווען: אַ לייטיש ניוואָ, אַ סאָלידער באַהאַנדל, אַ ריגאָראָזע שריפֿטשפּראַך, און איך האָב מיך געפֿלייסט, אויף וויפֿל עס האָט מיר געסטייעט מוט און כּוח, דעם פּראָגראַם נאָכצוגיין.

אַזוי ווי איך בין געווען אַ לייענער פֿון דער ייִדישער פּרעסע און אויך אַ מין ממונה איבער איר, האָב איך מיך אַריינגעקלערט סיי אין איר וואַרשעווער און סיי אין איר ניו־יאָרקער נוסח. קודם־כּל איז מיר אויפֿגעפֿאַלן דער פּונקט פֿאַרקערטער דרך, פֿון דעם וואָס איך האָב געהאַלטן פֿאַרן רעכטן דרך, און איך האָב מיך נישט געקאָנט געננוג מתרעם זיין אויף דער שיטה פֿון צוויי פּענעס — דער זעלבער מחבר שרייבט אין דעם זעלבן בלאַט מיט איין פּען, און חתמענדיק מיט זיין אמתן נאָמען, קונסט פֿאַר פֿיינשמעקער וואָס האָבן, מסתּמא, אַ נשמה פֿון באַטיסט, און מיט דער אַנדערער פּען, און חתמענדיק מיט דריי שטערנדלעך, שרייבט ער שונד פֿאַר עמך, וואָס האָבן, ווייזט אויס, אַ נשמה פֿון קליאַטשע. נישט בעסער האָט מיר געשמעקט די שיטה פֿון צוויי יריעות — איין יריעה, ווו שרייבער־ממש שרייבן ראָמאַנען־ממש פֿאַר ר׳ משה, און די אַנדערע יריעה, ווו כּמו־שרייבער שרייבן כּמו־ראָמאַנען פֿאַר משה־גולם. די טריוויאַליזאַציע איז מיר נישט איינגעגאַנגען, נישט בלויז ווייל זי איז וואָס זי איז, נאָר אויך ווייל זי מאַכט דעם אָנשטעל פֿון פּאָפּולאַריזאַציע, און דער סוף פֿון יעדן אָנשטעל, ווי דער סוף פֿון יעדן ליגן, איז כּולו היזק.

ה

דערוואַקסענע זענען נישט קינדער — דאָס איז דער כּלל גדול פֿון אַ יעדן סאָרט דערציִערישן צוגאַנג. און איך ווייס, בערך, וואָס קינדער זענען. און נישט בלויז ווייל איך בין אַ טאַטע און אַ זיידע, נאָר אויך ווייל איך האָב געשריבן פֿאַר קינדער און צווישן מיינע געזאַמלטע כּתבים, וואָס האַלטן אַרויסגעגעבן צו ווערן, איז אויך דאָ אַ באַנד געקליבענע זאַכן, וואָס איך האָב געדרוקט אין דער קינדער־פּרעסע. אָבער אַנדערש רעדט זיך צו קינדער און אַנדערש רעדט זיך צו דער־וואַקסענע. אַוודאי זענען צווישן דערוואַקסענע דאָ פֿאַרשיידענע קאַטעגאָריעס — סיי אין אינטעלעקטועלן סיי אין מענטאַלן זינען, אָבער רעדן דאַרף מען צו זיי

ווי צו זיך אַליין, און דער מאַקסימאַלסטער וויתור איז אַנצונעמען אַ געגוג הויכן דורכשניט, פון וועלכן מען טאָר נישט אַראָפּ און מען מעג בלויז אַרויף. ווי ווייט דאָס קאָן קאָמפּליצירט זיין, וועל איך דערקלערן מיט אַ מעשׂה שהיה, אָבער דערצו אַ קליינע הקדמה. פון יאָר 1933 און ווייטער האָט געשטראָמט אַ גרעס־סערע עליה פון דייטשלאַנד, וואָס האָט געבראַכט אַן אינטעליגענטן עלעמענט, וואָס קאָן זיך אַן אַ טאָגצייטונג נישט באַגיין, און אַזוי איז אַנטשטאַנען אַ דייט־טשישע פּרעסע, וואָס עקזיסטירט עד־היום, פּונקט ווי עס זענען מיט דער צייט, בפרט מיטן גרויסן עליה־שטראָם נאָך דער מלחמה, אַנטשטאַנען אַ רומענישע, אונגאַרישע, בולגאַרישע פּרעסע וכדומה. אמת, עס איז אַ פּרעסע פאַר איין דור, ווייל די קינדער זייערע וועלן זי שוין מער נישט לייענען. די קשיא איז געווען, צי דאַרפן מיר מוותר זיין אויף דעם איינעם דור, בפרט, אַז אויך ער האָט זיך געוואָלט און אויך געדאַרפט שפּראַכלעך אינטעגרירן. און ווער עס האָט נישט געזען, מיט וואָס פאַר אַ מסירות די יעקעס האָבן זיך גענומען לערנען העברעיִש, האָט קיין מסירות אין דעם דאָזיקן תחום נישט געזען. אַזוי, אַ שטייגער, האָט זיך דער באַקאַנטער עקאָנאָמיסט פּריץ נפתלי (נאַפטאַלי) פאַרשלאָסן אין דער שטוב זיינער און חדשים־לאַנג געקנעלט העברעיִש (ער האָט, למשל, געלערנט אויסנווייניק זיינע אַרטיקלען: קאַפּיטלען אין דער וועלט־עקאָנאָמיע, וואָס איך האָב פון זיין כתב־יד איבערגעזעצט). און אַז ער איז אַרויס אויף דער גאַס, האָט ער געקאָנט זיך פאַרשטענדיקן, און ווי ווייט דאָס איז געגאַנגען, האָט מען געקאָנט אָפּלערנען פון זיין אַקטיוון אָנטייל אין די פיל אינסטיטוציעס, וווּ ער איז געווילט און באַשטימט געוואָרן. אַזאַ איבערגעגעבנקייט האָבן, אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס, אַרויסגעוויזן הונדערטער, טויזנטער, און מיר האָבן באַטראַכט פאַר אונדזער חוב דעם דאָזיקן פּראָצעס צוצוהעלפן — האַרט נאָכן אָנהייב פון דער וועלט־מלחמה האָט „דבר" מיט דער הילף פון קולטור־אָפּטייל פון הסתדרות־העובדים איניציִירט און באַגרינדעט אַ געפּינטלטע טאָגצייטונג, וואָס האָט געהייסן „הגה" און איז געווען באַשטימט בעיקר פאַר דער דייטשישער עליה. איך האָב זי עטלעכע יאָר רעדאַקטירט — משמע, איך האָב זי, חוץ די טעלעגראַמעס, אין גאַנצן געשריבן אָדער איבערגעשריבן, און האָב אין מיין לעבן נישט געהאַט אַזאַ שווערע אָבער באַפרידיקנדיקע האַרעוואַניע.

שווער — עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן אינטעלעקטועלן לייענער, וואָס איז געווען געוווינט צו אַ צייטונג פון ניווֹאָ און פאָרמאַט, און איך האָב טאָג־טעגלעך באַדאַרפט צו שטיין פאַר אַ סתירה־מניה־וביה: מאַקסימום תוכן מיט אַ מינימום מיטל, מאַקסימום הויך מיט מינימום שפּראַך. די שפּראַך האָט באַ־דאַרפט צו זיין אַ לייכטע, אָבער נישט קיין ביליקע, דער סטיל האָט באַדאַרפט צו זיין אַ פלאַטער, אָבער נישט קיין הפקרדיקער.

באַפרידיקנדיק — איך קאָן מיט פולן אַחריות זאָגן, אַז איך און מײַנע חברים, האָבן אָפּגעהיטן אויך דאָ, מיט אַ פּעדאַגאָגישן צופּאַס, די פּרינציפּן, װעלכע מיר האָבן אָפּגעהיטן אין „דבר״, און מיר דערװעגן זיך אַפילו צו גרויסן, אַז עס איז אונדז דאָ, בזעיר אַנפּין, געלונגען אַ מין קוואַדראַטור פונעם ראָד.

ו

און דער עיקר: נישט מיר האָבן געװאָלט בלײַבן אײביקע דרדקי־מלמדים און נישט מיר האָבן געװאָלט אונדזערע לײענער זאָלן בלײַבן אײביקע דרדקי־תלמידים; מיר האָבן זיך און זײ טאָג־טעגלעך געטריבן אַרויף, און זײ זענען אַרויף — גאָר אָפּט באַגעגנט מיך אַ געװעזענער לײענער, װאָס איך בין, מכוח דעם „הגה״, געװען זײַן אַלף־בית־מלמד און ער דערמאָנט מיט דאַנק די דאָזיקע ערשטע הילף, װאָס עס האָט אים דערלאַנגט דאָס געפּינטלטע בלעטל. און אויב מיר האָבן מצליח געװען, איז עס קודם־כל דערפאַר, װאָס מיר האָבן אָפּגעהיטן די אזהרה: װאָס גיכער אין אַ העכערער כיתה אַרײַן. און אויב דער כלל איז מחײב אַ בלעטל, װאָס איז בכיוון באַשאַפן געװאָרן, אַז דער לײענער זאָל עס נישט לאַנג באַדאַרפן, איז עס דאָך שוין אָפּגעשמועסט, אַז זי איז טאָפּל מחײב אַ בלאַט, װאָס דאַרף באַלײטן דעם לײענער זײַן לעבן לאַנג. איז אָבער די צרה, אַז די זשורנאַליסטן פאַרגעסן אין גרויסן כלל: אַ צו לאַנגער דרדקי איז אַן אײביקע עמי־הארצות, און זײ פאַרגעסן עס, װײל זײ האָבן כביכול רחמנות: דער עולם נעבעך.

[י׳ טבת תש״ל]

## פיר קשיות — פיר תשובות

**דער געפרעגטער איז געווען מיין ווייניקייט, דער פרעגער יעקב יאָזעליט, אין נאָמען פון דער רעדאַקציע „בצרון", און די תשובות זיינע זענען טאַקע דאָרט אָפּגעדרוקט געוואָרן (העפט ב׳, כסלו־טבת תש"ל), און מעגלעך, אַז אויב דער ענין האָט געקאָנט אינטערעסירן אין ניו־יאָרק, קאָן ער אויך אינטערעסירן אין תל־אביב.**

**א**

וואָס איז דער חילוק צווישן דעם, וואָס איר האָט זיך פאָרגעשטעלט פריער, און דעם, וואָס איר האָט געזען איצט, בנוגע יידישקייט און יידן, זייענדיק אין ביידע אַמעריקעס און אין קאַנאַדע?

**ניין, איך בין נישט גרייט כאַפּ־לאַפּ צו ענטפערן אויף דער קשיא אין איר גאַנצן פאַרנעם, אָבער אויב איר ווילט זיך באַנוגענען מיט איין גרויס וואָגיק פּראָבלעם, וואָס האָט פאַרנומען מיין עיקר אויפמערק, וועל איך פּרווון ענטפערן. דאָס פּראָבלעם איז דער ענין פון אונדזערע אייגענע היימישע שפּראַכן און זייער מעמד און כאַראַקטער אין היגן לעבן.**

**דאָס בילד וואָס איך האָב מיר דערפון און דערוועגן אויסגעפורעמט, האָב איך קודם־כל געהאַט צו פאַרדאַנקען מיין שטענדיקער לעקטור פון דער לעבעדיקער ליטעראַטור און דער אַקטואַלער פּרעסע, אין ביידע אַמעריקעס און קאַנאַדע, מיינע שמועסן און באַגעגענישן מיט מענטשן, בעיקר שרייבער פון די דאָזיקע לענדער, בשעת זייערע באַזוכן ביי אונדז, און מיין פאַרצווייגטע קאָרעספּאָנדענץ מיט זיי און אַנדערע. אמת, דאָס כלל־בילד, וואָס איך האָב מיר, אויף דעם דרייַיִקן סמך, דערוואָרבן, איז גרונטיק נישט אַנדערש פון דעם, וואָס איך האָב דאָ פּנים־אל־פּנים געטראָפן. אָבער אינה דומה ראייה לשמיעה, טייטש: זען און הערן זענען פאָרט צוויי באַזונדערע זאַכן, און וואָס דאָס אויער דערכאַפּט נישט, דערכאַפּט דאָס מער אַרומנעמערישע אויג, און עס איז איבעריק צו באַטאָנען, אַז די איינדרוקן פונעם אויג, וואָס זעט פון דער נאָענט, זענען שאַרפער ווי די איינדרוקן פונעם אויג, וואָס לייענט פון דער ווייטנס.**

אָבער איך בין מחויב אונטערצושטרייכן, אַז מײַנע אײַנדרוקן באַשרענקען זיך אויף מײַנע קאָנטאַקטן, וואָס זענען נישט אַריבער די גרענעץ פון יחידים און גרופּן, וועלכע באַנוצן זיך מיט אונדזערע אייגענע לשונות, דען צו זיי בין איך געקומען און זיי האָב איך אויפגעזוכט. דאָס מיינט, אַז איך האָב מיך ממשדיק נישט באַגעגנט מיט יענעם גרויסן, און צום מייסט אויך אַנטשיידנדיקן, רוב ייִדן, אין די דאָזיקע לענדער, וואָס באַנוצן נישט מער די שפּראַכן פון אונדזער פאָלק, ווייל זיי באַנוצן בלויז די פרעמדע שפּראַך (ענגליש, שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש), וועלכע זענען זייער עיקרדיקע, און צום מייסט אויך איינציקע, לעבעדיקע אויס־און אײַנדרוק־שפּראַך. מחמת דעם דערלויב איך מיר נישט אַרויסצוזאָגן אַ דעה וועגן דעם דאָזיקן רוב אין אַנדערע תחומים, אָבער דער עצם פאַקט, אַז אַזוי שטייט עס מיט אונדזערע אייגענע שפּראַכן, איז דאָס ביטערסטע איבערלעבעניש מײַנס אויף מײַן נע־ונד איבער די דאָזיקע לענדער, בפרט אַז עס איז אַ פּראָצעס, וואָס די דאַמבעס אים אָפּצושטעלן אָדער צו פאַרקלענערן, זענען ווייניק און שוואַך לגבי דעם כּוח פון זײַן אַלץ וואַקסנדיקן אויסשפּרייט. אַוודאי איז פאַראַן אַ חילוק צווישן די לענדער אין דרום־אַמעריקע און די לענדער אין צפון־אַמע־ריקע. אָבער מעגלעך, אַז עס זענען, צו אונדזער צער, גערעכט די וואָס טענהן, אַז עס איז בלויז אַ חילוק פון, בערך, אַ האַלבן יובל יאָרן. און די קשיא איז, וואָס איז דער שטאַרקערער גורם אין דעם פּראָצעס, צי דער כּלל־גורל פון די נאַציאָנאַלע מיעוטים, וואָס זייער שפּראַכלעכע אייגנקייט ווערט, אין פאַרשיידענע פּראָפּאָרציעס אָבער אין אַ שטענדיקער דעצעסיע, אַלץ מינדערער און מאָגערער, אָדער דער באַזונדערער גורל פונעם ייִדישן מיעוט, וואָס האָט זיך נאָך אין איי־ראָפּע באַוויזן אויף דער ליניע פון דער מסוכנסטער אַסימילאַציע, און דאָס איז נישט די אידעאָלאָגישע און פּראָגראַמאַטישע, נייערט די אויטאָמאַטישע ממילאַ־דיקע שפּראַך־אַסימילאַציע. מעגלעך, אַז מיר האָבן דאָ פּאָר זיךביידע פאַקטאָרן פון דעם פּראָצעס, און מחמת דעם איז די סיבה אַ גרעסערע און אַ שווערערע. על־כּל־פּנים, איז דאָס אַ טייל פון דער שוידערלעכער דערשיינונג, אַז היינט־צו־טאָג רעדט שוין דער רוב ייִדן אויף דער וועלט נישט מער זייער אייגענע שפּראַך, און די איבערמאַכט פון דער פרעמדער שפּראַך ווערט אַלץ אַבסאָלוטער.

אין פלוג וואָלט איך מיך, אויף דעם לאַנגן וועג מײַנעם, געקאָנט טרייסטן מיט די טויזנטער עלטערע ייִדן, צו וועלכע איך האָב גערעדט ייִדיש, און די הונ־דערטער ייִנגערע ייִדן, צו וועלכע איך האָב גערעדט עברית, בעיקר אין אַר־גענטינע. אָבער עס פרעגט זיך, אויב דאָס איז אַ בת־קול פון נעכטן אָדער אַ בשורה אויף מאָרגן, און די קשיא איז חל נישט בלויז אויף מאַנהעטן, ווו איך פיל מיך פרעמד, נאָר אויך אויף בראָנקס, איסט־סייד, באָראָ־פּאַרק, ווו איך פיל מיך היימיש. אמת, איינער פון מײַנע פריינד האָט געפּרוווט מיך איינגלויבן, אַז

עס איז פאַראַן אַ נייער טיפּ פון אַ ייִדן, וואָס קאָן אויך זיין אַ פולער און גאַנצער ייִד, כאָטש זיין גייסטיק לעבן שטעקט אין גאַנצן אין דער פרעמדער שפּראַך. אָבער איך האַלט נאָך אַלץ פון דער סברה, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין ייִדישע פּולקייט און גאַנצקייט, אויב מען לעבט נישט אַ ייִדיש קאָלעקטיוו לעבן, וואָס זיינע קאָמפּאָנענטן זענען די אמונה פון פאָלק, זיין געשיכטע, זיין לאַנד, זיין שפּראַך. נו יאָ, אויב דער גרויסער דובנאָוו האָט מיט אונדז געקנעלט, אַז מיר זענען העכער פון אַנדערע פעלקער, ווייל כדי צו דערהאַלטן אונדזער אייביקייט דאַרפן מיר כביכול נישט האָבן קיין אייגן לאַנד, קאָן אַ קלענערער דובנאָוו וועלן אונדז איינרעדן, אַז מיר זענען בילעכערער פון אַנדערע פעלקער, ווייל כדי צו דער־האַלטן אונדזער אייגנקייט דאַרפן מיר כביכול נישט האָבן קיין אייגענע שפּראַך; אַזוי אַז עס קומט אויס, דאָס יענע, וואָס דאַרפן סיי אַן אייגן לאַנד און זיצן דאָרט און סיי אַן אייגענע שפּראַך און באַנוצן זי, זענען מיני נעבעכלעך. אַזוי איז שוין דער דרך פון אַ לאָגיק, וואָס אויב זי קרימט זיך אויס, האָבן שוין אירע דריידלעך קיין שיעור נישט.

נאָר לאָמיר אָפּלאָזן דעם קרומען שׂכל און זיך אומקערן צום שׂכל הישר — דאָס איז יענער גוטער און גלייכער שׂכל, וואָס שטייט־ביי אַלע די, וואָס זאָרגן זיך ערלעך צו דערציִען זייערע קינדער אין אונדזערע אייגענע שפּראַכן. איך האָב באַשיימפּערלעך געזען, בעיקר אין אַרגענטינע, וויפל מסירת־נפש עס פאָדערט זיך, כדי אַרומצונעמען אַפילו דעם מיעוט, וואָס עס האָט זיך דאָרט דעם ייִדישן חינוך איינגעגעבן אַרומצונעמען, און דאָס האָב איך אויך, אין אַ גאָר קלענערער מאָס, געזען דאָ, אין צפון־אַמעריקע, און איך האָב מיך שוין באַנוצט מיטן משל פון אַ מאַמען, וואָס אירע אָרעמס זענען נישט בכוח אַרומצונעמען אַלע אירע קינדער, און אַפילו די, וואָס זי נעמט יאָ אַרום, גליטשן זיך אַרויס פון איר. אָבער דאָ לאָקערן דריי צרות. די ערשטע צרה — די, וועלכע עוסקן זיך אין ייִדישן חינוך, האַלטן פון זיך אַ וועלט און פּאַטשן זיך אין בייכל און זענען גאָרנישט פּאַכאָפּנע צו הערן, ווען מען דערמאָנט זיי, ווי איך האָב זיי דערמאָנט אין בוענאָס־איירעס: אייער איבערגעגעבנע מי נעמט אַרום צוואַנציק פּראָצענט פון די קינדער, און ממילא זענען אַכציק פּראָצענט איבערגעגעבנטפערט צו דער שפּראַכ־לעכער אַסימילאַציע, און אויב אַזוי, איז די עיקר שאלה, צי אין אַ יאָר צוויי אָדער דריי אַרום וועט אייער מי אַרומנעמען צוואַנציק און אַ האַלב פּראָצענט, אָדער, חלילה, בלויז ניינצן און אַ האַלב פּראָצענט. די צווייטע צרה — דער שפּראַכן־קאַמף גייט זיך ווייטער אָן, גלייך עס וואָלט זיך גאָרנישט איבערגעאַנדערשט, שטאָט אַלע עלעמענטן, וואָס פאַרשטייען די גרויסע סכנה, זאָלן זיך צוזאַמענבינדן צו אַ פאַראייניקטן פראָנט קעגן דער שפּראַך־אַסימילאַציע. די דריטע צרה — די פּאַרטיי־פּאָרמאַציעס, וואָס האָבן זיך שוין לאַנג אויסגעהוילט פון אַ ממשות־

**דיקן תוכן, פֿאַרבאַריקאַדירן זיך, ווער אונטער איין שפּראַך אונדזערער און ווער אונטער דער אַנדערער שפּראַך אונדזערער, בשעת זיי זענען באמת בלויז גע־וועזענע, סיי ווען זיי רופֿן זיך ציוניסטן סיי ווען זיי רופֿן זיך בונדיסטן וכדומה. איך האָב געפּרוּווט צו רעדן סיי צו די, סיי צו יענע, און איך בין מודה, אַז איך בין מיואש פֿון די אַלטע און האָב מיך געווענדט צו די יונגע, און וועל אָפּוואַרטן, וואָס דערפֿון וועט אַרויסקומען.**

## ב

וואָס קלערט איר וועגן דער שאַפֿונג אין אונדזערע שפּראַכן, עברית און יידיש, אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן?

אויב שאַפֿונג מיינט ליטעראַטור, און בעיקר שיינע ליטעראַטור (פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע, עסיי), האָבן מיר צו טאָן מיט אַ בולטן און קענטיקן קריזיס, וואָס דריקט זיך אויס אין דער קליינער צאָל שרייבער און ביכער. די קשיא איז, אויב דער קריזיס, וואָס שטאַמט אויך פֿון דער אויבערהערשאַפֿט, קלאָרער געזאָגט, פֿון דער אויסאָקראַטיע פֿון דער פּרעמדער שפּראַך, איז אַ קאָמאַ אָדער אַ פּונקט, אַ מיט פֿון פּסוק אָדער אַ סוף־פּסוק. אַוודאי איז פֿאַראַן אַ גרויסער חילוק צווישן דער יידיש־ליטעראַטור, וואָס עס האָבן זיך אַרום איר געפֿאָרעט אַ סך שרייבער און אַ סך לייענער, און דער עברית־ליטעראַטור, וואָס האָט תמיד פֿאַרמאָגט ווייניקער שרייבער און ווייניקער לייענער, און דער חילוק מערקט זיך אויך איצט. אָבער דער צד השווה איז, אַז סיי דער „הדואר" אָדער „בצרון" פֿון איין זייט, סיי די „צוקונפֿט", אָדער „יידישע קולטור" פֿון דער אַנדערער זייט פֿאַרמאָגן נישט קיין נייע יונגע מיטאַרבעטער, וואָס זענען דאָ הי געבוירן, אָדער האָבן זיך דאָ הי געכאָוועט, אַזוי אַז דער דורכשניטלעכער עלטער וואַקלט זיך צווישן פֿופֿציק און זעכציק, און דער יוצא מן הכלל באַשטעטיקט דעם כלל. נאָך עפּעס: אַזוי ווי עס זענען פֿאָרט פֿאַראַן יידישע און העברעיִשע חינוך־אינסטיטוציעס, וואָלטן זיי דאָך באַדאַרפֿט צושטעלן כאָטשבי אַ מינימאַלן קאַדער פֿון נייע שרייבער, וואָס זאָלן שרייבן יידיש אָדער העברעיִש, אָדער ביידע. שטעלט זיך אַרויס, אַז עס איז לחלוטין נישט אַזוי; וואָס עס רעקרוטירט זיך פֿון זיי זענען אָפּטימאַל פֿאָרשער, און עס שמועסט זיך טאַקע, אַז די צאָל פּראָפֿעסאָרן פֿאַר עברית־ליטע־ראַטור, און צום טייל אויך פֿאַר יידיש־ליטעראַטור, וועט אין גיכן איבערשטייגן די צאָל פֿון שרייבער אין די דאָזיקע לשונות, און די צאָל פֿון די יינגערע פּראָ־פֿעסאָרן איז שוין איבערגעשטיגן די צאָל פֿון די שרייבער אין זייער עלטער. און מ'טאָר נישט פֿאַרגעסן, אַז ביידע ליטעראַטורן האָבן זיך בעיקר געשפּייזט פֿון די עמיגראַציע־כוואַליעס, אַריינגערעכנט די לעצטע עמיגראַציע פֿון שרייבער, וואָס

**האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון אומקום, און געשטאַרקט די פּאָזיציעס פון דער ייִדיש־ליטעראַטור, אָבער נישט די פּאָזיציעס פון דער עברית־ליטעראַטור, דען אויב מיר זאָלן אַראָפּרעכענען דאָס ביסל דערוויילִיקע און שטענדיקע געסט פון ישראל, דערונטער בעיקר די, וואָס האָבן פאַרגעסן דעם פּריערדיקן הייזנומער זייערן, איז דער עברית־ליטעראַטור זייער ווייניק צוגעקומען, בפרט אַז די בעסטע אַמעריקאַנער שרייבער אירע (רעגעלסאָן, האַלקין, אפרת) האָבן זיך באַזעצט אין מדינת ישראל. אמת, פון מאָל צו מאָל טוט דאָ אַ פלימער עפּעס וואָס זעט אויס ווי אַ באַוועגונג פון אַ ייִנגערער ליטעראַטור, אָבער עס איז אַפילו נישט קיין מעטעאָרע דערשיינונג, און אַזוי ווי זי לעשט זיך געווייִנטלעך אויס איידער זי האָט לייטיש אויפגעלויכטן, איז עס אַ קנאַפּע נחמה. דער רעוואָלט פון אַ טייל יוגנט, וואָס פאָדערט אַן איבערקערעניש אָדער, לפחות, ראַדיקאַלע שינויים אין ייִדישן חינוך, לטובת די ווערטן פון פאָלק און זייער דערהאַלט, וואָלט באַדאַרפט קודם כל צו פירן דערצו, אַז זי, די יוגנט גופא, זאָל זיך אַליין אומקערן צו אונדזערע שפּראַכן, כדי צו באַנייען זייער שאַפערישקייט. אָבער עס פרעגט זיך, צי דער גאַנצער רעוואָלט איז נישט אַ ביצה בת־יומה, און איך מוז מודה זיין, אַז פון דער ייִדישער פרעסע איז שווער אין דעם ענין, ווי אין אַלע ענלעכע ענינים, קלוג צו ווערן. איך בין כלל נישט מסופק, אַז אויב די יוגנט זאָל זיך באמת אויפכאַפּן, וועט זי די זאַכן זען ווי זיי זענען, און נישט ווי די אינ־סטיטוציעס שטעלן זיי אַנידער, און זי וועט טאַקע אַליין דערזען און אויך אַנדערע ווייזן, וואָס איז פאַרהוילן פאַרן עסטאַבלישמענט, ווייל דאָס אויג זיינס זעט זיי נישט; אָדער ווערט פון אים פאַרהוילן, כאָטש דאָס אויג זיינס זעט זיי, און אַזוי אַרום וועט זיך די יוגנט דרייסט און אָפן אָפּשטעלן אויפן קאָמפּלעקס פון עצם ייִדישן קיום אין דעם גרויסן גלות. על כל פנים ליגט אין אירע הענט דער שליסל צום וועג פון לעבן און פון שאַפערישקייט, און פון איר איז געווענדט, וואָס וועט גובר זיין, צי דער איצטיקער אינערטישער גאַנג — די ירידה פון די אייגענע שפּראַכן — צי אַ נייער, רעוואָלוציאָנערער גאַנג — אַן אומקער צו די אייגענע שפּראַכן. אָבער אַן אומקער לאָזט זיך נישט טיילן — אַן אומקער באַטייט שלימות. און דאָ קומט, בעצם, די גרויסע מחלוקה, וואָס די טענדענץ זיך אויסצודרייען פון איר, איז איינע פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דעם היגן ציבור, זיינע פירער און עסקנים.**

**ג**

וואָס פאַר אַ רושם האָט איר, פּאָזיטיוו אָדער נעגאַטיוו, פון די צוהערער פון אייערע לעקציעס אין ייִוואָ און אין אַנדערע ערטער?

**ראשית, ווער עס קומט רעדן אין רשות הרבים, איז נישט חשוב זיין רושם,**

נאָר דער רושם פון זיינע צוהערער, און אַזוי ווי איך האָב באַמערקט, אַז זיי, די צוהערער, געגעצן נישט און דרעמלען נישט, נאָר זיצן און הערן, האָב איך אָנגענומען איינס פון ביידע: אָדער זיי האַנדלען אַזוי מחמת פאַרמאָלן דרך־ארץ, אָדער זיי האַנדלען אַזוי מחמת אינהאַלטלעכער הנאה, און נישט איך מעג משפטן, וואָס איז דאָ דער אמת. צווייטנס, פאַראַן אַ חילוק צווישן מיינע רעפעראַטן, וואָס אַ יעדער פון זיי איז אַן ענין פאַר זיך און דער עולם איז אַ גרויסער אָבער אַ פאַרבײַיקער און צווישן מיינע לעקציעס, וואָס שטעלן פיר אַ גאַנצן לערן־קורס, און דער עולם איז אַ קליינער אָבער אַ באַשטאַנדיקער. אַוודאי איז לייכטער צו אונטערשיידן וואָס איז מער קאָנסטאַנט און בייט זיך ווייניקער. ועל איך דערפאַר בלויז באַמערקן בנוגע די יי״וואָ־לעקציעס. עס איז אַ באַשיידענער אָבער ערנצטער אָנהייב פון יידישן ליטעראַטור־לימוד פאַר תלמידים, וואָס וועלן זיך דאַרינען ספּעציאַליזירן, סיי ווי אַ לערן־פאַך פאַר זיך סיי ווי אַ הילף צו אַנדערע לערן־פאַכן. אַוודאי מאַכט איין שוואַלב קיין פרילינג נישט, אָבער נאָך מיר וועלן קומען מיינע חברים, אַ יעדער צו אַ לערן־קורס און אין אַ סאָלידער צוזאַמענאַרבעט מיט די היגע יידיש־פאָרשער וועט זיך שטאַרקן אַ לייטישער לערן־אינסטיטוט.

### ד

מען האָט געהאַט אויף אייך תרעומות, הלמאי איר האָט געזאָגט, אַז מען זאָל דעם יי״וואָ־צענטער אַריבערפירן פון ניו־יאָרק קיין ישׂראל. אויב מען וועט אַריבערפירן אַלע קולטור־אינסטיטוציעס פון די גלות־לענדער קיין מדינת ישׂראל, וואָס וועט בלייבן פאַר די וואָס זענען געצוווּנגען צו בלייבן אין גלות?

ראשית, נישט אַזוי גייט דער נוסח פון מיין זאָג. אין מיין וואָרט ביים יי״וואָ־באַנקעט האָב איך געפרעגט, צי איז עס נישט לאָגיש, אַז דער צענטער פון יי״וואָ־אינסטיטוט זאָל זיך געפינען דאָרט, ווו עס איז היינט נישט בלויז דאָס האַרץ פון חכמת־ישׂראל, נאָר אויך דאָס האַרץ פון אונדזער היסטאָרישער און אַקטואַלער דינאַמיק. און איך האָב מיינע צוהערער געבעטן, אַז זיי זאָלן קודם זיך אַליין דאָס פרעגן און זיך אַליין דאַרויף ענטפערן. משמע, עס איז געווען אַ שאלה און אַ בקשה, אַז די געפרעגטע און געבעטענע זאָלן זיך אַליין פרעגן און זיך אַליין ענטפערן. צווייטנס, ווייס איך נישט, וואָס פאַר אַ תרעומות קאָן מען האָבן צו איינעם, וואָס פרעגט עפּעס און בעט עפּעס. דריטנס, יי״וואָ איז נישט געבוירן געוואָרן אין ניו־יאָרק, נאָר אין ווילנע, און פונקט ווי מען האָט איר צענטער געקאָנט אַריבערפירן קיין ניו־יאָרק, קאָן מען אים אַריבערפירן קיין ירושלים, דען — אויב זיך באַנוצן מיט אַ משל פון חז״ל — מיט וואָס איז דער זכות פון דער כהנת מינדערער פונעם זכות פון דער פונדקית. פערטנס, מעגלעך, אַז איר רופט

אַן תרעומת דאָס, וואָס משה קרישטאַל האָט זיך געוווּנדערט אויף מיר און וואָס ברוך שעפּנער האָט זיך געוויצלט איבער מיר, האָבן זיי דאָך בפּירוש אַן ערנצ־טערן אַדרעס פֿון מײַנעם — זאָלן זיי זיך וווּנדערן און וויצלען איבער דעם, וואָס האָט געזאָגט: כי מציון תצא תורה וכו׳, און אויף די וואָס האָבן געזאָגט: עתידים כל בתי־המדרש בבבל שייקבעו בארץ־ישראל, דהיינו: אַלע בתי־מדרשים אין בבל וועלן זיך עטאַבלירן אין ארץ־ישראל. איך קאָן בלויז צוגעבן: הלוואי וואָס פריִער, און מיט זייערע דאַווענער און תלמידים צוזאַמען.

[כסלו תשכ״ט]

# דריי קשיות — דריי תשובות

אַ וואָרט אין דער יידישער ראַדיאָ־שעה אין ניו־יאָרק

## א

די ערשטע קשיא: וואָס קלער איך וועגן גורל און דער ירושה פון דער מזרח־אייראָפּעיִשער יידישער קולטור? די תשובה: אַזוי ווי איך גופא האָב מיך אויסגעלערנט און מיינע תלמידים איינגעלערנט סיי קלענערע סיי גרעסערע יידי־שע דערשיינונגען צו באַטראַכטן לויט זייער פּראָפּאָרציע אויף דער מאַקסימאַלער, בעסער געזאָגט: אויף דער מאַקסימאַלסטער מאַפּע פון אונדזער געשיכטע, — וועל איך עס אויך פּרווון טאָן לגבי דער דאָזיקער שאלה. דאָס הייסט: אויך די מזרח־אייראָפּעיִשע יידישע קולטור, וואָס איז אַ היפּשע עפּאָכע אין אונדזער גע־שיכטע, דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ הונדערטער־יאָריקע מאַפּע אויף דער גרע־סערער, טויזנטער־יאָריקער מאַפּע פון יידישן פאָלק. זי האָט איינעם און דעם זעלביקן אָנהייב, און מיט אַלע שינויים, וואָס צייט און אָרט האָבן גורם געווען, בעיקר מחמת די וואָגלענישן און צעשפּליטערטקייטן, דערהאַלט עס זיך ווי איין און דאָס זעלביקע פאָלק, וואָס זיין בשותפותדיקער אָנהייב איז מחייב אַ שות־פותדיקן המשך. און אויף וויפל די מחלוקה לגבי די וועגן פון המשך זאָל נישט זיין לעגיטים, איז אָבער דער וועג, וואָס פאַרזיכערט דעם מאַקסימאַלן דערהאַלט פון די היסטאָרישע און קולטורעלע עלעמענטן אין אַ לעבעדיקן, וואָס מער עטניש קאָמפּאַקטן און טעריטאָריאַל געשלאָסענעם יידישן קאָלעקטיוו, דער לעגיטימסטער.

ווען מיר באַטראַכטן איצט די מאַפּע פון דער מזרח־אייראָפּעיִשער קולטור, שטעלט זי זיך אונדז פיר, ווי אַ בילד פון אַ דרייַיִקער טראַגיק: ערשטנס, די מעטראָפּאָליע אירע — פּוילן, אוקראַיִנע, ליטע, פּאָדאָליע, בעסאַראַביע, מאָלדעווע, גאַליציע — האָבן די דייטשן דערטרונקען אין אַ ים פון בלוט און יסורים; צווייטנס: דער טייל יידן, וואָס האָט זיך אָפּגעראַטעוועט אין סאָוויעט־רוסלאַנד, האָט גאָר נישטיקע מעגלעכקייטן פאַר אַ פרייען אַנטוויקל פון זייער יידישקייט; דריי־טנס, די קאָלאָניעס פון דער קולטור, בעיקר אין ביידע אַמעריקעס, פאַרלירן אַלץ מער שטחים פון איר אייגנקייט; און די עובדא, אַז דער אַנטשיידנדיקער רוב פון יידן אין צפון־אַמעריקע לעבט זיך אויס בלויז אין ענגליש און דער אַנטשיידנדיקער

רוב פון יינגערן דור יידן אין דרום־אַמעריקע לעבט זיך אויס בלויז שפּאַניש אָדער פּאָרטוגעזיש, מאַכט נאָך בולטער דער פּאַקט, אַז רוב יידן אויף דער וועלט האָבן היינט נישט מער קיין קאָלעקטיווע יידישע שפּראַך; און דער גרויסער יוצא־מן־הכלל, מדינת־ישראל און איר העברעיִש און די פּאָר ישובים אין גלות און זייער יידיש באַשטעטיקן דעם טרויעריקן כלל. אַזוי זעט אויס די מאַפּע, ווען מיר פרעגן זיך, וואָס זאָל מען און וואָס קאָן מען טאָן, כדי צו דערהאַלטן די ווערטן פון דער מזרח־אייראָפּעיִשער יידישער קולטור, ווי אַ לעבעדיקע ירושה פון פאָלק.

ב׳

די אַנדערע קשיא: וואָס לאָזט זיך טאַקע טאָן דערפאַר אויפן וועג פון לימוד און פאָרשונג? די תשובה: איך קען דערויף בלויז אין דער רעם פון מיין באַשטרעב און מיין נסיון, ווי אַ שרייבער און אַ לערער. משמע, אַז איך מוז באַהאַווונטערע פון מיר איבערלאָזן דעם ענין פון פאָלק־און מיטלשול און זיך אָפּשטעלן בלויז, אויף דער הויכשול. זייענדיק, במשך צוויי יאָר, דער ראש המכון למדעי היהדות אין דעם ירושלימער אוניווערסיטעט, האָב איך פירגעלייגט אַ פּלאַן, וואָס עטלעכע געלערנטע האָבן אים אויסגעברייטערט, דאָרט אויפצו־שטעלן אַ באַזונדערן אינסטיטוט פאַר דער מזרח־אייראָפּעיִשער יידישער קולטור, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע שייכותדיקע קאַטעדרעס, אַזוי אַז דער לימוד פון דער קולטור זאָל קאָנען זיין אַן אַלזייטיקער און פולקומענער, קאָאָרדינירט אין זיינע כללים און פרטים. פאַרשטייט זיך, אַז יידיש, איר שפּראַך און ליטעראַטור, וועט, ווי אַ וויסנשאַפטלעכע דיסציפּלין, קריגן דעם רעכטן תיקון, געפינענדיק זיך אין אָרגאַנישסטן שכנות מיט אַלע צווייגן פון אונדזער געשיכטע און קולטור אין דער מזרח־אייראָפּעיִשער תקופה, בפרט אַז די דאָזיקע רעם איז איינגעבעט אין אַ נאָך ברייטערער רעם פון אונדזער געשיכטע און אונדזער קולטור אין אַלע צייטן און אין אַלע ערטער.

ירושלים טויג היינט צו טאָג און נאָך מער לעתיד־לבוא פאַר אַזאַ קאָנצענ־טראַציע, וואָס דאַרף און קאָן אָנהאַלטן אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט אַלע יידישע וויסנשאַפטלער, און די יידיש־וויסנשאַפטלער בתוכם, אויף דער גאָרער וועלט. ווי ווייט מיר דאַרפן דאָס — זענען מיר פטור לאָנג צו ברייען; ווי ווייט מיר קאָנען דאָס — געוווג אָנצווייזן אויף די צוזאַמענטרעפן פון יידיש־פאָרשער פון ארץ־ישראל, אייראָפּע און אַמעריקע, ווי מיר האָבן עס אין דער יידיש־סעקציע ביי די קאָנגרעסן למדעי היהדות אין ירושלים; ווי אויך אויפן קאָנטאַקט צווישן די יידיש־פאָרשער גופא, און נאָך מער אויפן אויסטויש סיי פון ירושלימער לע־רער — ווי חנא שמערוק און משה אַלטבויער, וואָס האָבן דאָצירט אין ניו־יאָרק,

און סיי פון ניו־יאָרקער לערער — ווי אוריאל ווײַנרײַך עליו השלום און זײַן תלמיד מיכאל הערצאָג, וואָס האָבן דאַצירט אין ירושלים. און איך וויל באַזונדערס דערמאָנען מאַקס ווײַנרײַך עליו השלום; וואָס האָט זײַנע פײַנע פאָרשונגען איבערן אָנהייב און דרך פון יידיש געלאָזט גיין אין „לשוננו", דעם אָרגאַן פון דער אַקאַדעמיע פון דער העברעיִשער שפּראַך און מיך מזכה געווען צו זײַן זײַן בעל־מתרגם, און יודל מאַרק, וואָס טראָגט איבער די רעדאַקציע פונעם גרויסן יידישן ווערטערבוך קיין ירושלים.

אויף דער ליניע, וואָס אנשי־ייִוואָ האָבן געהאָלפן אויסבויען, גייט אויך דער פאַרבעט פון מיר און מײַנע קאָלעגן אָנטייל צו נעמען אין די קורסן פאַר העכערער יידיש־בילדונג, וואָס דער ייִוואָ אין ניו־יאָרק, און זײַן לייטער שמואל לאַפּין, האָבן לויטן פּלאַן פון מאַקס ווײַנרײַך, איניציִירט און וואָס איז אַ נײַער שטאַפּל אין דער קאָאַליציע. דער סעמינאַר, וואָס איך האָב מיך אונטערגענומען צו פירן, איז געפּלאַנט אַרײַנצופירן אין די אָנהייבן פון דער מאָדערנער יידיש־ליטעראַטור, אויפן פאָן פון דער צוויי־ און אַפילו דרײַשפּראַכיקייט אונדזערער און אויפן יסוד פון דער דרײַ־שטראָמיקייט (חסידות, מתנגדות, השכלה) און לויט דוגמאות, וואָס אילוסטרירן די וואָרצלען און צווייגן און מאַכן קלאָר דעם גאַנג און דעם אויסבוי פון דער שפּראַך און ליטעראַטור. די עיקר־כוונה איז אַרײַנקנעלן, כדי זיך אויסצולערנען, ווי לייענט מען אַ טעקסט און ווי פאַרשטייט מען נישט בלויז די שורות, נאָר וואָס איז צווישן זיי, אונטער זיי און איבער זיי.

ג

די לעצטע קשיא: וואָס געפינט זיך איצט אויף מײַן וואָרשטאַט? די תשובה: איך האָב אין די לעצטע אָנדערטהאַלבן יאָר אַרויסגעגעבן מײַן ערשטן בוך אויף יידיש (איבער יידיש האָב איך שוין אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכער, אָבער לשון־קודשדיקע) — ער הייסט „די חכמה פון חכמות" און נעמט אַרום איבער צוויי טויזנט ביאָגראַפיעס פון יידיש־ווערטלעך. אין דרוק געפינט זיך מײַן צווייטער בוך אויף יידיש, וואָס וועט האָבן עטלעכע בענד, און הייסט „חן־גריבעלעך", ווידער אַ מאָל ביאָגראַפיעס, פון אַנדערע יידיש־ווערטלעך. אין דרוק געפינט זיך אויך דער צווייטער באַנד פון מײַן בוך „אבני מפתן" (שוועלשטיינער) — מאָנאָגראַפיעס וועגן יידיש־שרײַבער אין די לעצטע דרײַ דורות. איך גרייט צו דעם צווייטן באַנד פון מײַן בוך „בין שאילה לקנין", וועגן מאָטיוו־וואַנדערונגען אין אונדזער ליטעראַטור אין אירע בײדע שפּראַכן. צום הונדערט־יאָריקן געבוירן־טאָג פון ח. נ. ביאַליק וועלן אַרויסגיין צוויי ביכער מײַנע וועגן אים און זײַן שאַפן, און איינס פון זיי „סוגית יידיש במסכת ביאַליק", וואָס וועט באַהאַנדלען אַלץ, וואָס האָט בײַ אים צו טאָן מיט יידיש.

ואַחרון אַחרון, אַזוי ווי איך פּענסיאָניר אין אַ יאָר אַרום פֿון מיין פּאָסטן אויפֿן ירושלימער אוניווערסיטעט, נעם איך מיך צו אַ סך־הכל פֿון מיין דאָרטיקער לעבנסמי — עטלעכע בענד פֿון מיינע לעקציעס במשך די אַכצן יאָר, וואָס איך פֿיר דאָרט אָן מיט דער יידיש־קאַטעדרע.

[כ״א כסלו תש״ל]

# אַן אָנהייב פון אַ קשיא

## א

ווער עס קוקט זיך ערלעך איין אין דעם גאַנג פון די ייִדישע אַקטיוויטעטן אויף די זייער דיפערענצירטע פראַנטן און אָריענטאַציעס פון ייִדישן לעבן, וועט נישט קאָנען פאַרלייקענען דעם בולטן דינאַמישן כאַראַקטער פון די באַזונדערע אויפטוען; אָבער ער וועט אויך נישט טאָרן פאַרלייקענען, אַז וואָס גרעסער עס איז די אידעאָלאָגישע און פסיכאָלאָגישע פאַרשיכורטקייט, וועלכע באַגלייט אַ יעדן אויפטו, אַלץ מער פאַרשטאַרקט זי דעם דיפערענציאַל און פאַרשמעלערט דעם אינטעגראַל, און צעטרייסלט ממילא דעם קיימא־לן, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ רעאָריענטאַציע, וואָס ברענגט דעם מאַקסימאַלסטן שיעור פון פאָלק צו אַ כולל־דיקער אחדות; אָט דער קיימא־לן, וועלכער ווערט, — בפרט נאָך די צוויי פאַר־לאַרע דערשיינונגען אין אונדזער דור, דער אומקום אין אייראָפּע און דער אויפ־קום אין ארץ־ישראל — באַטראַכט כמעט ווי אַ מושכל ראשון.

אַוודאי לאָזט זיך די מידה פון פאַרשכורטקייט דערקלערן — איר מקור איז אין יענער איבערלעבעניש פון באַנייונג, וואָס האָט באַגלייט אַ יעדן אויפטו; אַן איבערלעבעניש וואָס טראָגט אין זיך אַ זעכציקסטל געפיל פון מעשה־בראשית. יעדער אויפטו, מיט וועלכן מיר זענען געווען פאַרנומען, לאַ־די וואָס ער האָט באַהערשט אונדזער אַלץ־און־גאַר, ווייזט ער אונדז אויף דעם פונקט גלייך ער וואָלט געווען אַלצדינג, כביכול כל הגעשיכטע כולה. אָט אַ פאָר פרטים פון נעכטן: קרן קיימת איז אַלצדינג, „הדסה" איז אַלצדינג, „תרבות"־שולן זענען אַלצדינג וכדומה. אמת, די אַלע אויפטוען קייטלען זיך ערגעץ־ווו צוזאַמען, אָבער אין לעבן פון אונדזער פאָלק אין לעצטן דור זענען געווען אויך אַנדערע אויפ־טוען: אויך מעדעם־שול איז אַלצדינג, אויך ייִוואָ איז אַלצדינג, און ווער עס קען דעם כאַראַקטער פון דער אינסטיטוציע ווייס, אַז זי האָט געמאַכט די ערלעכסטע אַנשטרענגונגען צו זיין נישט בלויז געשיכטע, נאָר טאַקע די געשיכטע. און אַז מיר וועלן ברענגען נאָך משלים, וועט זיך גאָר לייכט אַרויסשטעלן, אַז וואָס עס איז געווען אין ציוניזם, איז אויך געווען אין אגודת־ישראל, אין פאָלקיזם, אין „בונד", אין דער יעווסעקציע, בפרט ווען זי האָט בעל־כרחה מיטגעאַרבעט אין קרים און אין ביראָבידזשאַן. און עס פרעגט זיך: ווי און ווו שליסן זיך די פאַרשיידענע

אויפטועו צוזאַמען? אוודאי איז גרייט אַן ענטפער: אַלע, אָדער כמעט אַלע, האָבן אַ בשותפותדיקן קאָמפּאָנענט — זיי האָבן דערהאַלטן די ייִדן ווי ייִדן; און ווייל זיי האָבן דערהאַלטן די ייִדן ווי ייִדן, וואָס זייער בראשית איז איינע און די זעלבע, וועט זיך זייער מי ערגעץ־ווי־אַזוי צוזאַמענקייטלען, עס זאָל מקויים ווערן: אַחרית כּראשית. איז עס, אין אַ געוויסער מאָס, אַן ענטפער, אָבער אַן ענטפער פּאָסטעריאָרי, און אַ גאָר טרויעריקער דערצו, ווייל אַלע די באַוועגונגען, סיי די וועלכע מיר האָבן אויסגערעכנט, סיי די וועלכע מיר האָבן נישט אויסגערעכנט, האָבן טאַקע דערהאַלטן די ייִדן ווי ייִדן, אָבער אין אַזעלכע ערטער, ווו דער אויפלייז פון דער ייִדישער פראַגע האָט זיי דערגרייכט אין דער געשטאַלט פון די אויוונס אין מאַידאַנעק.

על כּל פּנים איז עס נישט קיין ענטפער אַפּריאָרי, ווייל לכתחילה איז נישט בלויז יעדע באַוועגונג, נאָר אויך יעדער אויפטו אירער, געוועז איינגעטונקען אין יענעם שיכּרות, ביי וועלכן דער פּונקט ווייזט זיך אויס ווי דער גאַנצער קרייז, און הערט נישט אויף זיך אַזוי אויסצוווייזן, אַפילו ווען דער אמתער קרייז ווערט אַלץ מער און מער איינגעשרומפּן, אַזוי אַז זיין עצם־קיום, און בפרט זיין פּערספּעקטיוו איז פּראָבלעמאַטיש ביז־גאָר.

ב

אויך אונדזער ליטעראַטור, מען מעג זאָגן: בפרט אונדזער ליטעראַטור, איןביידע שפּראַכן, אין די לעצטע דורות, איז פון אייגענער אויפטוערישקייט אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן, אַז אויך איר אייגענער אָפּשאַץ איז מיט דער פאַרכאַפּטקייט מיטגעריסן געוואָרן. דעם אמת געזאָגט, איז איר עצם שאַפערישער גאַנג גאָר וווּנדערלעך. נישט בלויז מיט אירע דערגרייכן נאָר בעיקר מיט איר ראַפּידקייט. מיט קנאַפּע פינף דורות צוריק איז אַרויס אַ קליינע פאַרטיי אין פאָלק, די פאַרטיי פון דער השׂכּלה, און האָט גענומען בויען אַ סאָרט ליטעראַטור, וואָס רופט זיך איצט, גערעכט צי אומגערעכט, נייַע ליטעראַטור, און איר אויפטו איז אַרויסגעגאַנגען פון אַן אָפּענער אָדער באַהאַלטענער הנחה, וואָס איר תחילת־דעפיניציע איז: ככל הגויים בית־ישראל, און איר סוף־דעפיניציע איז: כּמתוקנים שבהם; אָדער היינטוועלטישער גערעדט: אַ פאָלק פון די אייראָפּעיִשע פעלקער. די דאָזיקע ליטעראַטור האָט נישט מחדש געווען אין די יסודות, זי האָט נישט געשאַפן קיין איינציקן יסוד, וואָס איז נישט געווען כּריִער — פּאָעזיע איז געווען פאַר איר; פּראָזע איז געווען פאַר איר; דראַמע איז געווען פאַר איר, און דעסגלייכן. דער חידוש אירער איז קודם כּל אין איר כּללדיקייט, און אָט צוויי משלים דערויף: דער ערשטער משל — דער גוואַלדאָוונער גאַנג פון דער העברעיִשער ליטעראַטור אין די לעצטע דורות, פון דער מליצה ביז צו דער אויסדרוקפעיִקייט פון

דער גאַנצער ווערקלעכער עקזיסטענץ אין דער גאַנצער פּסיכישער איבערלעבעניש; דער אַנטוויקל און די פּערפעקציע פון דער שפּראַך, אַז זי קען איצט אויסדריקן אַלע מענטשלעכע אויסנווייניקסטע און אינעווייניקסטע באַדערפענישן. דער לעצטער משל — דער גוואַלדאָוונער גאַנג פון יידיש ליטעראַטור, וואָס האָט דורכגעשפּאַנט, אין אַ קורצער צייט, אַ גוזמה סטאַציעס, פון אַנהייבערישן פּרימיטיוו ביזן עקסטן ראַפינמאַן. עס איז אַ ספק, אויב עס געפינט זיך אַ ליטעראַטור צווישן די אייראָפּעיִשע ליטעראַטורן, וואָס קאָן איבער זיך באַהויפּטן, און אַפילו זיך באַרימען, אַז זי האָט געהאַט אַזאַ ראַפּידן וועג פון איר אַנטוויקל. גענוג צוויי משלים: בשעת חיים הזז האָט אָנגעהויבן שרייבן, איז נאָך אַרומגעגאַנגען און האָט נאָך אַפילו געשריבן מרדכי דוד בראַנדשטעטער; און בשעת ה. לייוויק האָט אָנגעהויבן שרייבן, איז נאָך אַרומגעגאַנגען און האָט נאָך אַפילו געשריבן אליקום צונזער.

די מאָס פון חידוש, וואָס די ליטעראַטור ווייזט אַרויס אין איר אַרומגעמערישקייט, ווייזט זי אויך אַרויס אין איר אַלגעמיינערישקייט — דער באַזונדערער כאַראַקטער פון דער דאָזיקער ליטעראַטור באַשטייט אין איר אויטאָנאָמיזאַציע, אַ זאַך וואָס עס האָבן נישט געקענט די פריערדיקע דורות. די אויטאָנאָמיזאַציע איז געקומען מחמת דעם צוזאַמענפאַל פון אַ גרויסמאַכט, וואָס ווערט זיך נאָך אין אַ פּאָר טיילן פונעם פאָלק, אָבער דאָס רוב פאָלק האָט זיך פון איר אָפּגעזאָגט, און זעט נישט אין דעם אָפּזאָג קיין שום פּחת אין דער לעגימיטעט פונעם געשיכטלעכן וועג. דאָס איז די גרויסמאַכט פון דער תורה, וואָס האָט דאָס באַוווּסטזיין פון אונדזער פאָלק אויסגעפורעמט ווי אַ גרויסע איינהייטלעכע גאַנצקייט. אָט די אויסגעפורעמטקייט, וואָס האָט זיך דערהאַלטן ביז אין די לעצטע דורות, לאָזט זיך נישט אָפּפרעגן מכוח די שפּאַלטן און שינויים — אַוודאי האָט זיך איבערגעאַנדערשט דער באַנעם פון גאָט און די ווערקלעכקייט פון פאָלק ישראל, אָבער דער באַצי צווישן גאָט און דעם פאָלק איז געבליבן פעסט אויף דער גאַנצער ליניע פון אונדזער געשיכטע, און דער יסוד פון דעם באַצי איז געווען דאָס תורה־לעבן און די קאָנטינויִטעט פון אירע מצוות. און די גרויסמאַכט, וואָס איז געווען אויפגעבויט אויף דער דאָזיקער קאָאַליציע צווישן גאָט, וואָס איז איינער־און־דער־זעלבער אין אַלע גלגולים פון זיין באַנעם און צווישן דעם פאָלק וואָס איז איינס־און־דאָס־זעלבע ביי אַלע גלגולים פון זיין ווערקלעכקייט, איז זיך פונאַנדערגעפאַלן און אויף זיינע זריבעס בויען זיך לעבנס־פּרווון, און איינע פון זיינע אויסדרוקן איז אונדזער אַזוי גערופענע נייע ליטעראַטור.

## ג

נאָך דעם ווי מיר האָבן געזען וואָס פאַר אַ גרויסמאַכט די נייע ליטעראַטור נעמט פאַרבייטן, מוזן מיר פרעגן צי גייט באמת אונדזער פאָלק פון דעם פאַרביים אַרויס מיט אַזאַ גרויסן ריווח, ווי די ליטעראַטור אין איר פאַרשי־כורטקייט פון אירע אייגענע אויפטוען, ווייל אים, און בעיקר זיך אַליין, איינרעדן. עס איז אַן איינרעדעריי, וואָס גייט געפּאַרט מיט אַ טאָפּעלער הנחה — האַלט זי זיך, די ליטעראַטור, ביי דער זיסער אילוזיע, אַז זי איז עס אַן אימאַנענטער המשך פון דער ליטעראַטור פון אַלע דורות, גרויסט זי זיך מיטן כוח פון איר קאָנטינואַציע; קומט ווייטער די האַרבע עסיק און פאַרראַט איר, אַז זי איז אַ נייעס, אַפילו אַן איבערקערעניש, גרויסט זי זיך מיט איר פרימאַריטעט.

איז עס אַוודאי אַ היפּשער נאַרציסטישער איינפאַל, תמיד הנאה צו האָבן פון זיך אַליין, אָבער — עד מתי, ווי לאַנג גייען אַן אַזעלכע קינדערייען? איז עס נישט צייט צו אַן ערנצטער קאָנפראָנטאַציע צווישן דער ראָל פון דער נייער ליטעראַטור פון אַלע אונדזערע דורות אין דער עצם קאָנסטיטוציע פונעם פאָלק אין געשיכטלעכן גאַנג? איז עס נישט געגנוג צו פראַוון דריי דורות סאַמע פורים, און נישט אַ קלער צו טאָן כאָטש איין מאָל זיך נוהג צו זיין ווי עס פאַסט פאַר יום כיפורים?

[פסח, תש״ד]

# היימישע אַנטאָלאָגיעס

א. תרגום פּאָעזיע

**א**

עס וואָלט כדאי געווען זיך באַזונדערס אָפּצושטעלן איבער דער פּאַרלעגע־רישער אַרבעט אין און אַרום יידיש, וואָס גייט אָן אין מדינת ישראל, אָבער מיר וועלן עס אָפּלייגן אויף אַ שעת־כושר און איצט זיך פאַרנעמען בלויז מיט איין צווייג — אַנטאָלאָגיעס. ווי באַקאַנט מיינט אַנטאָלאָגיע גרונטיק אַ בינטל בלומען, אָבער שוין די אַלטע גריכן האָבן עס באַנוצט אין זינען פון אַ צוזאַמענשטעל פון ליטעראַרישע פּראָדוקטן — ביי זיי האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן אָפּקלויב פון ליריק, און שוין די צוויי אָפּקלויבן, וואָס זיי האָבן געמאַכט, באַווייזן, אַז די טעמים זענען פאַרשיידן. שפּעטער האָט זיך דער מנהג אויסגעשפּרייט, און אויב ער האָט זיך תחילת באַגרענעצט אויף לירישע לידער און עפּיגראַמען, האָט ער, במשך פון דורות, אַרומגענומען אַלץ מער און מער ליטעראַרישע סאָרטן, אַזוי אַז עס איז היינט צו טאָג כמעט נישט פאַראַן קיין סאָרט אָדער אונטער־סאָרט, וואָס זאָל נישט פאַרמאָגן זיינע אַנטאָלאָגיעס.

מיר זאָגן: אַנטאָלאָגיעס בלשון רבים, ווייל, ווי געזאָגט, נישט אַלע טעמים זענען גלייך, און גאָר אַ סך ווענדט זיך אין אַנטאָלאָגיסט, זיינע פּרינציפּן, גוסטן, אַפילו קאַפּריזן.

**ב**

מיר האָבן דעם פירבאַמערק געמאַכט, כדי זיך צו פאַרשפּאָרן איבעריקע רייד, שמועסנדיק וועגן די היגע אַנטאָלאָגיעס אין יידיש און פון יידיש. אַזוי ווי די פאַרשיידנקייט פון צוגאַנג און געשמאַק איז אַ קיימא־לן, איז מעגלעך אַז אַנטאָלאָגיעס זאָלן זיך זיין ענלעך, אָבער עס איז אוממעגלעך אַז זיי זאָלן זיין אידענטיש. דאָס ווערט נאָך קלאָרער, ווען מיר נעמען, אַ שטייגער, די דריי אַנטאָלאָגיעס פון יידישער ליריק, וואָס דריי העברעישע דיכטער האָבן איבערגעזעצט און אַרויסגעגעבן — די צוויי גרויסע אָפּקלויבן: „על נהרות" פון שמשון מעלצער, וואָס איז אַרויס דורך מוסד ביאַליק; „מבחר שירת יידיש", פון משה באַ־

סאַק, וואָס איז אַרויס דורכן פאַרלאַג פון הקיבוץ המאוחד, און דער קלענערער אָפּקלויב פון אברהם צבי הלוי, וואָס עס האָט נאָך זיין פּטירה אַרויסגעגעבן זיין שוואָגער, אויך ער אַ העברעיִשער דיכטער, יעקב רימון (גראַנאַט), לויט דער איניציאַטיוו פון דיכטער מ. ז. טקאַטש. אמת, די קריטיק האָט זיך אויף אַ טייל חילוקים צווישן די אַנטאָלאָגיעס אָפּגעשטעלט, אָבער לרוב זענען עס געווען נישט די פונדאַמענטאַלע חילוקים, וואָס וואָרצלען סיי אין דער געשפּאַנטקייט צווישן דער אינדיווידואַלער פיזיאָנאָמיע און דעם סוביעקטיוון כאַראַקטער פון די איבער־זעצער און צווישן דער אינדיווידואַלער פיזיאָנאָמיע און דעם סוביעקטיוון כאַראַקטער פון די איבערגעזעצטע, סיי אין דער געשפּאַנטקייט צווישן דעם אַלעמען און דער אָביעקטיווער אויפגאַב — אָפּצושפּיגלען דעם אַנטוויקל־גאַנג פון דער יִידיש־ליריק. איך גופא בין געווען גאָר נאָענט צו ביידע ערשטע אויפטוען, אי פון מעלצער שיאריך ימים, אי פון משה באַסאַק עליו השלום, — ווי אַן אַל־טער לייענער און געניטער מלמד, האָב איך זיי געדינט פאַר אַ מין בעל־יועץ, און האָב געקאָנט אָבסערווירן זייערע קווענקלענישן און ראַנגלענישן צווישן דעם, וואָס זיי האָבן געוואָלט און צווישן דעם וואָס זיי האָבן געדאַרפט ברענגען אין זייערע ברייט־פאַרשניטענע געזעמלען, און ווי ווייט זיי זאָלן זיך נישט האָבן באַמיט יוצא צו זיין לגבי די ווידעראַנאַנדן, איז אַן אַבסאָלוטער באַלאַנס צווישן די צוויי צעאַמפּערטע וואַגשאָלן בלויז אַ חלום. דערצו זענען זיי, פשוט, צו פיל דיכטער מיט אַן אייגענעם פּרצוף.

### ג

עס איז בכלל אַ קשיא, אויב אַזאַ מין דיכטער טויג פאַר אַזאַ מין אַנטאָ־לאָגיע. פאַרמאָגט ער דאָך, געוויינטלעך, זיין אייגענעם דרך, זיין אייגענע שפּראַך, זיין אייגענעם סטיל, אַפילו זיינע אייגענע ניטן און ניקן, און פונקט אַזוי, אויב נישט אין אַ שטאַרקערער מאָס, פאַרמאָגן עס די דיכטער, וואָס גייען אַריין אין דער אַנטאָלאָגיע; לאָקערט טאַקע נישט איין מאָל די סכנה, דער איבערזעצער זאָל זיך נישט נוהג זיין ווי יענער בעל־דאַטשע, וואָס האָט אַ יעדן גאַסט זייִנעם אויסגעלייגט, פאַרן קור־שפּאַציר, די האַלבע קיטאַיקע, און ווער עס איז געווען לענגער פון איר, האָבן די פיס אַרויסגעשטעקט אין דרויסן; ווער עס איז געווען קירצער פון איר, האָט נאָכגעשלעפּט די פאָלעס; ווער עס איז געווען דיקער פון איר, האָט זיך אין איר געקרעקט; ווער עס איז געווען דאַרער פון איר, איז אין איר געשווומען. דער עיקר איז, ווי אַרום און ווי ווייט די בעלי־האַנטאָלאָגיעס האָבן די סכנה אויסגעמיטן אָדער פאַרמינערט, פאַרמעסטנדיק זיך אויף אַ תרתי־דסתרי — אַז זיי, די איבערזעצער, וואָס זענען דיכטער ווי זיי זענען, קאָנען זיך נישט פאַרלייקענען, און די איבערגעזעצטע, וואָס זענען דיכטער ווי זיי זע־

נען, טאָרן זיי נישט פאַרלייקענען. און די עובדא פון דער קריטיק איז אָנצוווייזן, ווי אַזוי זעט טאַקע אויס, הלכה למעשה, די טאָפּעלע געטריישאַפט, וואָס איז, אין תוך, אַ מין קוואַדראַטור פון ראָד.

ד

אין פלוג קאָן זיך דאַכטן, אַז פּאַקטישע דיכטער טויגן ווייניקער פון פאַר־טענציאַלע, און אַפילו נישט־דערגאַנגענע דיכטער, פאַר דעם אומנות פון איבער־זעצעריי, בעיקר לגבי פּאָעזיע, אַזוי אַז דאָס מאַניפעסטע יכולת פון די ערשטע איז זיי אַ שטער, בשעת דאָס לאַטענטע יכולת פון די לעצטע איז זיי אַ סטימול. איך וואָלט עס אַפילו געקאָנט אילוסטרירן מיט אַ מעשה שהיה פון מיין אייגע־נעם נסיון — מיט כך וכך יאָרן צוריק האָט מיך דער היגער יִדיש־דיכטער אריה שמרי געבעטן, איך זאָל איבערזעצן זיין פּאָעמע „לייזער ציפּרעס" — איך האָב אָנגעהויבן און אים געגעבן דאָס ערשטע קאַפּיטל; האָט ער אויך געהאַט אַ בעל־יועץ, דעם קריטיקער און דיכטער עזריאל אוכמני (שוואַרץ), איז עס אים נישט געפעלן, און דער קלאַסישער איבערזעצער, אברהם שלאָנסקי, האָט זיך גענומען דערצו און עס, כדרכו, אויסגעפּירט. אָבער נאָך אַן אַנאַליז, בין איך געקומען צו אַזאַ סברה: גאָר מעגלעך אַז אין מיין נוסח איז געווען צו ווייניק אריה שמרי, און דאָס איז מסתמא נישט קיין איבעריקע מעלה, אָבער אין אַנדערן נוסח איז דאָ צו פיל אברהם שלאָנסקי, און דאָס איז פּאָרט אַ חסרון, — אַפילו ווען עס איז פונעם סאָרט, וואָס ווערט מרומז אין ווערטל: אַ חסרון — די כלה איז צו שיין.

אַז אין אונדזער ענין קאָן זיין אַ סיטואַציע, דאָס די כלה זאָל זיין צו שיין, לאָזט זיך אָפּלערנען פון אַ פּאָר דוגמות אין דער ליטעראַטור — מיין פּוילישער ליטעראַטור־לערער, טאַדעאוש פּיני, איז נישט מיד געוואָרן זיך צו פאַררופן אויף מומחים, אַז קאַלדעראָן האָט אין זיין דראַמע „דער פּרינץ דער דעגן" ווייט נישט דערגרייכט דעם צויבער פון זיין שפּעטן פּוילישן איבערזעצער, יוליוש סלאָ־וואַצקי; און איך בין נישט מיד זיך צו פאַררופן אויף מיין אַנאַליז, אַז שילער האָט אין זיין דראַמע „ווילהעלם טעל" ווייט נישט דערגרייכט די זאַפטיקייט און קערנדיקייט פון זיין שפּעטן העברעיִשן איבערזעצער ח. נ. ביאַליק. אָבער כאן הבן שואל: איז נאָך די ערשטע דראַמע קאַלדעראָנס און נישט סלאָוואַצקיס; איז נאָך די לעצטע דראַמע שילערס און נישט ביאַליקס?

אַוודאי איז די קשיא: צי איז אַן איבערגעזעצטער חיבור נאָך דעם מחברס, אַ סך זעלטענער, ווי די קשיא: צי איז אַן איבערזעצטער חיבור שוין דעם מתרגמס. אָבער די קשיא איז אַ קשיא. פון דעסטוועגן איז מער ניחא, ווען דער בעל־מתרגם איז אַליין אַ פּאָעט, און אַ פּאַקטישער און מאַניפעסטער דערצו — און ווידער אַ מאָל

וועל איך דערמאָנען אַ מעשה שהיה פון אייגענעם נסיון: — מיט כך וכך יאָרן צוריק האָב איך אין מיינער אַ רובריק אין דעם וואָכנבלאַט פון דער אַרבעטער־יוגנט „במעלה״ געבראַכט, אין מיין איבערזעץ, אַ ליד פון ה. לייוויק (עס איז געווען דאָס ערשטע לירישע ליד זיינס וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעיִש), און אברהם שלאָנסקי, האָט עס, כמעט אין דער זעלבער צייט גע־בראַכט, אין זיין נוסח, און עס איז געווען אַ חילוק, ווי צווישן אַ פּרווו און אַן אויפטו. נו, שלאָנסקי איז אַ מאדים אויף דער מלאכה, און כאָטש דער יצר הרע רייצט אים מסתמא אַן זיין נאַטורעל און זיין שטייגער אַנצוהענגען די איבערגעזעצטע פאַרשוינען, איז אָבער גובר דער יצר טוב זיך צו באַרען מיט זיך אַליין, כדי זיי זאָלן בלייבן נישט ער, נאָר טאַקע זיי. וואָס הייסט זיך באָרען, לאָזט זיך אָפּלערנען פון אַ פאַרגלייך צווישן דעם ערשטן און צווייטן נוסח זיי־נעם אין איבערזעץ פון פּושקינס „יעווגעני אָניעגין״, און נאָך מער פון אַ פאַר־גלייך צווישן זיין ערשטן נוסח און דעם נוסח פון אַ פּאָטענציעלן דיכטער, ווי עס איז געווען לעווינסאָן אברהם עליו השלום. דוכט זיך, אַז ווען נאַבאָקאָוו וואָלט פאַרשטאַנען לשון־קודש, וואָלט ער לגבי שלאָנסקיס בריהשקייט אָפּגע־לאָזט פון זיין תרעומת, און אפשר אַפילו אַ שמייכל געטאָן.

ה

צוריקקומענדיק צום ענין אַנטאָלאָגיע, שטרייכן מיר ווידער אַ מאָל אונטער די באַזונדערע שוועריקייט פון אַריינפילן זיך אין כלערליי טעמים און שטייגערס און דעם יכולת עס ערלעך און געטריי צו רעפּראָדוצירן, אָבער מיר מיינען, אַז פּאָעטן זענען פּאָרט די פּעיִקסטע קאַנדידאַטן דערצו. אלא מאי, מיר האַלטן, אַז אָפּקלייבן, סיי פון איינצלנע דיכטער, סיי פון אַ גרופּע דיכטער, ווי עס גייט אַן אין אַנטאָלאָגיעס, נייטיקן זיך בפירוש אין אַ קעגנאיבערשטעל פון מקור און תרגום. און זייט יאָרן פּראָפּאַגיר איך עס לגבי פּאָעזיע־איבערזעצן בכלל, און לגבי העברעיִשע איבערזעצן פון ייִדישער פּאָעזיע בפרט, און מיר האָבן שוין אַ מנין אָפּקלויבן, וואָס זענען טאַקע אַזוי אַרויס: רעכטס דער ייִדישער מקור, לינקס דער העברעיִשער אי־בערזעץ. איך פאַררוף מיך דאָ גערן אויף דעם געניאַלן בעל־מתרגם, שלמה דיקמאַן, וואָס האָט אונדז, אין אַ קורצע פּאָר יאָר, פאַר זיין פריִער פּטירה, געגעבן זעקס בענד וווּנדערלעכע איבערזעצן פון לאַטיין (לוקרעציוס. ווערגיל) און גרעקיש (אייסכילאָס, סאָפאָקלעס). אין זיינס אַ וואָרט וועגן דער נויטיקייט און מעג־לעכקייט פון איבערזעצן, האָט ער געזאָגט: די איבערזעצן ווילן נישט און קאָנען נישט פאַראיבעריקן דעם מקור, זיי זענען בלויז אַ באַהעלף פאַר דעם, וואָס קאָן דעם מקור נישט לייענען, און אַן אָנרעג, ער זאָל לערנען די שפּראַך פון מקור, און ערשט דעמאָלט זען, ווי די שאַפונג האָט אַ פּנים ביי זיך אין דער היים.

ער האָט אויך דערמאָנט ביאַליקס זיסע וואָרט, אַז לייענען אַ זאַך אין איבערזעץ, איז ווי קושן די מאַמע דורך אַ פאַטשיילע, און אַפילו די דינסטע זייד איז אויך אַ מחיצה.

און אויב די זאַך איז אַזוי לגבי שפּראַכן פון אַנדערע, סיי נאָך פאַראַנענע, סיי מער שוין נישט פאַראַנענע פעלקער; לגבי שפּראַכן פון איינעם און דעם זעלבן לעבעדיקן פאָלק, ווי עס איז העברעיִש און יידיש, לאַ־כל־שכן. אויך די אויפגאַב לאָזט זיך דערגרייכן מיט דער שיטה פון: דף כנגד דף, פון רעכטס דער מקור, פון לינקס דער תרגום.

ו

מיר האָבן איצט נאָר באַרירט דעם ענין פון איבערגעזעצטע אַנטאָלאָגיעס, און דאָס בלויז אין פּאָעזיע, אָבער פאַראַן אויך אַן ענין פון איבערגעזעצטער פּראָזע.

[ח׳ כסלו תשל״א]

## ב. תרגום פּראָזע

א

רוב שווועריקייטן, וואָס עס שטויסט זיך אויף זיי אַן אַן אַנטאָלאָגיע פון איבערגעזעצטער יידיש־פּאָעזיע, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, שמועסנדיק וועגן די דריי אָפּקלויבן, וואָס זענען הי, אין מדינת ישׂראל, אַרויס (מעלצער, באַסאָק, א. צ. הלוי), זענען נישט פאַראַן בכלל, אָדער זענען פאַראַן אין אַ קלענערער מאָס, ביי אַנטאָלאָגיעס פון איבערגעזעצטער יידיש־פּראָזע. דען בדרך־כלל לאָזט זיך פּראָזע לייכטער איבערזעצן און די שווועריקייטן, וואָס זענען פאַראַן, זענען קלע־נערע. די עיקר־שווועריקייט, וואָס איז פריִער גאָר שטאַרק געווען, און האָט זיך היפּש אָפּגעשוואַכט, האָט געשטעקט אין דעם פאַרשיידענעם כאַראַקטער פון אונ־דזערעביידע שפּראַכן — יידיש ווי אַן אידיאָמאַטישע שמועס־שפּראַך; העברעיִש ווי אַ ליטעראַרישע שריפט־שפּראַך, אָבער דער אָפּשטאַנד האָט זיך געשמעלערט, בפרט נאָך דעם ווי די העברעיִשע פּראָזע איז אַוועק פון תנך־סטיל און איבערגע־גאַנגען מער און מער אויפן וועג פון לשון חכמים און משנה, מדרשים; נאָך דעם ווי מענדעלע האָט פאַר דער יידישער שפּראַך־ווערקלעכקייט געשאַפן אַן אַדעק־וואַטע העברעיִשע שפּראַך־מעגלעכקייט, וואָס איז געוואָרן אַ שפּראַך־ווערקלעכקייט פאַר זיך און האָט אויסגעצייטיקט אַ רייכע פּראָזע־מסורה (אָנגעהויבן מיט ביאַליק און ש. בן ציון, ז. שניאור און פאַרענדיקט מיט ש״י עגנון און חיים הזז), און בעיקר נאָך דעם ווי העברעיִש איז געוואָרן אַ שמועס־שפּראַך וואָס באַזירט זיך אויף

אַ קאָנגלאָמעראַט פון כלערליי היסטאָרישע און אַקטועלע שפּראַך־מקורות און שטרעבט צו זייער סינטעז.

אַוודאי האָבן דאָ אַ סך אויפגעטאָן די אָריגינאַלע פּראָזע־מייסטער, אָבער נישט ווייניק האָבן אויפגעטאָן די פּראָזע־איבערזעצער. מיט פיל יאָרן צוריק האָבן ישראל כהן און איך געפּלאָנעוועט אַן אַרבעט, מעגלעך אין דער פאָרעם פון אַ באַזונדער ווערטערבוך, וואָס זאָל אויפווייזן, וואָס האָבן די איבערזעצער, בעיקר פון פּראָזע, אויפגעטאָן פאַרן אַנטוויקל פון העברעיִש. די אַרבעט האָט באַדאַרפט באַשטיין אין פאַרגלייך פון איבערזעץ און אָריגינאַל און זיך סיסטעמאַטיש און פּרטימדיק אָפּשטעלן אויף די חיבורים, נישט אַזוי לגבי ווערטער אָדער טערמינען, וואָס דאָס איז אַ מער מעכאַנישער ענין, ווי לגבי באַהעפטן, צירופים, וואָס דאָס איז גיכער אַן אָרגאַנישער ענין, און דער גרעסטער חידוש זייערער איז וועןָ מען פילט עס נישט מער ווי אַ חידוש. אָבער נאָך אַן איבערטראַכט און אַריינטראַכט האָבן מיר איינגעזען, אַז דאָס פאָדערט אַ ים מיט האָרעוואַניע, וואָס בלויז אַ מין אַקאַדעמיע וואָלט זי געקאָנט בייקומען.

ב

אָבער צוריק צום אַנטשיידנדיקן איבערזעצערישן גערעַנגל, און דאָס איז טאַקע מענדעלעס אויפטו, ווייל עס איז געווען דער אינעווייניקסטער, היימישער, אַפילו היימישסטער גערעַנגל — דאָ האָט זיך די אַלטע און זיך פאַרייִנגערנדיקע שפּראַך פון פאָלק, העברעיִש, גערעַנגלט, צו דערגרייכן די וויטאַליטעט פון דער ייִנגערער, לעבעדיקער שפּראַך פון פאָלק, ייִדיש, און האָט זי דערגרייכט אויפן גרונט פון דעמזעלבן סובסטראַט; און דער פּועל־יוצא איז געווען, אַז מענדעלע, וואָס האָט זיך רעזערווירט אי לגבי דעם אויפלעב פון העברעיִש ווי אַ שמועס־שפּראַך, אי לגבי דעם גלויבן אין אַ פּאָליטישער רעסטיטוציע אין ארץ־ישׂראל, האָט, שאַפנדיק אַ וויטאַל גלייכוווערטיקן העברעיִשן נוסח פון זיין פּראָזע, אונדז גאָר היפּש פאַרהאָלפן ביידע רעזערוואַציעס גובר צו זיין. בכלל לאָזט זיך נישט גענוג אָפּשאַצן, וואָס העברעיִש האָט פאַרדינט אין דעם דאָזיקן היימישן, אַפילו היימישסטן גערעַנגל, און ממילא לאָזט זיך נישט גענוג אָפּשאַצן, וואָס פאַר אַ ראָל עס האָט געשפּילט און שפּילט זיין המשך, און מיר וועלן עס אילוסטרירן מיט אַ גרויסער דוגמה — דער גערעַנגל מיטן גרעסטן פּראָזאַיִקער אונדזערן, שלום־עליכם, וואָס איז ווייט נישט קיין אָפּגעשלאָסן קאַפּיטל.

אַוודאי איז די עצם־מעגלעכקייט פון אַ העברעיִשן שלום־עליכם, ווי מיר האָבן אים אין נוסח פון י. ד. בערקאָוויטש, נישט בלויז אַ ראַיה פאַר אַ שפּראַכלעכער קאָנגעניאַליטעט פון אַ בעל־מקרא און אַ בעל־תרגום, נאָר בעיקר אַ ראַיה פאַר דער קאָנוויטאַליטעט פון ביידע שפּראַכן. אָבער וואָס איך האָב געזאָגט און

געשריבן ביי בערקאָוויטשס לעבן, מעג איך זאָגן און שרייבן נאָך זיין פּטירה: אויך זיין ווונדערלעכער אויפטו, פאַר וועלכן ער האָט אַ לעבן אָװעקגעגעבן, איז נאָך ווייט פון אַ קאָנגענאַליטעט און קאָנוויטאַליטעט פון עצם־מקרא און עצם־תרגום, און די מעגלעכקייטן דערצו זענען היינט גרעסער, ווי מיט אַ דור צוריק. אמת, בערקאָוויטשס נוסח איז אויפגעקומען אין אַ צייט, ווען העברעיִש האָט דערגרייכט אַ הויכן שטאַפּל פון אויסדרוק (מענדעלעס דערציילערישע פּראָזע, ביאַליקס פּאָעזיע, אחד העמס פּובליציסטיק), און זיך פּיליגראַנירט אין דער ייִנגערער מאָדערנער פּראָזע, וואָס בערקאָוויטש איז איינער פון אירע רעפּרע־זענטאַנטן, אָבער זייט דעמאָלט זענען אַ סך וואַסערן אַריין אין ירדן און אַרויס פון אים — עס איז פּירגעקומען אַ גוואַלטיקער שפּראַך־פּראָצעס אין לעבן און אין דער ליטעראַטור און פּרעסע, און היינט־צו־טאָג זענען די מעגלעכקייטן פאַר אַ באמת גלייכווערטיקן און גלייכשטאַפּלדיקן העברעיִשן שלום־עליכם גרעסערע ווי פריִער, ווייל עס זענען צוגעקומען אַנדערע און נייע עלעמענטן.

אמת, לעת עתה זענען די מעגלעכקייטן גרעסערע, אָבער נישט בעסערע, ווייל עס איז נאָך נישט אויפגעקומען אַן איבערזעצער וואָס זאָל די איצטיקע שפּראַך־עלעמענטן סינטעטיזירן, ווי בערקאָוויטש האָט די פריִערדיקע שפּראַך־עלעמענטן סינטעטיזירט, אָבער וואָס עס איז נישטאָ היינט, קאָן און וועט זיין מאָרגן, סיי אין דער געשטאַלט פון אַן איינצלנעם סיי אין געשטאַלט פון עטלעכע, וואָס וועלן צווישן זיך אָנפירן די ריינסטע קאָנקורענציע: ווער וועט דאָס באַווייזן דאָס גרעסטע שטיק בריהשאַפט פון אַ לשון־קודשדיקן שלום־עליכם.

ג

שמועסנדיק מכוח דעם היימישן, אַפילו היימישסטן געראַנגל, אַרום איבער־זעצן, טאָר מען נישט פאַרגעסן, אַז מיר האָבן פאַר זיך דאָ צוויי פאַרשיידענע באַדערפענישן: איינס איז פון דעם העברעיִשן לייענער, און דאָס אַנדערע איז פון העברעיִשן לשון. מיט אַ דור צוריק איז עס נישט געווען אַ באַדערפעניש פונעם לייענער, נייערט פון דער שפּראַך; דען דער רוב העברעיִש־לייענער זענען געווען ייִדיש־לייענער און האָבן זיך אין קיין איבערזעצן פון ייִדיש־פּראָזע, בפרט פון שלום־עליכם, נישט גענויטיקט, קאָנענדיק איןביידע שפּראַכן מקיים זיין ביתי ספר ונחזי (לאָמיר נעמען דאָס בוך און נאָכקוקן).

אָבער העברעיִש גופא האָט זיך גענויטיקט — אין איר פאַרצווייגטער איבער־זעצערישער פּאָליטיק, איז דער ייִדישער ליטעראַטור געקומען אַן אויבנאָן; דען אויב די כוונה פון דער פּאָליטיק איז העברעיִש צו פאַרהיימישן די וועלט, אויף וויפיל זי שפּיגלט זיך אָפּ אין די ליטעראַטורן, דאַרף זי דאָך, קודם־כל פאַר־היימישן די אייגענע וועלט, אויף וויפל זי שפּיגלט זיך אָפּ אין דער ליטעראַטור

פון איר אייגענער שוועסטער־שפּראַך, און די איבערזעצערישע פּאָליטיק איז טאַקע אויף דער ליניע געגאַנגען. אָבער איז לעצטן דור איז עס שוין אַ באַדער־פעניש פונעם העברעישן לייענער, דען דער רוב זיינער זענען נישט מער קיין יידיש־לייענער, אַזוי, אַז די איבערזעצערישע פּאָליטיק אויף דער ליניע האָט געקריגן נאָך אַ סטימול און ער טוט זיינס, אַ מאָל אין אַ גרעסערן און אַ מאָל אין אַ קלענערן טעמפּאָ.

## ד

ווי אַזוי דאָס גייט צו און וואָס עס איז דערביי דערגרייכט געוואָרן, וואָלט זיך געלאָזט סומאַריש אָפּשאַצן, ווען מיר וואָלטן געהאַט פאַר זיך אַנטאָלאָגיעס פון יידיש־פּראָזע, לפּחות אין דעם פאַרנעם, ווי מיר האָבן זיי אין יידיש־פּאָעזיע. אָבער אַזאַ כוללדיקע אַנטאָלאָגיע לאָזט נאָך אויף זיך וואַרטן; און אַ פּרווו פון אָפּשאַץ מוז זיך לעת־עתה, באַנוגענען מיט פּאַרטיאַלע אַנטאָלאָגיעס, וואָס זענען ביי אונדז אַרויס. און מיר וועלן אַרויסהייבן צוויי אַזעלכע אַנטאָלאָגיעס.

די איינע אַנטאָלאָגיע וואָס רופט זיך „לא אמות כי אחיה" (איך וועל נישט שטאַרבן נייערט לעבן) און איז אַרויס אין פאַרלאַג ספרית פּועלים, אונטער דער רעדאַקציע פון דוד כנעני און אריה שמרי, און נעמט אַרום פיר־און־צוואַנציק דערציילונגען פון סאָוויעטיש־יידישע שרייבער, וואָס דאַרפן, ווי די רעדאַקטאָרן זאָגן, ווייזן דאָס לעבן פון די יידן אין סאָוועט־רוסלאַנד אין שפּיגל פון זייער ליטעראַטור — די רעוואָלוציע, די פּאָגראָמען, די סאָציאַלע און קולטורעלע איי־בערבייטן, קאָלאָניזאַציע, בירא־בידזשאַן, די גרויסע בויונג, די מלחמה, דער אומקום. דער באַציייכן: זייער ליטעראַטור איז אַ באַשרענקטער, האָבן מיר נאָך פאַר זיך בלויז וואָס מען האָט געמעגט שרייבן, און גענוג צו לייענען „דאָס אייביקע פייער" פון א. צפוני, וואָס דרוקט זיך אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" אין המשכים, כדי צו פאַרשטיין, ווי ווייט דאָס איז פון דעם, וואָס מען האָט געדאַרפט און געוואָלט שרייבן. אָבער ווער עס האָט זיין אויער צוגעוווינט נישט בלויז צו הערן דעם אויבערטאָן, נאָר זיך איינצוהערן צום אונטערטאָן, וועט, אויך פון דעם, וואָס מען האָט געמעגט שרייבן, אַרויסהערן נישט ווייניק פון דעם, וואָס מען האָט געדאַרפט און געוואָלט שרייבן. די אַנדערע אַנטאָלאָגיע רופט זיך „מכאן ומקרוב" (פון הי און פון דער נאָענט); און איז אויך אַרויס דורך ספרית פּועלים, אונטער דער רעדאַקציע פון מרדכי חלמיש, און נעמט אַרום פינף־און־זעכציק יידיש־שרייבער, וואָס האָבן געשריבן דערציילונגען וועגן לעבן אין ארץ־ישראל. די צאָל איז אַ גרויסע און מאַכט אַ רושם, אָבער מען דאַרף געוואָרנט זיין נישט איבערצוכאַפּן די מאָס — דאָס נייע, לעבעדיקע ארץ־ישראל איז ווייט געווען צו זיין אַ צענטראַלע טעמע אין דער יידישער ליטעראַטור, אָבער ווי עס שטעלט

זיך אַרויס פון דער איבערגעזעצטער אַנטאָלאָגיע, סיי אין פּראָזע — „וואָרצלען", רעדאַקטירט פון אריה שמרי, סיי אין פּאָעזיע „ארץ־ישׂראל אין דער ייִדישער ליטעראַטור", רעדאַקטירט פון מרדכי יפה, — איז ארץ־ישׂראל געווען איינע פון די זייטיקע, אָבער געגנוג אַנזעעוודיקע טעמעס אין דער מאָדערנער ייִדיש־ליטע־ראַטור, און ווערט ערשט, אין איצטיקן דור, אַ גאָר צענטראַלער פּאָסטן אין איר חשבון.

די אַנטאָלאָגיע „מכאן ומקרוב" האָט אַ זייער קאָליריקן צוזאַמענשטעל פון מחברים און חיבורים — פאַראַן צווישן זיי שטענדיקע און פאַראַן צווישן זיי פּאַרבייַיִקע ייִדיש־שרייבער; פאַראַן צווישן זיי וואָס האָבן אַמערשט געשריבן ייִדיש און אַוועק צו העברעיִש און זיך צו ייִדיש מער נישט אומגעקערט; פאַראַן וואָס האָבן זיך שפּעטער צום טייל צוריקגעקערט; פאַראַן וואָס האָבן זיך אַליין איבער־געזעצט; פאַראַן וואָס זייערע עלטערע איבערזעצן האָבן פאַרלאַנגט אַן אַנדערן נוסח, ווי ער פּאַסט פאַרן איצטיקן מעמד און העברעיִש; און דער רוב האָט זיך געגנויטיקט אין ערשטן איבערזעץ. דער צד השווה פון די אויפגעקליבענע מחברים און חיבורים (אויפקלייבן ממש, ווייל די זאַכן זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט אין ביכלעך, זשורנאַלן, העפטן וכדומה) איז, וואָס מיר האָבן דאָ שטיקער ממשותדיק לעבן פון און אין ארץ־ישׂראל, און דאָס איז דער עיקר חילוק צווישן אַזאַ פּאָעזיע־אָפּקלייב און פּראָזע־אָפּקלייב — די ערשטע איז אַ מין ירושלים של מעלה, די אַנדערע אַ מין ירושלים של מטה. און ווי זאָגט דאָס געטע: רויזן קאָן מען שמעקן, עפּעל מוז מען בייסן.

[כ"ב כסלו תשל"א]

# אַ שמועס וועגן הומאָר

## א

אַז ניין זאָגן שיכור, מוז זיך דער צענטער לייגן שלאָפן — איז אַ באַקאַנט ווערטל, און מען קאָן עס, פאַרשטייט זיך, אַנווענדן אין כלערליי מאָדולאַציעס. כדי נישט פאַרקריכן צו ווייט, נעמט, אַ שטייגער, מיין ווייניקייט, וואָס מער ווי אַ מנין ייִדן האָבן מיך באַצייכנט ווי אַ פאָלקלאָריסט, און דאָס בעיקר אויפן סמך פון מיינע צוויי אַנעקדאָטן־ביכער „קערת צימוקים" (אַ שיסל ראָזשינקעס) און „קערת אגוזים" (אַ שיסל ניס), וואָס אַנטהאַלטן צוזאַמען צוויי טויזנט און צוויי אַנעקדאָטן, מיט כלערליי וואַריאַנטן. האָב איך מיך נישט געחידושט, וואָס אויף מיינע לעקציע־טורן איז דער ענין הומאָר געווען אַ קראַנטנער אַרטיקל, און איך בין געווען צופרידן, וואָס עס איז מיר אויסגעקומען צום מערסטן צו רעדן דאַריבער אין לעצטן רעפעראַט ביים ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין בוענאָס־איירעס, און דאָס בעיקר מחמת דריי טעמים.

## ב

דער ערשטער טעם: הומאָר איז סתם אַ פּאַסיקער ענין פאַר געזעגענען זיך, בפרט אַז עס לאָזט זיך אָנהייבן מיט אַ מאמר פון אונדזערע חכמים: לעולם אל ייפטר אדם מחברו אלא מתוך דבר־הלכה, שמתוך כך זוכרהו; דאָס מיינט: אַז איינער דאַרף זיך געזעגענען מיטן אַנדערן, זאָל ער עס טאָן מיט אַ דבר־תורה, ווייל צוליב דעם וועט ער אים געדענקען. פרעגט די וועלט צוויי קשיות — די ערשטע קשיא: פאַר וואָס הייסט עס נישט: בדבר הלכה, נאָר מתוך דבר־הלכה, מיינט דאָך דאָס וואָרט: מתוך פון דער מיטן; די אַנדערע קשיא, צי מעג מען אונדזער ענין, הומאָר, האַלטן פאַר אַ דבר־תורה. איז וואָס שייך דער ערשטער קשיא, ענטפערט די וועלט: באמת דאַרף מען זיך געזעגענען מתוך דבר־הלכה, דאָס הייסט, מען זאָל דעם דבר־תורה נישט צופירן ביזן סוף, אַז נאָכן געזעגענען און צעשיידן זיך זאָלן זיך ביידע צדדים אַריינקלערן אין דעם דבר־תורה, וואָס האָט זיך אָפגעהאַקט אין מיטן, און איטלעכער פון זיי זאָל עס פאַר זיך ווייטער שפינען און דערפירן צום סוף. דאָס האָבן טאַקע די חכמים געמיינט זאָגנדיק: שמתוך כך זוכרהו, צוליב דעם, וואָס זיי זענען בלויז דערגאַנגען ביז צו דער

מיט, מוזן זיי ביידע ווייסער קלערן און געדענקען ממילא איינער דעם אַנדערן. אויף דער אַנדערער קשיא ענטפערט די וועלט מיטן באַקאַנטן זאָג: אַ גויִיש גלייכוווערטל איז, להבדיל, אַ תורה. לאָזט זיך דערפון ממילא דרינגען אַ קל־וחומר: אויב עס שטייט אַזוי מיט אַ גויִיש גלייכוווערטל, איז דאָך אַ קימאַ־לן, אַז אַ ייִדיש גלייכוווערטל איז אַוודאי אַ תורה. און אַזוי ווי דאָס ייִדישע גלייכוווערטל ווערט פאַררעכנט פאַר אַ וואָגיקן עלעמענט פון ייִדישן הומאָר, און נאָך מער דער אַנעקדאָט, וואָס איז לרוב נישט מער ווי אַ סיפּור־מעשׂהדיק אַנטוויקלט גלייכ־ווערטל, מעגן מיר זאָגן, אַז דאָס גלייכוווערטל, לאַ־כל־שכן דער אַנעקדאָט, איז אַ פּרט אין כלל, וואָס רופט זיך הומאָר, און מיר ווייסן דאָך, אַז אין בכלל אלא מה שיש בפרט, עס איז נישטאָ אין כלל וואָס עס איז נישטאָ אין פּרט און פאַרקערט.

דער נמשל פון דעם אַלעמען, אַז אויב אַ שמועס פון הומאָר באַטראַכט זיך פאַר אַ דבר־תורה, איז כדאַי אָנהאָקן און אָפּהאַקן, און אויב מען וועט מיך נישט געדענקען דעם בעל־תורה, וועט מען געדענקען דעם דבר־תורה.

ג

דער צווייטער טעם: איך בין כלל נישט זיכער, ווי עס זענען מיינע אָפּ־שאַצערס, אַז דער ענין פון הומאָר, אַפילו ווען ער באַגרענעצט זיך אויפן תחום פון וויץ, אַנעקדאָט, הלצה, האָט טאַקע צו טאָן מיט פאָלקלאָר, און דער וואָס פאַרנעמט זיך דערמיט איז אַ פאָלקלאָריסט. אָט בין איך אַ זאַמלער פון דעם מאַטעריאַל, און פאַרשטייט זיך נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער — פאַר מיר זענען געווען ראַוניצקי, דרויאַנאָוו, א. מ. וויזען, עמנואל אָלסוואַנגער, מרדכי ליפּסאָן, אויב אויסרעכענען בלויז די, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן היפּשע זאַמלונגען, נאָך מיר וועלן זיין אַנדערע. און אויב עס איז בכלל פאַראַן ביי מיר אַ באַזונדערע נאָטע, איז עס, וואָס איך ברענג, ווי אַזוי איך האָב דעם אַנעקדאָט געהערט און פון וועמען איך האָב אים געהערט, אָבער שווער צו זאָגן, אַז די אַנעקדאָטן, וואָס איך האָב געזאַמלט און פּובליקירט, זענען טאַקע פאָלקלאָר, ווי דער ענין ווערט געוויינטלעך פאַרשטאַנען, משמע — אַ פּראָדוקט פון פאָלקס־הומאָר, און נאָך דערצו פון פאַרזשטערן עולם.

אַ דורכקוק פון די פּופּצן גרופּעס, אין וועלכע דער מאַטעריאַל איז איינגע־טיילט — און עס איז פאַרט אַ גענוג אָביעקטיווער איינטייל — שטאַרקט דעם ספק: ווערטער פון רבנים, דיינים, לומדים, ווערטער פון אדמו״רים און ווערטער פון זייערע חסידים, ווערטער פון שרייבער אין דער השׂכּלה־צייט, ווערטער פון חכמים, פאַרשער, געלערנטע, ווערטער פון שרייבער אין די לעצטע דורות, ווערטער פון מאָלער, מוזיקער, אַקטיאָרן; ווערטער פון פירער, כלל־טוער, עסקנים.

דאָס אַלץ טראָגט לרוב דעם סטאָפּעלן חותם פון יחידים, וואָס זענען, מער אָדער ווייניקער, תלמידי חכמים, בלויז אַ טייל קינסטלער הינקען דאָ עפּעס אונטער, אָבער אויך זיי האָבן מיט די פּריזערדיקע אַ צד השווה — עס זענען בפירוש אינטע־ליגענטן, וואָס זענען זיכערע קאָנסומענטן, אָבער מסופּקדיקע פּראָדוצענטן פון פאָלקלאָר.

אין פלוג וואָלטן די צווייטע ווייטערע גרופּעס: ווערטער פון שטיפער, שפּאַס־פייגל, חוזק־מאַכער און ווערטער פון נאַראָנים, פּראָסטאַקעס, עם־הארצים יאָ געווען קאַנדידאַטן דערצו, אָבער לרוב זענען דאָס פּראָדוקטן פון תלמידי־חכמים פון גרעסערן אָדער קלענערן קאַליבער, וואָס שפּילן פּראָסטאַקעס וכדומה, און קלערן די אַנעקדאָטן אויס אין זייער נאָמען, און עס איז געגוג אַ קליינער אַנאַליז פון די חריפותן, וואָס שטעקן אין דעם מאַטעריאַל, כדי מען זאָל לייכט אויסגעפינען, אַז עס איז טאַקע אַזאַ פּראָדוקט.

דאָס איז, אין גראָבע ליניעס, חל אויך אויף די ווייטערדיקע גרופּעס — הלצות מכוח פרומקייט און אַפּיקורסות, אַנעקדאָטן וועגן די באַציִען צווישן ייִדן און גויִים, לאו־כל־שכן אויף כלערליי סאָרטן פון שטיפערישע אויסטייטשן פון פסוקים, דברי חז״ל וכדומה, ווו דער זעלביקער ט״פ פון חריף קלערט אויס בישט בלויז די תלמיד־חכמישע, נאָר אויך די עם־הארצישע שטיפעריי, און דאָס חריפות פון ביידע איז אַן עדות דערויף. בלייבן נאָך די הלצות וועגן ליטוואַקעס, וואָס חוזקן אָפּ פון גאַליציאַנער, אַשכנזים, וואָס חוזקן אָפּ פון ספרדים; תימנער, וואָס חוזקן אָפּ פון ביידע; כל מיני ייִדן וואָס מאַכן חוזק איינס פון אַנדערן, ווי מיר האָבן זיי בעיקר איצט אין ארץ־ישׂראל, ווו די באַגעגעניש צווישן כל־ערליי ייִדישע שבטים איז די קאַליריקסטע און מאַקסימאַלסטע.

יאָ, צו לעצט בלייבט אַ רובריק, וואָס נעמט טאַקע אַרום דעם ארץ־ישׂראלדיקן הומאָר אין די לעצטע הונדערט יאָר בערך. אין מיין ערשטן בוך האָב איך אים געגעבן צום סוף, אין צווייטן בוך האָב איך אים שוין געשטעלט אין מיטן; מעגלעך, אַז אין דריטן בוך וועל איך אים געבן בראש און דאָס איז, דוכט זיך, שוין געגוג, מרמז צו זיין אויפן חילוק צווישן דער עלטערער סטאַטישער כלל־הלצה וואָס מען האָט געבראַכט קיין ארץ־ישׂראל, און דער נייערער דינאַמישער הלצה, וואָס האָט זיך געשאַפן אין ארץ־ישׂראל. עס פאַרשטייט זיך, אַז די עלטערע איז מער אָפּגעזיפּט אָבער אויך אָפּגעקילטער, און די ייִנגערע איז נאָך צעוירן, אָבער וואַרעמער.

## ד

דער דריטער טעם: דער אַנאַליז פון די גרופּעס ווייזט באַשיימפּערלעך, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ הומאָר, וואָס אַנשטאָט דעם פרעמדן נאָמען: פאָלק־

לאָר — וואָס ביאַליק האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער איז נישט מער ווי האָר און נעגל, וואָס צו פיל וואַקסן טאָר מען זיי נישט לאָזן — פּאַסט זיך אים גיכער דער היימישלעכער נאָמען: שיחת חולין של תלמידי חכמים. און אויב די דאָזיקע סברה, וואָס איך בין דערגאַנגען צו איר אין מיין זאַמלערישער אַרבעט, באַרויבט פון מיין מי דעם נאָמען פאָלקלאָר און פון מיר דעם טיטל פאָלקלאָריסט — בין איך אויך נישט אומגליקלעך.

## ה

ערשט נאָך די אַריינפיר־באַמערקן לאָזט זיך רעדן מכוח די טעאָריעס וועגן יידישן הומאָר — אָבער דאָ פאָדערט זיך קודם־כל אַ תשובה אויף אַ שאלה: וואָס איז דער סובסטראַט פון די טעאָריעס, אָדער פּשוטער געזאָגט: אויף וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל האָבן זיי זיך סומך געווען און זיך אויפגעבויט? ומי לנו גדול כזיגמונד פרויד, וואָס האָט אַ גאַנצע מסכתא דעריבער, און קלענערע גדולים, אָנגעהויבן פון אַלעקסאַנדער מאָשקאָווסקי און פאַרענדיקט מיט פעליקס וועלטש — זיי אַלע ברענגען אָן אָפּקלייב פון קאָנקרעטע וויצן ווי אַ באַזע פאַר זייערע דערקלערונגען, אָבער אַז מען נעמט זיך זיי בודק זיין, שטעלט זיך אַרויס, אַז די וויצן זענען לרוב פון אַ באַזונדערן סאָרט — יענע, וואָס יידן דערציילן אין אַ פרעמד לשון, די אַזוי גערופענע שמאָנצעס און לאַצעלעך (מעשׂות און הלצהלעך). זיי זענען פאַרביסן און בייסיק, געריסן און אויפרייסעריש, מיט אַן אָפענעם מאַזאָ־כיזם כלפי זיך אַליין, און אונטער אים לאָקערט אַ באַהאַלטענער סאַדיזם כלפי די גויים, בערך דער פסיכאָלאָגישער מעכאַניזם, וואָס פרויד ברענגט אים אין אַנעקדאָט וועגן קאָרטן־שפּילער: איין שפּילער האָט געכאַפּט זיין מיטשפּילער ביי אַ שווינדל און אים אויסגעזידלט, האָט יענער אים אָפּגעענטפערט: וואָס קאָנסטו שוין זיין פאַר אַ לייט, וואָס זעצט זיך אַנידער שפּילן אין קאָרטן מיט אַ מענטשן ווי איך, וועלכער זעצט זיך אַנידער שפּילן מיט אַ מענטשן ווי דו.

## ו

עס איז דער וויץ, וואָס איז צו ערשט אויפגעקומען ביי דייטשיש־שרייבנדיקע יידן, אין דער פיינערער פאָרעם ביי אַ טראַגישן משומד — היינריך היינע, און אין אַ גרעבערער פאָרעם ביי אַ קאָמישן משומד — מאָריץ גאָטליב סאַפיר. יאָ, ווען דער גרויסער דייטשישער דיכטער און טראַגיקער פרידריך העבעל האָט זיך אָנגעשטויסן אויף דעם דאָזיקן הומאָר, לייענענדיק סאַפירס לאַכרייקעס, איז ער געווען כולו שטוינען. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער הומאָר פון אַ פאָלק אַנטפּלעקט זיך אין זיינע מקורות, און אַזוי ווי ער האָט אין דעם יידישן מקור־המקורות, אין תנך, נישט געפונען בלויז אַ ווערקלעכקייט, באַר אויך נישט

אַ מעגלעכקייט פאַר אַזאַ הומאָר, ווי סאַפיר האָט אים פּראָדוצירט, האָט ער אָנגענומען, אַז מסתמא האָבן זיך דעם ייִדן, אין זיינע וואָגלענישן און יסורים, אַלע קאַנטורן אַזוי צעדרייט און צעקרימט, אַז עס איז אַרויס אַזאַ פאַרזעעניש פון הומאָר. וואָס העבעל האָט נישט געוווּסט איז, אַז דאָס איז בלויז אַ הומאָר פון אַ ייִדן, וואָס בדחנט אין די אויערן פון די גויִים. מעגלעך, אַז העבעל האָט דערשפּירט, אַז דער עמאַנציפּאַציע־ייִד און זיינע יורשים איז אין דער פרעמדער ליטעראַטור אַ קונצנמאַכער, אַ שטריקטענצער, אַ גאַוקלער.

צום באַדויערן האָבן סיי פרויד, סיי אַנדערע געהאַט פאַר זיך בעיקר אָט דאָס פאַרזעעניש — וואָס זיי ברענגען, האָבן זיי געהערט אָדער געלייענט אין דער סביבה און אין גייסט פון דעם סאָרט לאַצעלעך, וואָס בלייַען נאָך היינט אין די פרעמד־שפּראַכיקע געזעמלען, וואָס ווילן כביכול רעפּרעזענטירן אונדזער הומאָר. מיר שטרייכן דאָס אונטער, ווייל עס איז די הלצה, וואָס ייִדן דערציילן צווישן זיך אין זייער אייגענער שפּראַך, און בלויז ער איז לעגיטים ווי אַן אָנשפּאַר פאַר טעאָריעס, וואָס וואַרטן נאָך אויף זייערע טעאָרעטיקער. זיי וואַרטן נאָך — ווייל דאָס ביסל פּירושים, וואָס זענען דאָ און דאָרט קאָנסטרויִרט געוואָרן וועגן הומאָר פון ייִדן צווישן זיך, איז געמאַכט מיט שבתדיקע שטעך — אַ מאָל אימפּראָוויזאַטאָריש אָן לייטישע אסמכתות און לרוב מיט אַ בלוטאָרעם בינטל ראיות.

ז

אַוודאי געדענק איך, אַז א. א. דרויאַנאָוו האָט אָנגעשריבן אַ גרויסן אַריינפיר צו זיין „ספר הבדיחה והחידוד" אין דער ערשטער, פראַנקפורטער אויסגאַבע, און האָט עס אויסגעברייטערט אויף אַ גרויס בוך, וואָס איז אָבער ביז היינט נישט אַרויס. און דרויאַנאָווס צוגאַנג האָט אַ באַזונדערן באַטייט — דווקא ווייל ער באַווייזט, אַז רוב אַנעקדאָטן אין זיין דרייבענדיקן בוך זענען אויסגעלייַען, און ער ברענגט, מיט אַן אויסערגעווייִנטלעכער בקיאות, די ליטעראַטור וועגן דעם, איז ער דאָך מחויב צו דערקלערן, מיט וואָס און דורך וואָס איז דאָס אויסגעלייַענע געוואָרן און אויף וויפל עס איז געוואָרן ייִדיש.

אָבער דאָ דערלויב איך מיר אַ רעזערוואַציע — די צוויי חשובסטע זאַמלונגען פון ייִדישן הומאָר, וואָס איך האָב פאַר מיר געטראָפן, זענען דרויאַנאָווס און ליפּסאָנס, אָבער פאַראַן אַן אָנטשיידנדיקער חילוק צווישן ביידע: דער ערשטער, כאָטש פול מיט נאַציאָנאַלן אויפשווונג, איז אָבער אין זיין אַנעקדאָטן־בוך ממשיך מענדעלעס קוק אויף דעם ייִדישן מענטש, און דאָ און דאָרט שעמערירט אַפילו קוים עפּעס פון שלום־עליכמס קוק, בשעת ליפּסאָן איז, אין זיין אַנעקדאָטן־בוך, ממשיך שלום־עליכמס און נאָך מער פרצעס קוק אויף דעם ייִדישן מענטש. איז

עס טאַקע אַ מין צולהכעיס, וואָס בשעת דרויאַנאָווס בוך צייכנט זיך אויס מיט אַ יאָדערדיקן, קאָנדענסירטן גוסח, ממש געגאָסענע מטבעות, האָט זיך ליפּסאָן נישט אַרויסבאַפרייט פון אַן איבעריק באַרעדעוודיקן סטיל.

ח

יאָ, דערמאָנענדיק מענדעלען האָב איך מיך מתכוון געווען צום קינסטלער אין אים, וואָס האָט נישט גובר געווען דעם משכיל אין זיך; דערמאָנענדיק פרצן האָב איך מיך מתכוון געווען צום קינסטלער אין אים, וואָס האָט גובר געווען דעם משכיל אין זיך. עס איז מסתמא געווען אַ שטאַרקער גראַנגל. נתן בירנבוים, וואָס האָט באַזוכט פּרצן קורץ פאַר זיין טויט, דערציילט, אַז פּרץ האָט אים אַרויסבאַגלייט, און שטייענדיק אויף די טרעפּ, מאַכנדיק אַן אַוועקשמייסערישע תנועה מיט דער האַנט, אַ זאָג געטאָן: איך האָב איצט אַוועקגעוואָרפן די לעצטע שמאַטע פון דער השכלה. איך שטרייך אונטער דאָס חשיבות פון דעם גראַנגל, — ווייל עס איז חל אויך אויף אונדזער ענין: דער משכיל אין מזרח־אייראָפּע האָט זיך אַריינגעקוקט אין זיינס גלייכן אין מערב־אייראָפּע, און ער האָט זיך אין אים נישט בלויז אַריינגעקוקט, נאָר האָט אויף אים אַרויפגעקוקט, און האָט אין אים געזען היינס, וואָס ער אַליין וועט זיין מאָרגן, און אַ סך פון יענעמס מענטאַליטעט איז צו אים אַריבערגעוואַנדערט און איז אים אויך אַריין אין די ביינער. דער ווייץ פון יידן צווישן זיך האָט נישט ווייניק איינגעזאַפּט פונעם ווייץ פון יידן צווישן זיך און די גויים, און ווען נישט די אייגענע שפּראַך, וואָס האָט זיך, לויט איר טבע און מסורה, געווערט, וואָלט ער פון יענעם פאַרזעעניש פאַרפלייצט געוואָרן.

הייסט עס, אַז אויך אויף אונדזער הלצה איז חל דער פּראָצעס פון אויטאָ־עמאַנציפּאַציע, און דווקא דרויאַנאָוו, וואָס האָט געשריבן די אויסשעפּנדיקסטע מאָנאָגראַפיע וועגן פּינסקער דעם בעל־„אויטאָעמאַנציפּאַציע", איז, אין זיין הומאָר־אויפקלייב, אַ היפּש ביסל שטעקן געבליבן פאַר איר.

ט

דאָס איז, בעצם, געווען די הומאָר־זאַמלערישע סיטואַציע, ווען איך האָב, מיט דריי און פערציק יאָר צוריק, אָנגעהויבן מיין אַרבעט, און וואָס מער איך בין אַריין אין איר, איז מיר אַלץ מער קלאָר געוואָרן דער חילוק צווישן דעם אויפגעשרויפטן פאַרזעעניש, און דאָס איז דער הומאָר, וואָס יידן דערציילן גוייש און פאַר גויים, און דער נאַטירלעכער ברייה, און דאָס איז דער הומאָר, וואָס יידן דערציילן יידיש צווישן זיך אַליין. אָבער נאָך דעם, ווי דאָס איז מיר קלאָר געוואָרן, האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן די אומקלאָרקייטן, די מיני שוועריקייטן, וואָס דער קאָנסומענט, דער לייענער פון אַנעקדאָטן, איז פּטור פון זיי, ווייל זיין

גאַנצע עובדא איז הערן אָדער לייענען אַן אַנעקדאָט — געפעלט ער אים, צעלאַכט זיך אים דאָס פנים; געפעלט ער אים נישט, פאַרקרימט ער דאָס פנים. אָבער דער פאָרשער איז נישט פטור פון זיי — אָבער די צרות, מיט וועלכע ער מאַטערט זיך, געהערן אין אַ באַזונדערן רייסטער.

[שבט תש״ל]

## צווישן צוקונפט און „צוקונפט"

אַ וואָרט צום פינף און זיבעציקסטן יובל

דאָס וואָרט צוקונפט איז בדוחק אַ יידישלעך וואָרט, מעגלעך אַז איך האָב עס געהערט ערגעץ־ווען פון מיין טאַטן, אָבער זיכער, אַז איך האָב עס נישט געהערט פון מיינע זיידעס, אַנדערש אָבער דער נאָמען „צוקונפט" — עס איז, שוין צוליב זיינע זכיות, אַ גאָר יידישלעך וואָרט. אַ קליינינקייט, דאָס שער־בלעטל אין שיינדל פון אַזוי פיל יאָר יידישן געדאַנק, יידיש געפיל, יידישע פאַנטאַזיע, יידישע שאַ־פונג — בקיצור: אַזוי פיל יאָרן יידיש וואָרט, און ווי עס טרעפט זיך געוויינטלעך, אויב נישט תמיד: עס איז, מחמת די פיל יאָר און די פיל פאַרדינסטן, אַ מין אינ־טעגראַל, וואָס אַלע דיפערענציאַלן, וועלכע האָבן זיך דערווייל פאַנאַנדערגעוואַקסן, פאַרקריכן זיך אַ ביסל און זאָגן איר, לכרחם צי לרצונם: יישר כוח.

ב

איך גופא פאַרדאַנק דער „צוקונפט" אַ סך — ווי אַ לייענער, איבער פופציק יאָר, אַז איך לייען זי חודש־חודש, אַ ים פון הנאה; ווי אַ לערער — איך שיק צו איר אָפּ דעם תלמיד, ער זאָל לערנען די ליטעראַטור און זאָל לערנען וועגן דער לי־טעראַטור; ווי אַ כמו־היסטאָריקער — זי איז דאָך איינער פון די סייסמאָגראַפן פון די לעצטע דריי יידישע דורות.

ג

און דער עיקר אויפטו — ווי זי איז, שריט פאַר שריט, אַריבער פון דער פערי־פעריע און אַריין אין צענטער. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז נישט געקומען פון זיך אַליין — דערצו געהערן רעדאַקטאָרן, וואָס ווייסן וואָס זיי ווילן. „צוקונפט" האָט געהאַט צו זיי אַ באַזונדער מזל. כבוד די וואָס זענען געווען; ליבשאַפט די, וואָס זענען דאָ, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, אָמן.

[תשכ"ז]

# המשך, עבר, יידיש

אמר המחבר: אין די זעקס וואָכן, וואָס איך בין געווען אין בוענאָס־איירעס, האָב איך געהאַט אַ סך שמועסן מיט שרייבער און זשורנאַליסטן, און עטלעכע פון זיי זענען אויך אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער דאָרטיקער, סיי יידישע סיי שפּאַנישער פּרעסע. דוכט זיך, אַז די שאַרפסטע קשיות, האָט מיך געפרעגט משה קויפמאַן, אַ גאָר אינטעליגענטער, פיינפיליקער שרייבער, און האָט די תשובות מיינע גע־בראַכט אין „דאָס נייע וואָרט", און פון דאָרט זענען זיי איבערגעדרוקט געוואָרן אין „פאָלקסבלאַט", און איצט דאָ ווערן זיי געבראַכט מיט עטלעכע נויטיקע קאָ־רעקטן און שינויים.

ציי איז פאַראַן אַן אידעיש־קינסטלערישער המשך אין דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור?

ווי איך פאַרשטיי, זענט איר זיך מתכוון בעיקר צו די לעצטע צוויי יאָרצענד־ליקער, אָבער די קשיא דאַרף אַריינגעמען אַ סך מער און אַ סך לענגער. אין דער שפּיץ פון דער קשיא איז, נישט בלויז צי עס איז פאַראַן, נאָר אויך, אויב אָדער ווי ווייט, עס איז מעגלעך אַזאַ המשך אין אַ ליטעראַטור, וואָס צייכנט זיך אויס מיט אַ ראַפּידן אַנטוויקל, וואָס מיר טרעפן נישט זיינס גלייכן אין קיין שום אייראָ־פּעיִשער ליטעראַטור. אדרבה, ווייזט מיר דאָרט אָן אַזאַ פאַקט, אַז אליקום צונזער און משה לייב האַלפּערן לעבן אין דער זעלבער צייט און אויפן זעלבן אָרט, דער ערשטער שרייבט נאָך, דער אַנדער׳ער שרייבט שוין; אָדער אַז מענדעלע לעבט נאָך און גנעסין איז שוין געשטאָרבן, אַנדערש געזאָגט: דער עלטער־זיידע לעבט נאָך בשעת דאָס אוראייניקל איז שוין געשטאָרבן. דער גענעטישער אַנטוויקל־גאַנג פון מענדעלע ביז גנעסין מיינט, בעצם, דער גאַנג פון פרע־רעאַליזם ביז סור־רעאַליזם, אַזוי אַז דער קאָריפע פון דעם ערשטן שטראָם לעבט און שרייבט און דער פרעקורסאָר (נישט בלויז ביי אונדז נאָר בכלל, ווי לאה גאָלדבערג האָט עס אָנגעוויזן) לעבט נישט מער און שרייבט נישט מער. דורך דראַסטישן משל וואָלט מען געקאָנט זאָגן: סאַלטיקאָוו־שטשעדרין לעבט נאָך ווען דזשעמס דזשויס איז שוין געשטאָרבן. יאָ, וואָס האָט אין אַנדערע ליטעראַטורן גענומען דורות, געשעט ביי אונדז אין דער רעם פון אַ דור. מען זאָגט טאַקע, אַז ווי עס קריסטלט זיך,

אַזוי ייִדלט זיך, אָבער היות מיר זענען אַזוי שפּעט געקומען צום קריסטלען זיך, מאַכן מיר דאָס זייער האַסטיק.

אמת, אין דער האַסטיקייט פאַרלירן זיך די האַלב־און פערטל־טענער, אָבער די הויפּט־טענער זענען הויך און טיף, ווי זיי זענען אין דער ליטעראַטור, אויף וועלכער מען שפּאַרט זיך אָן. מעגלעך, אַז דאָס איז אַ כלל גאַנג פון אונדזער ליטעראַטור פון פריִער, דען וויפל האָט עס, אין העברעיִש־סעקטאָר, געדויערט פון נפתלי הירץ וויזל ביז ביאַליק, און וויפל האָט עס, אין ייִדיש־סעקטאָר, גע־דויערט פון מענדל לעפין ביז מענדעלע. מעגלעך, אַז אַפילו אין די גאָר פריִע דורות זענען מיר גאָר גיך אַריינגעשפּרונגען אין פּראָצעס פון פּרעמדע פאָרמען, און די עיקר קשיא איז, וואָס פאַר אַ נייעם, רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט האָבן מיר אין זיי אַריינגעבראַכט, און ווי ווייט דער אינהאַלט איז אָן אייגענער. אומקערנדיק זיך צו אונדזער צייט, קאָנסטאַטירן מיר די האַסטיקייט פון פאַרשלינגען מיט אַ מאָל אַנטוויקל־פאַזן, וואָס האָבן ערגעץ אַנדערש געדויערט עטלעכע דורות. אמת, אין דער ייִדיש־ליטעראַטור שפּירט מען עס איצט נישט אַזוי שטאַרק, ווייל מחמת דעם קליינעם נאָכוווקס איז היינט צו טאָג דער רוב שרייבער באַיאָרטע, און אַ שרייבער אונטער די פופציק ווערט אַלץ מער אַ זעלטנקייט. אָבער דאָס שפּירט מען שטאַרק אין דער העברעיִש־ליטעראַטור און דאָס, פאַרשטייט זיך, אין ארץ־ישראל, ווייל חוץ איר איז היינט כמעט קיין העברעיִשע ליטעראַטור, בעיקר שייִנע ליטעראַטור, נישט פאַראַן, און די פּאָר יוצאים מן הכלל באַשטעטיקן בלויז דעם כלל. ווער עס לעבט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור־ספערע זעט ממש, ווי אויף דעם קליינעם שטח דרענגען זיך צוזאַמען דריי ביז פיר דורות שרייבער.

בכלל איז כדאַי אַ קוק דערלאַנגען אויפן גאַנג פון דער ליטעראַטור — איר מאָדערנער נוסח הייבט זיך, בעצם, אָן מיט איר פּרעסע און ווערט ממשדיקער מיט די בילויים, און דער עליה מיט און אַרום זיי, וואָס האָבן געבראַכט עטלעכע שרייבער, אָבער קיין נייעם דור שרייבער נישט אויסגעצייטיקט. אַזוי שטייט עס, בעצם, אויך מיט דער צווייטער עליה, וואָס האָט געשאַפן אַ ליטעראַרישן צענטער, וואָס האָט אונטער זיך אין לאַנד געהאַט אַ קליינע לייענער־פּעריפעריע, ווייל דער גאַנצער נייער ישוב איז נישט אַריבער די צאָל פון עטלעכע טויזנט, אָבער לויט איכות און פאַרנעם איז דאָס געווען אַ צענטער, וואָס איז געווען מסוגל צו שפּייזן אַ פאָלק. אָבער אויך די עליה האָט קיין נייעם דור שרייבער נישט אויפגעשטעלט, און דעם חסרון האָבן ממלא געווען די נייע עליה־כוואַליעס. די ערשטע פאַלאַנגע העברעיִש־שרייבער זענען די דערוואַקסענע קינדער פון דער דריטער און פערטער עליה, און די צייטיקע ערשטלינגען זייערע האָבן זיך באַוויזן אין סוף פון די דרייסיקער יאָרן, משמע, אַז דער נייער ישוב האָט געוואַרט אויף זיי כמעט זעכציק יאָר.

די ערשטע גרופּע פון די דאָזיקע שרייבער זענען בעיקר געווען פאַרטאָן אין בעלעטריסטישע ווערק, אין דעם גאַנצן קאָנגלאָמעראַט פּראָבלעמען פונעם ישוב, און זיינע ראַנגלענישן, אויף אָנצורופן נעמען: — יזהר, משה שמיר, אהרן מגד. דער דור נאָך זיי, האָט שוין אַ לויזערע באַציִונג צו דעם קאָמפּלעקס, און ווי וויל דאָס זענען נישט פאַרענדיקטע אַנטוויקל־פּראָצעסן, לאָזט זיך שווער זאָגן, ווי ווייט די לויזקייט וועט דערגרייכן, אָבער דאָ, פונקט ווי דאָרט, זענען פאַראַן בולטע סימנים פון אַ קאַמף צווישן דער אָפּהענגיקייט פון מאָדערנע ניהיליסטישע ליטע־ראַטור־השפעות פון דער אייראָפּעיִש־אַמעריקאַנער ליטעראַטור, און זייער שנעלער אַריינגעוואָקסנקייט אין דער נייער ווערקלעכקייט. די בולטע סימנים קאָן מען זען אין די ראָמאַנען פון די יִינגערע דערציילער ווי עמוס עוז, א. ב. יהושע. די פּאָעזיע האָט זיך ווידער ראַדיקאַל אָפּגערוקט נישט בלויז פון די קלאַסיקער — ח. נ. ביאַליק, — נאָר אויך פון די שפּעטערדיקע — שלאָנסקי און אַלטערמאַן. מען זאָגט זיך אָפּ פון אַלע פּאָעטישע דערגרייכן און מען זוכט נייע, פרייערע, כמעט אומ־פּאָעטישע אויסדרוק־מיטלען.

אָבער אַזוי ווי צוויי־דריי דורות אַקטיווע שרייבער לעבן דאָ צוזאַמען און שאַפן צוזאַמען, און עס הערן זיך די קולות פון פריִערדיקן דור, און ממילא הערט זיך די שטאַרקערע נאָטע פון זייער פּאָעזיע — אַ בולטער משל דערפאַר איז דער אומאויפהערלעכער פּאָעטישער, כמעט ווולקאַנישער, אויפשטייג פון אורי צבי גרינבערג, שוין אָפּגעשמועסט, אַז די שטאַרקסטע פּראָזאַיִשע נאָטע געהער נאָך אַלץ צו ש"י עגנון און חיים הזז, און זייערע שאַפערישע ווערקלעכקייטן זענען נאָך אַלץ שטאַרקער פון די יִינגערע שאַפערישע מעגלעכקייטן. אגב, האַלטן די יִינגערע און יִינגסטע עגנונען פאַר זייער אַלט־מייסטער, זיי גייען אויך אין זיינע שפּורן, פאַרשטייט זיך, אַז זיי קאָנען אים נישט נאָכגיין אין דער וואָרצלדיקייט און דער שטייגער־פאַרוואָקסנקייט, סיי אין דער אַלטער היים ווו ער האָט געלעבט ביזן אַכצנטן לעבנסיאָר און סיי אין דער נייער היים ווו ער לעבט שוין איבער זעכציק יאָר, אָבער זיי גייען נאָך זיינע פאַר־סור־רעאַליסטישע נאָוועלעס, וועלכע וואַקלען זיך צווישן חלום און וואָר, און באַטראַכטן זיי פאַרן עיקר פון זיין שאַפן.

און דאָס וויכטיקסטע איז אפשר דאָס, וואָס אַזאַ מייסטער לערנט זיי נאָכ־צוגיין די מקורות פון דער שפּראַך אויף וויפל זייער כוח סטאַיעט. אין פּאָעזיע האָבן זיי נישט אַזאַ מוסטער, אָדער ווייסן נישט פון אַזאַ מוסטער, און בלייבן אָן אַן אינעווייניקסטן אָנשפּאַר. די גרויסע קשיא איז, וואָס וועט זיין מיטן דריטן דור, וואָס קערט זיך אום, ווי געווייַנטלעך, לפּחות דיאַלעקטיש, צו די זיידעס.

מען רעדט אַ סך וועגן ציניזם פונעם יונגען דור, דאָס באַווייזט אויך זיין אָפּשפּיגל אין דער ליטעראַטור, אָבער נישט ווייניק דערפון איז ווויליונגערישע קאָקעטעריע, און אָט איז אַ ביישפּיל: — מיט אַ קורצער צייט פאַר דער מלחמה

פון די זעקס טעג, איז פירגעקומען אַן אינטערוויו מיט תלמידים פון אַכטן קלאַס מיטלשול, וואָס האָט אָנגעטראָגן אַ שטימונג פון פּחד. וואָס דאָס יונגוואַרג האָט אַלץ צוזאַמענגערעדט: ווער מיר פּאָלק, וואָס מיר לאַנד. איז געווען דעריבער אַן אינטערפּעלאַציע אין דער כנסת; היתכן — וואָס האָבן מיר אויפגעטאָן מיט אונדזער חינוך? דאָס זענען די קינדער, וואָס מיר האָבן אויפגעצויגן, אַזעלכע צאַצקעס? האָט מען די אינטערפּעלאַציע אַריבערגעפירט צו דער דערציִונג־ און קולטור־קאָמיסיע, און עס האָט געדויערט אַ היפּשע צייט ביז עס איז געקומען די ריי, און מען האָט געדאַרפט דיסקוטירן די אינטערפּעלאַציע, איז שוין געווען נאָך דער מלחמה.

אמת, פאַרמאַל האָט מען געדאַרפט פאַרענדיקן, אָבער מען האָט אַפילו נישט אָנגעהויבן, ווייל די גאַנצע מעשה האָט אויסגעוויזן קאָמיש, מחמת די קינדער האָבן עפּעס אַנדערש גערעדט און עפּעס אַנדערש געטאָן. מיר זאָגן נישט, אַז מיר זענען נישט פאַרדאַגהט, לייענענדיק כמה וכמה פּראָדוקטן פון דער יונגער ליטעראַטור, אָבער מען שוידערט שוין מער נישט אויף. עס איז אַ קינדער־קרענק פון אַן אַנדער דור, וואָס דער גורל האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין נישט געוויינטלעכע עקזיסטענץ־ציאַלע באַדינגען.

וואָס איז דער באַצי פון דער גייסטיקער וועלט צום עבר?

וואָס שייך דער צווייטער קשיא, איז עבר אַ בויגעוודיקער באַגריף, עס פרעגט זיך וואָס מיינט עס, צי דער עבר פון פאָלק, צי דער עבר פון ארץ־ישראל גופא. די יוגנט האַלט זיך נישט אַן דער השפעה פון זייערע עלטערן און לערער, און איז מער נוטה צו זוכן אַ פאַרבונד צום עבר פון לאַנד, דאָס איז דאָס נייע, וואָס מען האָט דעראָבערט דורך מי, פלייס, אָנשטרענג און מלחמה, און אין פלוג דוכט זיך, אַז עס איז פולקום ניי, ווי עס איז אויסטראַליע, אָדער ניי־גווינייע פאַר אייראָ־פּעיִשע קאָלאָניסטן — זיי האָבן דאָרטן נישט קיין נעכטן און אייערנעכטן. דיאַמעט־ראַל אַנדערש שטייט עס מיט ארץ־ישראל, עס איז דאָ אַ היינט, וואָס האָט אַ נעכטן און ווייטן אייערנעכטן, סיי אין דער געשיכטע ווי געוועזענע ווערקלעכקייט, און סיי אין דעם באַוווסטזיין ווי אַ קומענדיקע ווערקלעכקייט. דערפאַר איז דער־קענען דאָס לאַנד, זיין געאָגראַפיע, היסטאָריע אַ גרויסער ענין, וואָס זיין חשיבות פאַרמינדערט זיך נישט דערדורך, וואָס ער נעמט אָן די פאָרעם פון אַ ספּאָרט, אַ האָבי, ווי עס אַנטפּלעקט זיך אין דער נטיה צו אַרכעאָלאָגיע. וואָס שייך דער נטיה ווערן פון איר פאַרכאַפּט אויך עלטערע, און איך קען דערויף עדות זאָגן, אַז ווען איך האָב דערציילט יעקב פּיכמאַנען פּרטים וועגן די געפונענע מגילות ביים ים־המלח און האַלב־שפּאַסיק האַלב־ערנצט באַמערקט, אַז אַזוי לאַנג ווי עס

האָבן איבערן לאַנד געהערשט די טערקן אָדער ענגלענדער, האָט די ערד פֿאַרשלאָסן די דאָקומענטן, און ערשט איצט ווען מיר ייִדן זענען געוואָרן די בעלי־בתים, האָט זי געעפֿנט איר פֿאַרשלאָסן מויל, האָבן זיך ביים אַלטן פּיכמאַן באַוויזן טרערן אין די אויגן און ער האָט אַ זאָג געטאָן: דאָס ווייזט אויס זיין אַן אמת.

אָבער דאָ איז געקומען אַ מין קריזיס, וואָס האָט אַפּילו די אָפּיציעלע חינוך־קרייזן באַוווּגן אַ קלער צו טאָן, צי איז געגוג אַן אינטערעס אינעם עבר פֿון לאַנד, און צי מוז מען נישט מאַכן אַ בכיוונדיקן אָנשטרענג צו שטאַרקן דעם פֿאַרבונד צום עבר פֿון פֿאָלק. פֿאַרשטייט זיך, אַז מיר שמועסן וועגן דער וועלטלעכער שול, וואָס נעמט אַרום דעם אַנטשיידנדיקן רוב קינדער, בפֿרט נאָך, אַז די אַרבעטער־שולן זענען אויך אַריבער צו די אַלגעמיינע שולן. און אָנגעהויבן האָט זיך דאָס פֿון אַ קלייניקייט — אַ גרופּע יונגע, וואָס זענען געפֿאָרן צו אַ פּעסטיוואַל קיין מאָסקווע און, פֿאַרשטייט זיך, זענען אַרומגענומען געוואָרן מיט אַ שטומער, אָבער הייסער כוואַליע פֿון ליבשאַפֿט מצד די דאָרטיקע ייִדן. די קינדער זענען אַליין דורכגע־ציטערט געוואָרן פֿון עצם־קיום פֿון אַזאַ שטומער געטריישאַפֿט צום פֿאָלק. אָבער ווען מ׳האָט זיי אין דער מאָסקווער שול מכבד געווען מיט אַן עליה, האָבן זיי נישט געקאָנט זאָגן די ברכה. דאָס איז בעצם, געווען דער אָנהויב אויף איינצופֿירן אין די שולן אַ באַזונדערן לימוד, וואָס רופֿט זיך מיט אַ זייער נישט־גליקלעכן נאָמען — תודעה יהודית — ייִדיש־באַוווּסטזיין. מיר זאָגן נישט גאַנץ־גליקלעך, ווייל עס איז אַ פֿילאָזאָפֿישע דעפֿיניציע, און עס האַנדלט זיך דאָך אין אַ ממשדיקער זאַך — דע את עמך, קען דיין פֿאָלק. פֿאַרשטייט זיך, אין זיין גאַנצן היסטאָרישן אויסשפּרייט, אין אַלע דורות און ווידעראַנאַנדן, נישט ווי מען האָט געוואָלט זען פֿון דעם אָדער אַנדערן שטאַנדפּונקט, נאָר אַזוי ווי עס איז געווען בפּועל ממש.

## וועגן ירושלימער ייִדיש־קאַטעדרע און ייִדיש בכלל

עס איז אפֿשר נישט קיין צופֿאַל, וואָס אויף דעם אוניווערסיטעט פֿון ירושלים איז די לעצטע יאָרן איינגעפֿירט געוואָרן אַ נייער, באַזונדערער לימוד — יהדות זמננו — היינטצייטיק ייִדנטום, וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט די פּראָצעסן פֿון ייִדישן לעבן אין אַלע לענדער, אונטער אַלע סיסטעמען און באַדינגגן. מען האָט צו ערשט נישט ווייניק געבלאָנדזשעט, אָבער מען קאָן שוין היינט אָנווייזן אויף כמה וכמה ווירקטיקע אויפֿטוען. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער עיקר שפּייזט זיך די פֿאַרשטענ־דעניש פֿאַר אַ ייִדישן עבר פֿון דעם פֿאָרשערישן און לערנערישן אינטערעס פֿאַר דער ייִדישער געשיכטע, אַ זאַך וואָס זעלטן ווען אַ פֿאָלק האָט עס אין אַזאַ לאַנגער און פֿאַרצווייגטער המשכדיקייט. און דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן וועגן ליטער־ראַטור. אמת, אַז דאָס רוב סטודענטן גייען צו מעדיצין, ביאָלאָגיע, טעכנאָלאָגיע

און סאָציאָלאָגיע. אָבער אויך הומאַניסטיק, און דער עיקר יודאַיסטיק, נעמט אַרום אַלץ גרעסערע קרייזן, און לעת עתה האָבן מיר פינף אוניווערסיטעטן: אין ירושלים, חיפה, באר שבע, תל־אביב און רמת־גן, וואָס שטעלן צו קאָנטינגענטן פון קענער, לערנער און פאָרשער אויף אַ גוזמא געביטן. דאָס בשותפותדיקע צווישן זיי איז, וואָס קיין שום ייִדישע זאַך, ערגעץ ווו און ערגעץ ווען, איז זיי נישט פרעמד, נאָר זייער אייגנס.

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ גרויסע צאָל פון יודאַיסטן, פשוטער גערעדט, ייִדיש־קייט־קענער, קאָן און מוז משפיע זיין, און וועט משפיע זיין אויף אַ פעסטן און פאַרשטאַרקטן אינטערעס און צובונד צו דער פיל־קענעוודיקייט פון אונדזער עבר. און צו דעם געהער שוין אויך דער ענין פון דער ייִדיש־קאַטעדרע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיט אַכצן יאָר צוריק, און וואָרט אויף אַ פיליאַלע אינעם חיפהער אוניווערסיטעט, זינט צוויי יאָר, און וועט מסתמא אין די נאָענטסטע יאָרן פירן צו אַ קאַטעדרע אין תל־אביב.

אַזאַ קאַטעדרע איז אַן אינעוויינקסטע לאָגנגע נויטווענדיקייט פון אוני־ווערסיטעט גופא, וואָס דאַרף עס צוליב צוויי טעמים. דער ערשטער טעם: צוליב ייִדיש פאַר זיך, ווי אַ שפּראַך און ליטעראַטור פון ייִדן, וואָס פאַרנעמט אַ גרויסע און אויסנעמיקע טראַדיציע אויף דער אַלגעמיינער קולטור־מאַפּע, אַ קלייניקייט, זיבן אָדער אַכט הונדערט יאָר, און דאָס, אין סאַמע ברען פון ייִדישקייט, ווי עס איז געווען, צו ערשט דייטשלאַנד, און שפּעטער פּוילן, ליטע, אוקראַינע, פּאָדאָ־ליע, בקיצור — מזרח־אייראָפּע, וואָס איז געוואָרן אַ מעטראָפּאָליע, וועלכע האָט אירע קאָלאָניעס פאַרפלאַנצט איבער דער גאַרער וועלט. ייִדיש לשון און ליטע־ראַטור איז אַן ענין, וואָס בלויז פון אַקאַדעמישן קוקווינקל פּרעטענדירט עס אויף הונדערטער פאָרש־אַרבעטן, אַזוי אַז די אויפטועון פון דער ייִדישיסטיק — איך רוף עס, חכמת־ייִדיש, — זענען בלויז אַ קליינער אָנהויב דערצו. דער אַנדערער טעם: אין ייִדיש־לימוד זענען וויטאַל אינטערעסירט די שכנישע פאַכן — געשיכטע פון ייִדן פון אשכנז און פּוילן און איר סביבה, געשיכטע פון געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, געשיכטע פון חסידות וכדומה. דאָ קאָן מען זיך אָן ייִדיש נישט באַגיין, און עס איז געווונטשן, אַז צוליב דעם, זאָל פריער אָדער שפּעטער ייִדיש ווערן אָבליגאַטאָריש פאַר די פאַכן אין די אוניווערסיטעטן.

דאָס איז אַלץ גערעדט וועגן אינטערעס פאַר ייִדיש אין העברעישן סעקטאָר. אַן אַנדערע זאַך — כאָטש געבונדן מיט דעם ערגעץ־ווו — איז ייִדיש פאַר זיך אין ארץ־ישראל. דאָס איז זייער אַ קאָמפּליצירטער ענין, שוין מחמת דעם באַשטאַנד פון אַ מער אַרומנעמערישער נאַציאָנאַלער שפּראַך, ווי עס איז העברעיש, בפרט נאָך ביי דער איצטיקער דעמאָגראַפישער אַנדערשקייט. די אשכנזים ווערן אַלץ מער אַ מיעוט לגבי די ספרדישע עולים און די עולים, וואָס האָבן נישט קיין שום היס־

טאַרישן באַצי צו ייִדיש, און דעם נייערן שטראָם עולים, וואָס קומען פון מערב, שוין פון פרעמדע שפּראַכן, אָבער עס עקזיסטירט אין לאַנד אַ ייִדישע ליטעראַטור און אַ ייִדישע פּרעסע, די ערשטע מיט אַ קלענערן, און די צווייטע מיט אַ גרעסערן טיראַזש. און בעצם איז תמיד געווען אין לאַנד אַ שטראָם פון ייִדישער ליטעראַטור. אין דער צווייטער עליה זענען אַלע איבערגעגאַנגען בלויז צו העברעיִש ווי סטאַוווסקי, יעקב שטיינבערג און אַנדערע, מען קאָן אויך צורעכענען אשר באַראַש און עגנון, אַפילו שמעונוביץ, וואָס האָבן געהאַט קליינע ייִדישע אָנהויבן אין גלות, אָבער כמעט אָן אַ המשך אין לאַנד. אָבער זייט דער דריטער און בעיקר פערטער עליה האָבן מיר גרופּעס פון שרייבער, וואָס זענען אויך אין לאַנד געבליבן ייִדיש־שרייבער, און זיי זענען אויך אינעם סוזשעט און דער טעמע, געווען ארץ־ישראל־שרייבער. די אַפּוטרופּסים פון דער גרופּע זענען ביזן אויפקום פון דער מדינה, געווען די לינקע פּועלי־ציון, אָבער געגוויער איז עס געווען איין מענטש — דניאל לייבל, אַ גוטער ייִדיש־קענער און נאָך בעסערער ביבל־פאָרשער, וואָס האָט געענדיקט ווי איינער פון די אַקטיוווסטע חברים פון דער העברעיִשער שפּראַך־אַקאַדעמיע, און האָט אויף דער עלטער מיט הנאה צוגעקוקט דעם וווקס פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז אין די דרייסיקער יאָרן איז שטאַרק געוואַקסן דער אינטערעס פאַר דער לעבעדיקער ייִדישער ליטעראַטור פון פּוילן אין די קרייזן פון די קיבוצים, און איך וויל דערמאָנען די פאַרדינסטן פון זאב יוסיפון (יאָסקאָוויטש), וואָס פלעגט אויף לאַנגע שמאָלע שטרייפן פּאַפּיר אויפשרייבן דאָס בעסטע און שענסטע, וואָס איז אין יענע דרייסיקער יאָרן געדרוקט געוואָרן אין ביכער און בלעטער, און אַרומפאָרן פון קיבוץ צו קיבוץ, און דאָס פירלייענען און קאָמענטירן. און אויב עמעץ וועט דערמאָנען מיינע באַשיידענע פאַרדינסטן, זאָל אים און מיר ווויל באַקומען, איך וועל בלויז אָנווייזן אַ פּאָר רמזים. ווי דער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון „דבר”, האָב איך אינפאָרמירט וועגן יעדן ייִדישן בוך, וואָס איז ערגעץ ווו דערשינען אין דער וועלט, און אַזוי אַרום אָנגעקניפּט אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישן מיר און ייִדישע שרייבער, וואָס ווען מען שטעלט עס אויס אין דער לענג, וועלט עס אַרומגענומען דעם ערד־קיילעך. לעבן דער דאָזיקער אינפאָרמאַציע האָב איך אין „דבר” געבראַכט אַ מין אַנטאָלאָגיע — מיינע העברעיִשע איבערזעצן פון ניי דערשינענע לידער מיט אַ קליינער ביאָ־ביבליאָגראַפישער באַמערקונג. דעמאָלט האָב איך אויך אָנגעהויבן שרייבן אויסשעפּלעכע אַריינפירן צו ייִדישע ביכער איבערגעזעצט אין עברית, וואָס האָבן שוין דערגרייכט צו דער צאָל פון צענדליקער און שפּאַנען אַריבער די הונדערט, און זענען טיילווייז אַריין אין די צוויי בענדער „אבני־מפתן” (שוועל־שטיינער). און מעגלעך, אַז אויך דאָס האָט גורם געווען, אַז פּראָפעסאָר בן־ציון דינור האָט מיר פירגעלייגט

איבערצונעמען די יידיש־קאַטעדרע, און אַז איך לויב זיך שוין אַליין, וועל איך נאָך צוגעבן, אַז איך האָב אַ היפּשן חלק אין דער איניציאַטיוו אַרויסצוגעבן אַזאַ ליטעראַריש־הויכווערטיקן אָרגאַן ווי עס איז „די גאָלדענע קייט״, אין ביי אַ שעת הכושר, וועל איך עס פּאַדראַבנע דערציילן, אַ קאַפּ לכבודי, און נאָך מער לכבוד דעם אמת.

[אלול, תשכ״ט]

# צווישן דריי פּראָפּעסיעס

א וואָרט וועגן אב. קאַהאַן־אַרכיוו אין ירושלים

## א

אונדזער היינטיקע סעודה, אָדער צניעותדיקער געזאָגט: אונדזער קערמעשל, איז לכבוד אַ שידוך צווישן צוויי געהויבענע מחותנים, דעם ירושלימער אוניווער־סיטעט און דעם ניו־יאָרקער יידישן „פאָרווערטס". דאָס וואָס מיר האָבן אָקערשט געפּראַוועט, דעם חנוכת־הגעזעמל פון מיקראָפילמען אויפן נאָמען פון „פאָרווערטס"־רעדאַקטער אייב קאַהאַן, איז אַ מין קנס־מאָל. אַזוי ווי מען האָט מיך פאַרבעטען די דאָזיקע סעודה צו פאַרפּראַווען מיט אַ פּאָר ווערטער, וועל איך מיך לגבי דעם עצם־שידוך באַנוגענען מיט אַ הילכיקן מזל־טוב און וועל, לפחות, אין געדאַנק, צעברעכן אַ פּאָר לייטישע טעפּ, און זיך אַ קאַפּ לענגער אָפּשטעלן אויף דעם געסילוקטן אוצר, כאָטש איך מוז מודה זיין, אַז עס איז פאַר מיר נישט איבריק לייכט, שוין צוליב דעם וואָס איך ווייס נישט בתורת מי איך זאָל מיך דאַריבער אָפּשטעלן.

ווי באַקאַנט איז ביי אַזאַ געשעעניש מעגלעך אַ דרייַיקער צוגאַנג: פון אַ זשורנאַליסט, פון אַ שרייבער, פון אַ געלערנטן. דער זשורנאַליסט כאַפּט די זאַך אויף גיך און צעטראַגט זי ראַפּטום, פאַר אים איז גענוג אַ קורצע אינפאָרמאַציע און אַ נישט פיל לענגערע אָבסערוואַציע. זיין חוש פאַר שנעלער אָריענטאַציע שטייט אים ביי, און אויב ער טויג זיך אויס, ווערט ער גופו נישט נכשל און איז אויך נישט מכשיל אַנדערע. אַ שרייבער ווייטער האָט שוין מער סקרופּולן — דאָס געשעעניש קומט אים פיר קאָמפּליצירטער, ער קלייבט זיך נישט שנעל פאַנאַנדער, ער מוז נאָכקלערן, אַנאַליזירן, ער שטרייכט און מעקט, אָבער אויך ער לאָזט אויף זיך נישט וואַרטן ביז שבת הגדול. אַנדערש פון זיי איז דער גע־לערנטער — ביז ער צענעמט נישט אַלצדינג און קייעט נישט איבער פּאָדראָבנע יעדעס ברעקעלע און יעדעס פּיצעלע, שלעפּען זיך לאַנגע חדשים פון חבלי לידה, און אַפילו נאָך דעם ווי ער קומט זיי איבער, ליגט נאָך ביי אים אַ היפּשע צייט די צונג אין קימפּעט.

ב

איצט, רבותי, שטעלט אייך פיר דעם מעמד פון אַ פאַרשוין ווי איך, וואָס מען האָט אים געלאָזט אַריינשטעקן זיין פוס אין אַלע דריַי טשאָלנטן. איך זאָג: מען האָט אים געלאָזט, ווייל פונקט ווי איך ווייס נישט, צי בין איך טאַקע אַ זשורנאַליסט, נאָר איך קלער, אַז ציַיטונגען האָבן נישט קיין טבע צו צאָלן אומזיסט וועידזשעס, אַזוי ווייס איך נישט, צי בין איך טאַקע אַ שרייבער, נאָר איך קלער, אַז זשורנאַלן האָבן נישט קיין טבע צו צאָלן אומזיסט האָנאָראַר, און אַזוי ווייס איך אויך נישט, צי בין איך טאַקע אַ געלערנטער, נאָר איך קלער, אַז אוניווערסיטעטן האָבן נישט קיין טבע צו צאָלן אומזיסט געהאַלטן, און זיי האָבן מיר דאָס יאָרן לאַנג געצאָלט טבין ותקילין, און דאָס גאַנצע אחריות ליגט אויף זיי. איצט, רבותי, ווער איך ממש צעריסן צווישן די דריי עקסטרעם פאַר־שיידענע טעמפּעראַמענטן פון די דריַי פּראָפעסיעס — די ערשטע פילדערס: כאַפּ־לאַפּ; די צווייטע שרייט: פעטער, נישט געכאַפּט; די דריטע וואָרטשעט: נו, נו, פּאַוואָלינקע, און כדי נישט צעריסן צו ווערן אויף אַן אמת, וועל איך מיך נוהג זיין ווי דער גרויסער גאון און מיין געבוירן־שטאָט, ר׳ אפרים זלמן מרגליות, וואָס פלעגט לויפן צו די מוכרי ספרים און קויפן אַ יעדעס נייע ספר, און עס אַהיים טראָגן מיט גרויס שׂמחה: אַי אַן אוצר, אַי אַן אוצר! און אַז מען האָט אים געפרעגט: סטײַטש, ווי וויסט איר עס, איר האָט עס דאָך אַפילו נישט אויפגעעפנט, האָט ער געענטפערט: פאַראַן דריי מדרגות פון רייכקייט — אַ גביר, אַ נגיד, אַן עושר. ווען איך נעם אַ ספר, האָף איך, אַז איך וועל דאָרט געפינען סאַמע חידושים און אַרויס אַ גביר; שטעלט זיך אַרויס, אַז נישט אַלץ, אָבער דער רוב זענען חידושים, גיי איך אַרויס אַ נגיד; קוים אָבער שטעלט זיך אַרויס, אַז עס זענען בלויז דאָ אַ פּאָר חידושים, גיי איך אַרויס אַן עושר, און עשירות אין תורה איז פאָרט אַ מדרגה. הכלל, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף דער דיאַלעקטיק פון דעם דאָזיקן גאון, מאַך איך אַזאַ פשרה צווישן מיינע דריי פּראָפעסיעס: דער זשורנאַליסט אין מיר זאָגט, אַז פון דער „פאָרווערטס״־מתנה זענען מיר אַרויס גבירים; דער שרייבער אין מיר האַלט, אַז מיר וועלן מסתמא אַרויס נגידים, דער געלערנטער ווייטער האַלט זיך, לעת־עתה, אָפּ פון אַ פסק־הלכה, אָבער אויך ער איז זיכער, אַז על כל פּנים וועלן מיר אַרויס עשירים, און דאָס מחמת אַ פּשוטן טעם: דער געלערנטער, וואָס מוז האָבן מער צייט, וויל קודם־כל נאָכקוקן, נאָכקאָנטראָלירן, וויפל פון דעם אוצר איז שוין ביי אונדז דאָ, אין אונדזער ביבליאָטעק, פון פריִער פאַראַן. פאַר־שטייט זיך, אַז קיין היזק איז דאָס נישט, זאָגט דאָך דאָס ווערטל: אין צווייען איז שטאַרקער.

אָבער. בעצם, איז די נפקא־מינה נישט אַזוי געפערלעך, ווען מיר באַרעכענען, אַז דער אוצר איז נישט דער גאַנצער נדן, דען אַ יעדער שטאָט־שדכן, לאַ־כל־שכן אַ לאַנד־שדכן, פאַרשטייט דאָך, אַז דער עצם נדן מוז זיין אַ גרעסערער, ווי עס איז מחייב אַ זיווג צווישן אַזעלכע צוויי פירמעס. די כוונה איז בפירוש צו גרע־סערע אויפטוען: דער „פאָרווערטס" איז אַ וואָגיקער גורם, קודם־כל אין דריי גרויסע קאָמפּלעקסן. דער ערשטער איז דער קאָמפּלעקס פון זיין עצם־מהות: יידישע פּרעסע, יידישע אַרבעטער־פּרעסע, אַמעריקאַניש־יידישע אַרבעטער־פּרעסע. אין דער ערשטער דעפיניציע, יידישע פּרעסע, שטעקט שוין דער צווייטער קאָמ־פּלעקס, יידישע ליטעראַטור, פּונקט ווי אין דער לעצטער דעפיניציע, אַמעריקאַניש־יידישע אַרבעטער־פּרעסע, שטעקט שוין דער דריטער קאָמפּלעקס — יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג.

ווייטער אונדזער אוניווערסיטעט, וואָס נעמט סוקצעסיוו אַרום די טאָטאַלע מאַפּע פון יידישער היסטאָריע, יידישער קולטור אין אַלע צייטן און אין אַלע מקומות, דערגענטערט זיך מיט גיכע שריט, אַרומצונעמען, און נעמט שוין היפּש אַרום אויך די דריי גרויסע קאָמפּלעקסן, און אַזוי־ווי דער „פאָרווערטס" האָט אַרויסגעוויזן אַן אַקטיוו פאַרשטאַנדעניש פאַר דער פאַרשערישער האַרעוואַניע פון אונדזער אוני־ווערסיטעט אויפצושטעלן די דאָזיקע טאָטאַלע קולטור־מאַפּע, דאַרף מען אים זאָגן: המתחיל במצוה אומרין לו גמור, ווער עס הייבט אָן אַ מצוה, דאַרף זי פאַרענדיקן, פאַרפולקומען. עס וועט דאַדורך פאַרהעלפן אַ וויסנשאַפטלעכן אונטערנעם, וואָס ביידע צדדים זענען אין אים פאַראינטערעסירט, דען עס איז בפירוש אַ שידוך, ביי וועלכן ביידע צדדים וועלן מאַכן לייטישע ביזנעס. וואָס וועלן מיר דאָ פאַרדינען? מיר וועלן, באַזאַכט, שטודירנדיק דעם ערשטן און לעצטן קאָמפּלעקס: יידישע אַרבעטער־פּרעסע, יידיש־אַמעריקאַנישע אַרבעטער־פּרעסע, אויפדעקן די ריכטיקע פּראָפּאָרציעס צווישן אַלע שטראָמען — אַנאַרכיזם, סאָציאַליזם, קאָמוניזם, און אַלע דערשיטערונגען און וואַקלעניש, פּונקט ווי מיר וועלן אויפדעקן די ריכטיקע פּראָפּאָרציעס פון באַצי צו דער יידישער ווערקלעכקייט, דעם אָפּשפּיגל פון אַנטי־היסטאָרישע, אַ־היסטאָרישע און היסטאָרישע טענדענציעס, ווי אַזוי זיי האָבן זיך געראַנגלט אין אַלערליי באַוועגונגען און פּאַרטייען — בונד, פּאָלקיזם, פּועלי־ציוניזם; ווי אויך דעם אָפּשפּיגל פון באַצי צו יידישע רעליגיע און מוסר. עס איז דוכט זיך, אַ גוט שטיק מהלך פון בנימין פייגנבוים, פיליפּ קראַנץ ביז דוד אייג־האָרן, אברהם מענעס און חיים ליבערמאַן — און אַזוי וועט זיך אָביעקטיוו אויס־קריסטאַליזירן דער גאַנג, כאַראַקטער און ראָל פון דעם „פאָרווערטס", און בעיקר — זיין חוש אָפּצושיידן צווישן די סטאַטישע און דינאַמישע פּראָצעסן אין יידישן לעבן.

מיר וועלן, שטודירנדיק דעם מיטלסטן קאָמפּלעקס: יידישע ליטעראַטור, זיך

פּרטימדיק אָפּשטעלן איבער דעם פּלאַץ וואָס ליטעראַטור און טעאַטער האָבן פֿאַר־נומען אין „פֿאָרווערטס", אין רעם פֿון דער ראָל, וואָס די יידישע פּרעסע בכלל און די אַרבעטער־פּרעסע בפרט, האָט געשפּילט אין אַנטוויקלען פֿון אונדזער ליטע־ראַטור, סיי לטובה און סיי לרעה; סיי לגנאי און סיי לשבח. לעת־עתה איז עס געננג, ווען מיר פֿאַרווייזן אויף אַ רייסטער נעמען, וואָס האָבן גאַנצע יריעות זייערע געדרוקט אויף די שפּאַלטן פֿון „פֿאָרווערטס" — מאָריס ראָזענפעלד, קאָברין, ליבין, יונה ראָזענפעלד, אברהם רייזען, שלום אַש, י. י. זינגער, זלמן שניאור, יצחק באַשעוויס, שוין אָפּגעשמועסט פֿון קריטיק און פּובליציסטיק, וואָס איז אַ ים הגדול, וואָס עס לאָזט זיך דאַריבער אַ סך אַרויסזאָגן און נישט ווייניק אַריינזאָגן.

ד

און אחרון אחרון: דער ערשטער סילוק, אָדער היימישלעך געזאָגט: דער ערשטער סימן, וואָס איז אַן עגבער, טראָגט דעם נאָמען פֿון אַב. קאַהאַן און דאָס איז אַוודאי מחייב. עס איז איינע פֿון די אינטערעסאַנטסטע געשטאַלטן אין אונדזער לעבן אין די לעצטע צוויי דורות. אַ שפע פֿון טאַלאַנטן און איניציאַטיוון, פֿול סתירות אין כאַראַקטער, סיי אימפּולסיוו און סיי אויסגערעכנט; רייך אין פֿאַנטאַזיע און רעפֿלעקסן, פֿריינד ביז האַלדזן זיך און פֿיינט ביז אויפֿן מעסער, שטייף און עלאַסטיש, און צוזאַמען אַ שלל פֿאַר ביאָגראַפֿן און ראָמאַניסטן און אַפֿילו דראַמאַ־טיקער. אָבער דער אָפּשאַץ זיינער שטייט לרוב איין אין הענט פֿון עקסטרעמען, פֿון איין זייט צו פֿיל פֿאַנעגיריקער, פֿון דער אַנדער זייט צו פֿיל קאַריקאַטוריסטן, פֿאַרדינט ער אַן אָביעקטיוון באַהאַנדל, ווי עס קאָנען בלויז מאַכן ווענט פֿון אַן אוניווערסיטעט, כדי צו זען דעם פֿולן אמת פֿון אַ מענטש אַ דינאַמאָ, אַ ייִד אַ דינאַמאָ, וואָס אויך מיר דאָ האָבן אים נישט ווייניק צו פֿאַרדאַנקען. אָבער מער און ווייטערס דעריבער ביי דער ערשטער לעקציע פֿון דער קאַטעדרע פֿאַר יידיש־אַמעריקאַנער פּרעסע און אַרבעטער־באַוועגונג.

[י״ח תמוז תשכ״ה]

## עדות בישראל

### א

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז אין ירושלים פֿירגעקומען אַ צונויפֿקום פֿון מומחים, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט דעם גרויסן קאָמפּלעקס פֿון קיבוץ־גלויות, ווי ער זעט אויס און קאָן אויסזען און דאַרף אויסזען, סיי להלכה סיי למעשה. דעם אויבנאָן האָבן, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַרנומען די פּראָבלעמען פֿון די עדות און די באַציִשן צווישן זיי. האָט מען מיך פֿאַרבעטן צו רעדן וועגן דעם דאָזיקן ענין, ווי ער שפּיגלט זיך אָפּ אין דער ליטעראַטור, און כאָטש די טעמע האָט זיך מיר אויסגעוויזן צו ברייט, און צו פֿאַרצווייגט, אַז איך זאָל זי קאָנען באַוועלטיקן, בפֿרט אין דער באַגרענעצטער צייט, וואָס דער קאָמפּליצירטער סדר־היום פֿון אַזאַ צונויפֿקום קאָן זיך דערלויבן, האָב איך איינגעוויליקט, און ווען דער יושב־ראש, יהושע פּראַווער האָט אויסגערופֿן און דעפֿינירט די טעמע, האָב איך געמוזט אָנהויבן מיין וואָרט מיט אַ באַמערק, אַז איך נעם אָן די דעפֿיניציע, ווי אַ ווונטש אָדער פֿאַרלאַנג פֿון דעם יושב־ראש, ווי איינער זאָגט: רצונך כבודך, און אויב איך וועל דעם רצון זיינעם בלויז פֿראַגמענטאַר נאָכקומען, וועט עס נישט זיין קיין פּחיתות הכבוד פֿאַר אים, נאָר אַ פּחיתות היכולת פֿון מיר, וואָס האָט נישט בלויז סוביעקטיווע, נאָר אויך, און אפֿשר בעיקר, אָביעקטיווע טעמים.

### ב

דען קודם־כל מוזן מיר דאָך געדענקען, אַז די ליטעראַטור אונדזערע, און מיר מיינען די שיינע ליטעראַטור, אין די לעצטע עטלעכע דורות, אויף וויפֿל זי האָט אָפּגעשפּיגלט דאָס יִדישע לעבן, האָט זי עס בעיקר, און לרוב גאָר בלויז, געטאָן אין דער רעם פֿון דער אשכנז־טעריטאָריע. איז דאָך דער רוב נייערע ליטעראַטור אונדזערע כמעט אידענטיש מיט דער טעריטאָריע. די השׂכלה־ליטעראַטור, און דאָס נאָר די העברעיִשע, האָט אויך אַרומגענומען איטאַליע און האָלאַנד, אָבער זי האָט זיי באַלד פֿאַרלוירן, ווייל זיי זענען, צוגלייך מיטן פּיאָניר אירן, דייטשלאַנד, אָפּגעפֿאַלן פֿון דער אייגענער שפּראַך, און דער המשך פֿון דער השׂכלה־ליטעראַטור איז אַריבער קיין מזרח־אייראָפּע, און דער יִדיש־צווייג אירער, וואָס האָט נישט אַרומגענומען קיין חוץ־אַשכנזישע עלעמענטן, איז ממילא געווען

אַ ריין־אַשכנזישער. די מאָדערנע ליטעראַטור אונדזערע, אין אירע ביידע שפּראַכן, איז אויך אַזוי געווען, און דער יוצא מן הכלל האָט בלויז באַשטעטיקט דעם כלל.

און אויב דער יוצא־מן־הכלל איז געוואָרן אַ שטיקל כלל, איז עס געשען דאָרט, ווו די אַשכנזים און ספרדים האָבן זיך באַגעגנט אין לעבן, ווי עס איז ממש געשען אין ארץ־ישראל, און דערפאַר געפינען מיר טאַקע דאָ, שוין אין אַזוי־גערופענעם אַלטן ישוב, שפּראַכן פון אַ שיינער ליטעראַטור, וואָס נעמט אַרום פּערסאָנאַל און טעמאַטיש ביידע שבטים (זע, אַ שטייגער, די אַנטאָלאָגיע פון גליה ירדני „סל הענבים", ארציש־ראלדיקע דערציילונגען אין דער תקופה פון דער ערשטער עליה) און אין דעם אַזוי־גערופענעם נייעם ישוב, בעיקר אין דער צייט פון דער צווייטער עליה, נעמט דאָס שטיקל כלל ווערן אַ שטיק כלל, אָבער אַלץ מיט אַן איבער־געוויכט פון אַשכנזישן עלעמענט, סיי אין צוזאַמענשטעל פון די מחברים סיי אין דער טעמע פון די חיבורים.

ג

און וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דער השכלה, לאָזט זיך אַ סך מער זאָגן וועגן חסידות. דען זי, די השכלה, האָט פאָרט געהאַט אירע, לאָז זיין באַשיידענע, ליטעראַטור־אָפּצווייגן אין נאָענטע און ווייטע ספרדישע ישובים, און האָט אַפילו דערגרייכט קיין תימן; בשעת חסידות, וואָס האָט אָנגענומען אַ נוסח תפילה, וואָס רופט זיך נוסח־ספרד, איז מיט איר גאַנצן אויסשפּרייט־חשק, נישט בלויז נישט אַריבער די גרענעצן פון דער אַשכנזישער טעריטאָריע, נאָר האָט אויך אין איר נישט אַריבערגעשפּרייזט די גרענעצן פון די שטחים, ווו עס האָט געהערשט די לעבעדיקע מזרח־יידישע שמועס־שפּראַך. הייסט עס דאָך, אַז ווען דער בעל־שם־טוב האָט געשיקט אַ שליח פאַרשפּרייטן חסידות און ער האָט געפרעגט, ביז וואַנען און ביז וווהין דאַרף ער וואַנדערן, זאָל אים דער בעל־שם־טוב האָבן געענטפערט: ביז צום אָרט ווו מען רעדט מיט פּתחן. און עס איז אַ ספק, אויב מען מעג די מסורה אויסטייטשן, אַז ער האָט געמיינט דאָרט, ווו דער קמץ לייענט זיך ווי אַ פּתח; ער האָט גריילעך געמיינט דאָרט, ווו מען זאָגט נישט טאָג נאָר טאַג וכדומה.

אמת, דער בעל־שם־טוב האָט געגאַרט צו קומען קיין ירושלים, כדי זיך צו באַגעגענען מיט ר' חיים בן עטר, און האָט מיט דעם באַגעגעניש פאַרבונדן גרויסע סודות און נאָך גרעסערע כוונות. אויך אמת, אַז דער רבי ר' אלימלך פון ליזשענסק האָט געזאָגט: זה מול זה עשה אלוהים, אַז אין דער זעלבער צייט, וואָס עס איז אויפגעשטאַנען אין מערב ר' משה דעסער, איז אין מזרח אויפגעשטאַנען ר' חיים יוסף דוד אַזולאַי, דער חיד"א הקדוש. און ער, דער חיד"א גופא (וואָס האָט געהאַט אַ ספרדישן טאַטן אָבער אַן אַשכנזישע מאַמע — דעם ביאַלאַ־פּאָדלאַסקער רבס טאָכטער), האָט געגאַרט זיך באַגעגענען מיטן גרויסן רבין ר' בער, דעם

מעזריטשער מגיד, אָבער די באַגעגעניש איז נישט צושטאַנד געקומען. און דער ענין לאָזט זיך ציִען ביז אין דער לעצטער צייט, ווו אַזאַ באַגעגעניש איז יאָ פֿירגעקומען — פֿון דעם מונקאַטשער רבין, ר׳ חיים אליעזר שפּיראַ מיטן ירוש־לימער איבער־הונדערט־יאָריקן מקובל, ר׳ אליעזר אלפנדרי; האָט אָבער נישט דערגרייכט איר כוונה — אין דער נאַכט פֿאַר דער עיקר־באַגעגעניש, וואָס האָט באַדאַרפֿט אויסרופֿן קירוב־הגאולה און ביאת המשיח, איז דער אַלטער פֿון דער וועלט אַוועק. אַוודאי האָט דאָס מער אַ סימבאָלישן זין, אָבער פּאַקטיש איז חסידות נישט אַריבער די גרענעצן פֿון דער ייִדיש־רעדנדיקער אַשכנז, און ווער עס איז עפּעס אַריבערביידע גרענעצן, דאָס זענען חב״ד, און אויך דאָס ערשט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ד

און עס איז דאָך איבעריק צו דערמאָנען, אַז כמעט אַלע באַוועגונגען און גרופּירונגען אין מאָדערנעם ייִדישן לעבן האָבן זייער פּלאַץ געהאַט אין ברייטן אַשכנזישן תחום, און האָבן זיך בלויז אין אים אויסגעלעבט. יאָ, אין מערב־אייראָפּע האָבן די עמאַנציפּירטע ייִדן אין זינען געהאַט זייערע ספרדישע ברידער, בעיקר אין די איסלאַמישע גלותן, און אויפגעשטעלט אינסטיטוציעס לטובת זיי, ווי אַ שטייגער „כל ישראל חברים״ אָדער „אַגודת אחים״, אָבער די גאַנצע חברשאַפֿט און ברודערשאַפֿט האָבן אויסגעדריקט אַ באַצי פֿון אייבערע צו מינדערע, ווו די אָקאָרשט עמאַנציפּירטע נעמען זיך, פֿער דיסטאַנץ, עמאַנציפּירן זייערע ווייטע, אָרעמע ברידער. אַוודאי אויך אין מזרח־אייראָפּע איז דער גורל פֿון די ספרדישע ברידער געווען נאָענט צום האַרצן, אָבער זייענדיק ווייט פֿון די אויגן, און פֿאַרטאָן אין אייגענע צרות, האָט עס אַפֿילו נישט געהאַט יענעם אַפּוטרופּסישן פֿאַרבונד, און די עובדא, אַז די אַשכנזים זענען דער רוב פֿון פֿאָלק, און זיין וויטאַלסטער צענטער זענען די מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן, סיי אין זייערע מעטראָפּאָליעס סיי אין זייערע קאָלאָניעס, האָט באַשטימט, אַז די מאָדערנע ריכטונגען און פֿאַרטייען האָבן אין זייערע אידעאָלאָגישע און פּראַגמאַטישע חשבונות נישט אַריינגענומען קיין נישט אַשכנזישע פּאָזיציע.

מיר האָבן געזאָגט: כמעט אַלע באַוועגונגען און גרופּירונגען, ווייל די ציוניס־טישע באַוועגונג האָט די פּאָזיציע פֿון אָנהייב אָן פֿאַרמאָגט. שוין די חיבת־ציון באַוועגונג איז אַ געמישטע — אירע פּראָקורסאָרן זענען ר׳ צבי קאַלישער אין פּויזנישן טאָרן און ר׳ יהודה אַלקלעי אין סערבישן זעמלין, און שוין ביים ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, לא כל שכן שפּעטער, און בעיקר אין עצם־רעאַליזאַציע פֿון ציוניזם אין ארץ־ישראל, איז דער אָנטייל פֿון דער כל־שבטימדיקייט געגאַנגען אין אַ שטענדיקער פּראָגרעסיע. נאָך מער. פּראָפּאָרציאָנאַל איז דער אָפּקלאַנג פֿון

ציוניזם אין קלענערן ספרדישן סעקטאָר געווען גרעסער ווי אין אַשכנזישן גרויסן סעקטאָר, ווו עס זענען אַנטקעגנגעשטאַנען שטאַרקע באַוועגונגען און פּאַרטייען, ביי וועלכע דער אָפּשאַץ פון ציוניזם, און ממילא פון ציון, האָט זיך געוואַקלט צווישן דעם באַצייכן רעאַקציע און דעם באַצייכן אוטאָפּיע, וואָס האָבן זיך גאָר אָפּט צונויפגעפּאָרט.

## ה

אָבער צוריק צו דער שיינער ליטעראַטור, ווי אַ שפּיגל פון פאָלק — עס איז אין איר געווען דאָס, וואָס עס איז געווען אין לעבן אַרום איר, און זי האָט עס אַזוי אָפּגעשפּיגלט, די בעלעטריסטיק אויף איר דרך און פּובליציסטיק אויף איר דרך, און נישט זעלטן האָבן זיך ביידע דרכים אויסגעמישט. אָבער וואָס ווייטער, איז אַלץ מער די בעלעטריסטיק געשטאַנען אויף זיך גופא און האָט אַלץ מער די מדרגה פון דרויסנדיקן אָפּשפּיגל געזען און געוויזן דעם מענטשן לויט זיין רעקאַפּיטולאַציע. אָבער סיי פריִער, ווען זי האָט אויף דער פלאַך פון דרויסנדיקן אָפּשפּיגל געזען און געוויזן דעם מענטשן לויט זיין אייבערשטן שיכט, און סיי שפּעטער, אין דער טיף פון רעקאַפּיטולאַציע, ווען זי האָט דעם מענטשן געזען און געוויזן לויט זיין אונטערשטן שיכט, האָט זי די מיטלשיכט זיינע, ווו עס שפּילט זיך אויס די געשפּאַנטקייט צווישן אים און דעם כלל זיינעם, בעיקר זיין פאָלק, געזען און געוויזן אין אַן אַשכנזישער ווערקלעכקייט. אויב עס האָט זיך אַ מאָל אַריינפאַרבלאָנקעט אַ פרענקעלע, ווי די ספרדים האָבן געהייסן, איז עס געווען אָדער אַ פּיקאַנטעריע אָדער אַ קוריאָז.

אָט האָבן מיר, אַ שטייגער, אין „המאסף" אַ בינטל רייז־בריוו, וואָס לויט דעם דעמאָלטיקן זשאַנער, ווו דער פיקטיווער וואַיאַזשער פאָרט פון אָפּגעשטאַנענעם אַשכנזישן ישוב אין אויפגעקלערטן ספרדישן ישוב, כדי צו לערנען, ווי מען דאַרף און קאָן זיך אויסמענטשלען. אָבער באמת איז אפשר דער אַשכנזישער טיפּ, ווי ער ווערט דאָ געצייכנט, אַ שטיקל ממש, אָבער דער ספרדישער טיפּ, ווי ער ווערט דאָ געצייכנט, איז זיכער אַ שטיק אויסטראַכטעניש, אַ מין אוטאָפּיע, ווו דער אוטאָפּיסט פאַרפלאַנצט זיין אידעאַל אין דער צייטלעכער אָדער אָרטלעכער ווייט. אָדער נעמען מיר די יידישע קאָמעדיע פון השכלה־אָנהייב און איר המשך — זי ברענגט געווינטלעך אַ היפּשע טיפּאָלאָגיע, וואָס ווערט כאַראַקטעריזירט דורך דער פאַרשיידנקייט פון יידיש־דיאַלעקטן, און זי טוט דאָס נישט לשם טאָטאַלי־טעט, נאָר לשם קאָמיק, און צוליב איר טאַקע רוקט זי אַ מאָל אַריין אַ ממשדיקן, און נאָך מער אַ געמאַכטן פרענקעלע, אַ משולח וואָס רעדט לשון־קודש, און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער אַנטוויקל פון אַן עפּיזאָדישן טיפּ, ווי מיר האָבן אים, אין שאָטן פון אַנטיפּאַטיע, ביי י. לינעצקי, און אין ליכט פון סימפּאַטיע ביי שלום־

עליכם, און שפּעטער אין אוירעאַל פון ראָמאַנטיק אין טשערניכאָווסקיס אידיליע „כחום היום״. אָבער דאָס אַלץ איז זייטיק, עפּיזאָדיש, פּיטאָרעסק.

און זייטיק, עפּיזאָדיש, פּיטאָרעסק בלייבט דער נישט־אַשכנזי נאָך אַ סך שפּעטער, אויך דאָרט, ווו דאָס באַגעגעניש פון די שבטים איז געווען די עצם יידישע ווערקלעכקייט. אַזוי איז עס, אַ שטייגער, פאַרשטענדלעך, אַז י. ח. ברענער, אין אַ ראָמאַן, וואָס קומט בעיקר פיר אין ירושלים, כאָטש ער איז בעיקר פאַרנומען מיט דער אינעווייניקסטער וועלט פון די, אים אויטאָביאָגראַפיש נאָענטע נפשות, זעט און ווייזט אויך די דרויסנדיקע וועלט, און אויפכאַפּנדיק כלערליי טיפּן כאַפּט ער אויך אויף אַ תימנער מיט זיין לייכטער חנוודיקייט, פּונקט ווי ער כאַפּט אויף אַ יעקע מיט זיין שווערער האַמעטנעקייט, און ביידע בלייבן אין דער רעם פון אַ שטיפערישן שאַבלאָן, ווי ער איז מיט יאָרן שפּעטער איבערגעגאַנגען אין אונדזער וואָדעוויל.

פאַר וואָס און ווי אַזוי־אַרום דאָס פּראָבלעם פון די עדות האָט אָנגעהויבן באַהאַנדלט ווערן, ווי אַ צענטראַל פּראָבלעם אין דער ליטעראַטור, און נישט בלויז, אין דער העברעיִשער נאָר אויך אין דער יידישער, נאָך איידער זי איז געווען אַן אַקטועל צענטראַל־פּראָבלעם אין לעבן, ווי זי איז עס אין מדינת ישׂראל, ווו די נישט־אַשכנזישע זענען געוואָרן דער רוב ישוב — איז אַ קשיא, וואָס די תשובה אויף איר פאַרבעט אונדז אַ קוק דערלאַנגען אויף אַ באַגעגעניש, וואָס איז פיר־געקומען אין דער צווייטער עליה.

ו

דער ערשטער ווענדפּונקט קומט מיט דער השפּעה פון דעם ליטעראַטור־צענטער, אַמערשט אין ירושלים און שפּעטער אין יפו. אין ירושלים — געגנוג אַ קוק דערלאַנגען אין געזעמל „סל ענבים״ (אַ שיסל ווייַנטרויבן), ווו גליה ירדני האָט אָפּגעקליבן, בעיקר ירושלימדיקע נאָוועלן פון דער צייט פון דער ערשטער עליה, כדי לעבן די אַשכנזישע שרייבער צו געפינען אַ ספרדישן שרייבער (סאָלאָמאָן מאַני), און ער איז דאָרט נישט דער איינציקער, וועלכער באַשרייבט דעם ספרדישן שטייגער. אויך ביי אַנדערע איז עס אַ טעמע אָדער, לפּחות, אַ טייל טעמע.

די השפּעה פונעם ליטעראַטור־צענטער שטאַרקט זיך בעיקר אין דער צייט פון דער צווייטער עליה. דער זעלבער י. ח. ברענער, וואָס האָט ווי אַ בעלעטריסט, פאַרן נישט־אַשכנזישן שטייגער אָדער טיפּ, נישט געקאָנט האָבן מער ווי אַ זייטיקן אויפמערק, האָט, ווי אַ רעדאַקטאָר, געהאַט אַן אָפן אויג פאַר די יונגע אויפקומענדיקע בעלעטריסטישע טאַלאַנטן וואָס זענען, אויך מכוח זיין השפּעה, אויפגעקומען צווישן די ספרדים. די מאַרקאַנטסטע פון זיי, דער ירושלימער יהודה בורלא און דער חברונער יצחק שמי, וואָס האָבן זיך צו ברענערס זכר באַצויגן

מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער פּיעטעט, און פלעגן נישט מיד ווערן אונטערצו־שטרייכן, אַז ברענער איז געווען זייער פּאַטראָן און וועקער, פּונקט ווי זיי פלעגן אַרויסהויבן די ראָל פון זייער באַגעגעניש מיט זייערע אַשכנזישע חברים אין ירושלימער לערער־סעמינאַר. דער סאָרט דרעציילער האָט דער העברעיִשער ליטעראַטור אויפגעשלאָסן אַ נייע וועלט, טוענדיק, בעצם, דאָס זעלבע, וואָס עס האָבן געטאָן זייערע אַשכנזישע פען־חברים. אויך זיי האָבן דערציילט וועגן זיך, זייער אַרום און וועגן דער שפּאַנונג צווישן זיך און זייער אַרום. קירצער געזאָגט: אויך זיי האָבן זיך אין זייער וועלט קינסטלעריש רעקאַפּיטולירט, און די דאָזיקע רעקאַפּיטולאַציע איז דער סיי אָפענער סיי באַהאַלטענער, קוואַל פון זייער יכולת, זיך און זייער וועלט צו געשטאַלטיקן.

ז

דער צווייטער ווענדפּונקט באַשטייט אין די פּרוּוון פון אַשכנזישע דערציילערס אַריינצודרינגען אין דער נישט־אַשכנזישער וועלט, נישט כדי אויפצוכאַפּן אַן עפּיזאָד אָדער אַ קוריאָז, נאָר כדי זי דורך און דורך אַרומצונעמען און זי אין איר טאָטאַ־ליטעט קינסטלעריש אויסצובויען. עס האָבן עס געפּרוּווט סיי העברעיִשע סיי ייִדישע שרייבער, אָבער אין גאָר גרויסן און גאָר טיפן פאַרנעם האָבן מיר עס בעיקר, און כמעט בלויז, ביי חיים הזז.

און דאָ בין איך מחויב צו דערמאָנען דעם אָנהייב פון דעם ווענדפּונקט. ווען עס איז דערשינען הזזס ערשטע דערציילונג פון תימנער לעבן, איז זי געווען גע־חתמעט מיט אַ פּסעוודאָנים — זכריה אוזלי — און אַפילו באַהאַוונטע האָבן גע־מיינט, אַז עס איז טאַקע אַ תימנער, און זיך געפרייט, אַז דער קלוגער שבט (די מזרח־ליטוואַקעס, ווי שפּרינצאַק פלעגט זיי רופן) האָט אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם, גרויסן דערציילער. און באמת איז עס געווען אַ פּלא — חיים הזז איז אַ דערציילער, דער דערציילער פון ייִדישן לעבן אין אוקראַיִנע, זיין שטייגער און טיפּאַזש, אין די לעצטע צוויי דורות. אָנגעהויבן מיט סטאַטישער און צו מאָל אידילישער איינגעפונדעוועטקייט פון שטאָט־און וואַלד־ישוב פאַר דער מלחמה און פאַרענדיקט מיט דער דינאַמישער, און כמעט תמיד טראַגישער, צעטרייסלטקייט בשעת דער מלחמה און בשעת רעוואָלוציעס און די פּאָגראָם־כוואַליעס, און דעם חורבן פון ייִדן און ייִדישקייט. און עס איז געווען אַ מין קיימא־לן, אַז ער איז דער גרויסער עפּישער מקונן פון גלות רוסלאַנד, וואָס זיין אוי מה היה לנו, באַשטייט אין גרויסן דערציילערישן פאַנאַנדערפלעכט פון דאָזיקן לעבן. אמת, ער האָט נאָך, זייענדיק אין קאָנסטאַנטינאָפּל, אָנגעשריבן אַ חנוודיקע נאָוועלע „עשיר ורש נפגשו”, משמע: אַ גביר און אַן אָרעמאַן האָבן זיך באַגעגנט, און דאָס איז אַ באַגעגעניש צווישן אַן אוקראַיִנישן ייִד אַ למדן און אַ ספרדישן רב, ווו דער ערשטער איז אַ דינאַמיש

שטיק לעבעדיקייט פון סאַמע רוחניות און דער אַנדערער — אַ סטאַטיש שטיק פאַרגליווערקייט פון סאַמע גשמיות. און מען זעט, אַז דער מחבר האָט אַ שאַרף אויג פאַרביידע צדדים. אָבער קיינעם פון זיינע לייענערס איז נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס וועט ווערן זיינס אַ צענטראַל־טעמע, פונקט ווי עס איז זיי נישט איינגעפאַלן, אַז אין דעם באַהאַנדל פון דער טעמע, וועט זיך דער אָפּשאַץ פונעם מהות פון די עדות דיאַמעטראַל איבעראַנדערשן. אמת, דאָס איז נישט געקומען תיכף — פון קאָנסטאַנטינאָפּל איז דער דערציילער געגאַנגען קיין פּאַריז און ערשט ווען ער איז, מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, זיך געקומען ביי אונדז באַזעצן און האָט זיך, בעיקר אין ירושלים, מיט זיין אָבסערוואַציע איינגעלעבט אין די נישט־אַשכנזישע שבטים, האָבן זיך אויסגעצייטיקט זיינע נאָוועלן וועגן קורדן און זיינע ראָמאַנען וועגן תימנער.

דאָס האָט געהאַט אַ גוואַלטיקן באַטייט נישט בלויז פאַר זיך: דער כוח פון דערציילערס אַריינדרינג אין אַ מאַקסימאַלער צאָל פון ייִדישע שטייגערס, אין וועלכע ער איז קינסטלעריש אַריינגעוואַקסן און האָט אין זיי דערגרייכט די זעלבע מדרגה, וואָס ער האָט דערגרייכט אין זיין אייגענעם שטייגער, פון וועלכן ער איז אַרויסגעוואַקסן. אַנדערש געזאָגט: דער כוח צו זיין פולקום אין דער היים ביי אַלע עדות־ישׂראל, און דאָס איז אַן אַרט און אין אַ צייט, וואָס קאָן באַצייכנט ווערן ווי דער סוף פון ייחוד פון די שבטים און אָנהייב איחוד פון פאָלק. דאָס האָט אויך געהאַט אַ גוואַלטיקן באַטייט פאַר די שבטים גופא, און בעיקר פאַר די שאַפערישע, דערציילערישע כוחות, וואָס זענען ביי זיי אויפגעקומען. און עס איז טאַקע גערעכט געווען יצחק לופבאַן, וואָס האָט געשריבן, אַז פונקט ווי מען האָט געזאָגט, אַז אויב לירא וואָלט נישט געלירעוועט וואָלט לוטער נישט געווען געהאַפּקעט, קאָן מען זאָגן, אַז ווען הזז וואָלט נישט געווען פריִער, וואָלט מרדכי טביב נישט געקומען, ווי ער איז געקומען, שפּעטער. אמת, מרדכי טביב, ווי מיר האָבן פאַרנומען פון זיינע ענוציאַציעס, לייקנט עס אָפּ, אָבער מיר בעטן ביי אים סליחה ומחילה וואָס מיר האַלטן, אין דעם פונקט, נישט מיט אים, נאָר מיט לופבאַנען. מי לנו גדול ווי ש״י עגנון וואָס פלעגט אָפּצולייקענען די באַרעכטיקטע סברה אַז אַן מענדעלעס נוסח וואָלט זיין נוסח נישט געווען ווי ער איז געווען. יאָ, טיפער באַטראַכט, זענען זיי ביידע, סיי דער תימנישער שפּאַרבער סיי דער גאַליצישער אָדלער גערעכט און נישט גערעכט. זיי זענען גערעכט — דער עיקר כוח זייערער שטעקט אין זיי אַליין, דעם האָט זיי קיינער נישט געקענט געבן; אַן אים וואָלטן זיי קיין שום השפּעות נישט געהאָלפן. זיי זענען נישט גערעכט — אַן מענדעלעס נוסח, אַן זיינע אָריגינעלע גירסאות ביי ביאַליק און ש. בן־ציון, וואָלט עגנון נישט געווען, וואָס ער איז בכוח צו ווערן און געוואָרן; אַן הזזס נוסח וואָלט מרדכי טביב נישט געווען וואָס ער איז בכוח צו ווערן און געוואָרן. דער זאָג, אַז שפּראַכלעך האָט

עגנון נישט באַדאַרפט אָנקומען צו מענדעלען און זיינע תלמידים, ווייל משניות און מדרשים זענען געווען אויך אין ביטשוטש, און טעמאַטיש האָט טביב נישט באַדאַרפט אָנקומען צו הזון, ווייל תימנער שטייגער איז אויך, און בעיקר, געווען אין ראשון לציון און אין כרם התימנים, אַזוי אַז ער האָט נישט באַדאַרפט צו קויפן ביי דער גאַנדז האָבער, איז אַ שאַרפער זאַג, אָבער אין תוך איז עס נישט מער ווי אַ שטיפעריי.

אַוודאי טאָר מען נישט פאַרגעסן, דאָס בורלאַ אָדער טביב קענען דאָס לעבן, וואָס זיי באַשרייבן, בחינת מבשרי אחזה, און דערפאַר זענען זיי, לגבי דעם ענין, גאָר לעגיטים און רעלעוואַנט. אָבער ביידע האָבן געלערנט ביי מזרח־אייראָפּעיִשע אַשכנזישע שרייבער, פּונקט ווי די מזרח־אייראָפּעיִשע, העברעיִשע און יִידישע, פּראַ־זאַיִקער האָבן עס געלערנט ביי זייערע, שוין שפּראַכלעך אַסימילירטע, ברידער פון מערב־אייראָפּע. אגב אורחא, ווייל איך דאַ דערמאָנען אַ פּיקאַנטע עובדא — איך האָב געהאַט דעם כבוד צו באַגריסן יהודה בורלא, אין נאָמען פון ירושלימער שטאָטראַט, צוליב זיין אַכציקיאָריקן יובל. האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט הנאה געהאַט, וואָס אַן עסטרייכישער ייִד ווי איך האָט אים באַגריסט, ווייל ער האָט אַן עסטרייכישן יִידן אַ סך צו פאַרדאַנקען. אין זיין יוגנט האָט זיך צו אים פאַר־וואַלגערט אַ ספר, וואָס ער האָט יאָרן לאַנג נישט געדענקט דעם נאָמען פונעם מחבר, נאָר האָט געדענקט דעם נאָמען פון חיבור. ער איז געווען דער ראָמאַן „ליד המחרשה" (ביים אַקעראייזן) פון לעאָפּאָלד קאָמפּערט. עס איז אים זייער געפעלן, וואָס דער מחבר באַשרייבט יִדן פון זיין גאַס, און ער האָט צו זיך געזאָגט: פּונקט ווי יענער באַשרייבט יִדן פון זיין גאַס, וועל איך באַשרייבן יִדן פון מיין גאַס, — קרובים, חברים, שכנים, שכנות. ווען איך האָב עס געהערט, האָב איך צו מיר געזאָגט: גיי ווייס, אַז אַן עמאַנציפּאַטאָרישער דייטש־ייִדישער שרייבער פון בעהמען האָט דאָס אויפגעוועקט אַ ירושלימער בחור וואָס האָט געלערנט שחיטה, צו זען זיך, און דערציילן זיין סביבה, זיין דור, און ווערן וואָס ער האָט געקאָנט ווערן און איז געוואָרן.

יאָ, עס איז אַ גלגל החוזר — אַ מאָל מאַכט אַ ספרדי דעם שולחן ערוך (גרייט טיש) און אַן אַשכנזי די מפה (טישטעך), וואָס איז בעצם, אַ שולחן פאַר זיך, אַ מאָל פאַרקערט און עס מאַכט נישט אויס — דער עיקר, אַז עס בלייבט אַלץ אין איין גרויסער משפחה.

## ח

דער דריטער ווענדפּונקט, איז די השפעה פון אַ פּראָצעס, וואָס איז פּיר־געקומען אין אונדזער פּראָזע. עס האַנדלט זיך וועגן פאַרטיף פון דעם ביאָגראַ־פישן סובסטראַט וואָס איז דער יסוד פון בעלעטריסטישן באַשאַף, און זיין אויסברייט

צו אַ גרויסן היסטאָרישן קאָמפּלעקס. אייגנטלעך איז דאָס אַן אויסברייט פון דער צייטלעכער און אָרטלעכער רעם, וואָס עס באַשטימט אים די קשיא פונעם דער־ציילער צו זיך אַליין: יאָ, גוט, אַזוי זע איך אויס אין מיין סביבה און אין מיין דור, אָבער איך האָב דאָך געהאַט אַ טאַטן און דער טאַטע אַ זיידן און דער זיידע אַ זיידן — ווי האָבן זיי אויסגעזען? און די תשובה קאָן זיך באַנוגענען מיט עטלעכע דורות, קאָן זיך אָבער אויך דערגרונטעווען צו אַ בראשית.

און די וועגן זענען פאַרשיידענע — זלמן שניאור האָט צום ערשט געשטאַל־טיקט זיין היימשטאָט, שקלאָוו, און זי שפּעטער אויסגעברייט אויף איר סביבה און אַרומגענומען ליטע אויפן פאָן פון צוזאַמענשטויס צווישן מתנגדות און חסידות, ווי מיר האָבן עס אין „קייסער און רבין". יוסף אָפּאַטאָשו האָט אויס־געברייט מלאָווע פון זיין צייט און אין די „פּוילישע וועלדער" געוויזן פּוילן אויפן פאָן פון אינעווייניקסטע און אויסנווייניקסטע צוזאַמענשטויסן, און שפּעטער אין מיטלעלטערלעכן אַשכנז, געוויזן „אַ טאָג אין רעגנסבורג" און „אליה בחור", און פאַרענדיקט מיט רבי עקיבא און בר כוכבא, און אַלץ צוזאַמען בילדט אַ גרויסע היסטאָרישע פּאַנאָראַמע, ווו דער דערציילער פּלאַסטיזירט זיין היסטאָריש באַ־וווּסטזיין. נאָך ווייטער איז געגאַנגען א. א. קאַבאַק. כאָטש ער האָט נישט אָפּגע־היטן, אין זיין סדר־שרייבן, דעם סדר הדורות, ווי די פריִער אויסגערעכנטע דער־ציילער — האָט ער דאָך נאָך זיינע ראָמאַנען וועגן זיין אייגענעם דור, געשריבן דעם ראָמאַן וועגן שלמה מולכו, שפּעטער דעם ראָמאַן „במשעול חצר", וואָס באַהאַנדלט די תקופה פון סוף בית שני און אויפקום פון נצרות, און צו לעצט דעם גרויסן ציקל ראָמאַנען וועגן די לעצטע דריי־פיר דורות, וועלכן די פּטירה זיינע האָט אין דער מיט איבערגעהאַקט. לגבי דעם זיגזאַג איז בולט די ליניע פון סדר הדורות ביי שלום אַש — „קידוש השם" אויפן פאָן פון חבלי ת״ח, „די כישוף־מאַכערין פון קאַסטיליען" אויפן פאָן פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, די דריי קריסטוס־ראָמאַנען („דער מאַן פון נצרת", „מערי", „דער אַפּאָסטל") און צו לעצט זיינע פּרוּוון פון ביבלישע ראָמאַנען — ווו „משה" האָט באַדאַרפט קאָמפּלעטירט ווערן סיי מיט אַ גרויסער געשטאַלט נאָך זיך, ישעיה דער צווייטער, סיי פאַר זיך, אברהם אבינו, איז אָבער געבליבן אַ טאָרסאָ.

מיר דערציילן דאָס אַלץ כדי אָנצוווייזן אויף אַן ענלעכן גאַנג אין ספרדישן סעקטאָר — צו גלייך מיט די אויסגערעכנטע אַשכנזישע שרייבער, וואָס האָבן געמאַכט לייטישע שפּאַצירן אין דער געשיכטע אַריין, און אונטער זייער השפּעה האָט אויך דער ספרדישער יהודה בורלא געמאַכט אַן ענלעכן שפּאַציר — לעבן זיינע דערציילונגען און ראָמאַנען פון זיין דור און זיין סביבה האָט ער אונדז געגעבן אַ ראָמאַן וועגן דעם מבשר פון חיבת ציון ר׳ יהודה אַלקלעי, כדי שפּעטער אַ שפּרייז צו טאָן אין מיטלעלטער אַריין, אין זיין ראָמאַן וועגן ר׳ יהודה הלוי.

מאמר מוסגר: פאַראַן כלערליי דעות וועגן היסטאָרישן ראָמאַן — איך דערמאָן מיך אַ לעקציע פון י. מ. וויסנבערג, ווו ער האָט געשטורעמט קעגן צוויי שרייבער, וואָס ער האָט זיי אָנגערופן די גרעסטע צוויי שונדיסטן פון דער וועלט־ליטעראַטור. דאָס זענען, פאַרשטייט זיך, געווען שלום אַש און יוסף אָפּאַטאָשו. און דער ווילדער כעס זיינער אויף זיי איז געקומען מחמת דעם, וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעווענדט פון זייער צייט, ווו מען קען נישט מאַכן קיין דריידלעך, און פאַרפאָרן אין אַ צייט, וואָס נישט זיי האָבן זי געזען און נישט זיי האָבן זי געהערט, און דרייען אַ קאָרבע. שווער צו זאָגן, אַז ער האָט געהאַט אַן ענטפער אויף דער קשיא פון אַ צוהערער, מיט וואָס איז פלאָבערס „סאַלאַמבאָ" קינסט־לעריש ווייניקער אויטענטיש פון „מאַדאַם באָוואַרי"; אָבער אַפילו ער וואָלט געפונען אַן ענטפער, איז דאָך דער מקור פון זיין תרעומת ביי זיך אַליין — ער האָט זיין סוביעקטיווע אוממעגלעכקייט זיך אַרויסצובאַפרייען פון זיין צייט און סביבה אויסגעטייטשט ווי אַן אָביעקטיווע אוממעגלעכקייט. אַזוי אַרום איז ער פּטור געווען צו וועלן און קאָנען פאַרשטיין דאָס באַדערפעניש פון אַ דערציילער זיך, זיין דור און זיין פּראָבלעמאַטיק צו זען אין אַ ווייטערער און ברייטערער רעם, ווי עס דערמעגלעכט עס דער גאַנג אין דער היסטאָריע אַריין. אויב וויסנבערג האָט טאַקע נישט געהאַט אַזאַ אָדער ענלעך באַדערפעניש, איז אַ קשיא פאַר זיך, און איך בין נוטה צו אַ סברה, אַז ער האָט עס פאָרט געהאַט, נאָר האָט עס אַנדערש דערפילט. אַ ראַיה איז — אויב זיך באַנוצן מיט יחיאל האָפּערס טערמין לגבי אים — זיין סורנאַטוראַליזם.

אַזוי טייטש איך מיר אויך אויס דעם אָפּנייג פון ש״י עגנון צום היסטאָרישן ראָמאַן. מען נעמט — פלעגט ער צו זאָגן — אַ גוי, וואָס וואַלגערט זיך אין שענק און מען טוט אים אָן אַ קראַפּן־הוט און מען איז אויף אים גוזר, אַז ער איז נאַפּאָ־ליאָן. און ווי עס קריסטלט זיך אַזוי יידלט זיך: מען נעמט אַ ייד אַ בטלן, וואָס דרייט זיך אַרום אין שולכן, מען לאָזט אים אַ גאַנצן טאָג זיצן אין טלית און תפילין, און מען איז אויף אים גוזר, אַז ער איז דער ווילנער גאון, און דאָרט און דאָ שרייבט מען, מיט קידוש־לבנה־אותיות, אויפן שער־בלעטל: היסטאָרישער ראָמאַן, און דער עולם־גולם זאָגט: אָ־וואַ, אָ־וואַ. האָט טאַקע ש״י עגנון קיין היסטאָרישן ראָמאַן נישט מחבר געווען. אָבער דאָס הייסט נישט, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין באַדערפעניש, אַפילו די נויטווענדיקייט, אַרויס פון זיין דור און זיין סביבה און זיי זען און זיי ווייזן אין אַ ווייטערער און ברייטערער רעם. אַ ראַיה דערצו זענען נישט בלויז די סיפּורי מעשׂיות פון פאַרצייטנס, וואָס מען דערציילט, אַ שטייגער, אין „הכנסת כלה", וואָס קייטלען זיך צוזאַמען צו אַ קאָמפּלעקס פון אַ גוטע פינף זעקס דורות — פון דער סאַמע מיט חסידות ביז חבלי ת״ח; אַ ראַיה,

און אַ שטאַרקע דערצו, איז דער גאַנג זיינער אין ספר המעשים, ווו חלום און וואָר, צייטן און ערטער פאַרבייטן און פאַרמישן זיך, און בעיקר דער גאַנג זיינער צו אַ סיפור, ווי „עד עולם״, ווו מיר האָבן צו טאָן מיט אַן אויסגעטראַכטער רעאַ־ליטעט, וואָס פלימערט צווישן שאָטן פון מיטאָס און ליכט פון פרעהיסטאָריע.

י

אָבער צוריק פונעם יוצא מן הכלל צום כלל — אונדזערע דערציילערס, וואָס דער גאַנג זייערער אין דער היסטאָריע אַריין איז אַ טייל פון זייער בעלעטריסטי־שער שאַפונג, וועלכע נעמט בעיקר אַרום זייער אייגענע צייט, איז אָבער אַן אָרגאַניש נויטווענדיקער טייל, ווייל ער קומט פון זייער באַדערפעניש אויסצו־ברייטערן און צו פאַרטיפן די ביאָגראַפיע פון זייער דור צו אַ ביאָגראַפיע פון דורות. און פונקט ווי עס איז אַ באַדערפעניש פון די בעלעטריסטן, איז עס אַ באַדערפעניש פון דער בעלעטריסטיק, פון דער ליטעראַטור, און ממילא אויך פון אונדזער ליטעראַטור. דאָס באַזונדערע אין איר איז דער אַקטואַלער און היס־טאָרישער מאָמענט אין לעבן פון אונדזער פאָלק — עס איז דער מאָמענט, ווען די ליטעראַטור פון די יידישע שבטים, וואָס קאָנצענטרירט זיך דאָ און איצט, לשם אַ בשותפותדיקן מאָרגן, נעמט זיך גובר זיין די צעשפּליטערונג פון היינט, דערגייענדיק צו דעם בשותפותדיקן נעכטן, וואָס איז אונדזער אַלעמענס ייחוס און אונדזער אַלעמענס שורש.

[תשל״א]

# צווישן קאַמפּיין און קאַמפּיין

א וואָרט ביים הסתדרות־צוזאַמענקום אין ניו־יאָרק

## א

בעצם האָב איך מיך באַדאַרפט נוהג זיין ווי יענער ייִד, וואָס האָט געהערט, אַז באַראָן ראָטשילד זוכט אַ מומחה צו זיינע געשעפטן, וואָס זאָל זיך אויסקענען אויף דאָס און יענץ, האָט ער איינגעפּאַקט טלית און תפילין און זיך געלאָזט קיין פּאַריז, און ווען ער האָט זיך דערשלאָגן צום באַראָן, האָט ער אים דערקלערט אַזוי צו זאָגן: אדוני ראָטשילד, איך האָב געהערט, אַז איר זוכט אַזאַ מומחה, בין איך אייך געקומען זאָגן, אַז אויב איר רעפלעקטירט אויף מיר, זענט איר אייך, במחילה, טועה. און אפשר איז דער נמשל נאָך האַרבער פונעם משל — דען עס איז פּאָרט מעגלעך, אַז יענער ייִד, וואָס האָט געמאַכט אַ וועג פון זיין שטעטל קיין פּאַריז, האָט זיך נאָך אַלץ מער אויסגעטויגט צו ראָטשילדס געשעפטן, ווי איך טויג מיך אויס אויף אַ קאַמפּיין. בפרט אַז דער פילאָלאָג אין מיר האָט נאָך תרעומת אויף דער עוולה, וואָס מען באַגייט לגבי דעם וואָרט קאַמפּיין, וואָס שטאַמען שטאַמט עס פון לשון campania און מיינט אַ פעלד, וואָס גאָט האָט באַשאַפן צו אַקערן און צו זייען און די מענטשן האָבן עס באַנוצט אויף צו פירן שלאַכטן, אַזוי איז דאָס וואָרט campania, פון וועלכן עס האָט זיך אַרויסגעבילדט דאָס דייטשישע Kampf וואָס מיינט גרונטיק אויך אַ שטיק פעלד אָדער געמויזעכץ, געוואָרן דער סינאָנים פאַר מלחמה; און אַ ברעקל נחמה שטעקט אפשר דאַרינען, וואָס דאָס וואָרט קאַמפּאַניע איז חל נישט בלויז אויף בלוטיקע, נאָר אויך אויף אומבלוטיקע מלחמות, ווי מיר האָבן עס אין די אַלערליי קאַמפּיינען, און איינע פון זיי איז די מלחמה צו עפענען די קעשענעס.

## ב

איז עס מסתמא נישט קיין לייכטע מלחמה, בפרט אַז עס איז שווער צו עפענען יענעמס קעשענע, איידער מען האָט אים נישט באַוויגן צו עפענען די האַנט; און עס איז שווער צו עפענען יענעמס אַ האַנט, איידער מען האָט אים נישט באַוויגן צו עפענען דאָס האַרץ, וועל איך מודה זיין, אַז אויב און אויף וויפל איך וואָלט

פעיק געווען צו דער עיקרדיקער עובדא פון אַ קאַמפּיין — צו באַוועגן יענעמס הארץ, וואָלט איך מיך נישט באַנוגנט מיט אַ מינימום, ווי עפּעס די האַנט, אַז די האַנט זאָל עפּענען די קעשענע, נאָר איך וואָלט געפאָדערט דאָס מאַקסימום — דעם מענטשן מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן. און אויב עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן הסתדרות, וואָלט איך געפירט דעם קאַמפּיין אין דעם זינען, אַז דער בעסטער קאַמ־פּיין פאַר דער הסתדרות איז צו זיין אין דער הסתדרות. און באמת, האָב איך אין מיין לעבן מצליח געווען בלויז אין אַזאַ מין קאַמפּיין — ווען איך האָב אָנגעפירט און געאַרבעט אין דער חלוצישער אָרגאַניזאַציע, סיי אין פּוילן, סיי אין דייטשלאַנד, וואָס האָט זיך, צו גלייך מיט די איבריקע חלוצישע יוגנט־באַוועגונגען, דעקלאַרירט ווי אַ המשך פון דער הסתדרות, און האָט די דעקלאַראַציע רעאַליזירט. און איך וויל מודה זיין, אַז אין מיין שפּרייז איבער די אַמעריקעס האָב איך געהאַט אַ סך באַגעגענישן, וואָס זענען פאַר מיר געווען אַ געמיש פון פרייד און צער, אָבער בלויז ביי איין סאָרט באַגעגעניש האָב איך טועם געווען עפּעס אַ טעם פון גליק — אַזוי, אַ שטייגער, די באַגעגעניש מיט אַ גרופּע פון דער עליה־באַוועגונג אין מאָנטעווידעאָ, וכדומה.

ג

עס איז געווען דאָס געפיל, אַז מיין אייגן גליק, וואָס איך האָב זוכה געווען יונגערהייט צו קומען אַהיים, אין אונדזער לאַנד אַריין, און דאָרט זיין און לעבן רוב ימי, שפּרייט זיך אויס אויף אַנדערע; דען אַזוי איז שוין די טבע פונעם גליקלעכן, וואָס מער מענטשן גליקלעך צו זען; בפרט ווען עס האַנדלט זיך אין אַ ביאָגראַפיע פון אַ יחיד, וואָס דאַרף צו ווערן אַ ביאָגראַפיע פון אַ רבים, פון אַ פאָלק, וואָס געפינט זיך, ווי אונדזער פאָלק, אין עצם צוריקקער אין זיין לאַנד אַריין. וואָלט איך דאָס געפיל געקאָנט בלויז ביי מיר און מיינסגלייכן, וואָלט איך נישט געהאַט קיין העזה עס פירצובערענגען; איך האָב אָבער באַמערקט, אַז עס איז דאָס גרונטגעפיל פון אונדזערע פירגייערס, בעיקר די מענטשן פון דער צווייטער עליה, וואָס האָבן מיט דער זכיה זייערע זיך געוואָלט טיילן מיט וואָס מער ייִדן, און זיי האָבן דאַרינען אויך מצליח געווען; און ווען איינער פון די גרויסע בויערס אונדזערע, בערל קאַצנעלסאָן, האָט געזאָגט: עינינו לאניות הבאות, טייטש: אונדזערע אויגן זענען געווענדט צו די שיפן וואָס וועלן קומען, האָט ער נישט בלויז דעפינירט די אָביעקטיווע אויפגאַב פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבע־טערשאַפט, נאָר אויך דעם סוביעקטיוון איינשטעל פונעם אַרבעטער, מקיים צו זיין דעם ואהבת לרעך כמוך, טייטש: זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי זיך אַליין; און אויב עס האָט דיר צוגעשפּילט דאָס מזל, זוכה צו זיין און בויען אונדזער לאַנד, לעבנדיק אין אים, זענען די דאָזיקע אָביעקטיווע אויפגאַב און דער דאָזיקער סוביעק־

טיווער איינשטעל, מחייב, אַז דיין ביאָגראַפיע זאָל זיך אויסברייטערן צו אַ ביאָגראַ־פיע פון אַ וואָס גרעסערן רבים. דאָ שטעקט אויך דער קערן פון אַלע ראַנגלעניש, וואָס די הסתדרות — דער גרעסטער אינסטרומענט פונעם אויפבוי פון אונדזער לאַנד — ראַנגלט זיך, און עס זענען גאָרנישט קיין לייכטע ראַנגלענישן, ווייל סיי די פאָדערונגען פון דער אָביעקטיווער אויפגאַב, ווי זי באַדאַרף צו זיין, סיי די פאָדערונגען פונעם סוביעקטיוון איינשטעל, ווי ער באַדאַרף צו זיין, זענען גאָר נישט קיין לייכטע, און פאַראַן כלערליי יצר־הרעס, ווי יוניאָניסטישע פאַרשטייפט־קייט, צעכיסטישע אָפּגעשלאָסנקייט, באַסיסטישער ביוראָקראַטיזם, פּאַרטייִישע קלי־קעריי, און אַנדערע סכנות, וואָס לאָקערן תמיד, אַפילו אויף ביז־גאָר דעמאָקראַטישע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס, און לאָזן זיך נישט אַזוי לייכט בייקומען, און דאָס בעסטע כלי־זין זיי גובר צו זיין, איז דער אומקער צום דעוויז: עינינו לאניות הבאות, משמע דער ווענד צו די שיפן וואָס וועלן קומען.

אַגב, דוכט זיך, אַז מיר דאַרפן מדקדק זיין, ווייל דאָס ווערטער־פּאָרל: לאניות הבאות מיינט אייגנטלעך: צו די שיפן וואָס קומען, די שיפן וואָס האַלטן אין קומען, דען די בעלי־הדעוויז האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט סתם פּראָגנאָזעס, נאָר זענען טאַקע געגאַנגען די שיפן ברענגען.

ד

איך האָב זיי געזען די שיפן־ברענגער, מיט אַ זעקס־און־פערציק יאָר צוריק, ווען זיי, די הסתדרות־אָנפירערס, זענען געקומען צו דער אַלוועלטלעכער החלוץ־און־יוגנט־קאָנפערענץ אין דאַנציק — דוד בן־גוריון, יוסף שפּרינצאַק, לוי שקאָלניק (אשכול), יהודה קאָפּעלעוויטש, מאיר יערי, אבא חושי, דוד כהנא, און זיי האָבן, בעצם, פון אונדז פאַרלאַנגט נישט מער און נישט ווייניקער, ווי דאָס, וואָס זיי האָבן פון זיך אַליין פאַרלאַנגט, און מקיים געווען — געבן דעם לאַנד דאָס גאַנצע לייב און לעבן, און מיט אַ געפיל און באַוווסטזיין, אַז מער ווי מיר האָבן דעם לאַנד האָט דאָס לאַנד אונדז געגעבן. יאָ, מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט איינער פון די באַנבערעכערס פון דער צווייטער עליה, דער באַוווסטער שרייבער שלמה צמח, געקריגן דעם פרס־ישראל, האָט ער, ביי דער פייערונג, פאַר קהל ועדה, אָנגעבויגן דעם ווייסן קאָפּ זיינעם, און כורעים ומשתחוים געווען פאַר דעם לאַנד און אים געדאַנקט פאַר אַלץ, וואָס עס האָט אים געגעבן.

דאָס איז געווען און געבליבן אונדזער גרונטגעפיל, וואָס מיר האָבן בשותפות מיט אונדזערע לערער, דעם דור פון דער צווייטער עליה, און מיט אונדזערע חברים, דעם דור פון דער דריטער עליה, און איך וועל מודה זיין, אַז עס איז אַ געפיל, וואָס איז נישט פריי פון אַן עוקץ קנאה. אָט בין איך מקנא מיין פרוי, וואָס איז שוין קיילעכיקע פופציק יאָר אַ חברה אין הסתדרות, בשעת איך בין

הינטערשטעליק מיט פינף יאָר, און בין בלויז פינף־און־פערציק יאָר אַ חבר אין איר, און עס איז אַן אבידה שאינה חוזרת. און אויב אין אונדזער עליה אַזוי, אין די פריִערדיקע עליות כל־שכן. דער באַקאַנטער שרייבער ר׳ בנימין, אויך ער פון דער צווייטער עליה, האָט אַ מאָל געזאָגט: איך בין געקומען בלויז צוויי יאָר נאָך שלמה צמח, און שוין עטלעכע דרייסיק יאָר, וואָס איך יאָג אים נאָך, און קאָן אים אַלץ נישט דעריאָגן. וועט איר פרעגן: וואָס איז דער מער, איז די תשובה אַ דריַיִיקע. ערשטנס, הייסט עס: זריזים מקדימים, טייטש: פלינקע פעדערן זיך; צווייטנס, הייסט עס: וכל הזריז נשכר, טייטש: און אַ יעדער פלינקער ווערט באַלוינט; דריטנס, הייסט עס: יפה שעה אחת קודם, טייטש: בעסער איין שעה פריִער.

און וואָס עס לאָזט זיך זאָגן וועגן פרט, לאָזט זיך, נאָך שטאַרקער, זאָגן וועגן כלל, און נישט בלויז כדי צו באַווייזן דעם כלל, וואָס איז שוין נישטאָ, נאָר כדי מזהיר צו זיין דעם כלל, וואָס איז דאָ: יפה שעה אחת קודם, בילעכער איין שעה פריִער, אויב מיר ווילן נישט, אַז די מדינה אונדזערע, וואָס איז געקומען צו שפּעט פאַר די יִידן פון יענער זייט אוקינוס, זאָל, חלילה, נישט האָבן צו שפּעט געקומען פאַר די יִידן פון דער זייט אוקינוס.

ה

דאַכט זיך, אַז איך האָב קלאָר דערקלערט, פאַר וואָס איך טויג בלויז פאַר אַ קאַמפּיין, וואָס פאָדערט דעם מענטשן מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן, און פאָדערט עס סיי מחמת דער אָביעקטיווער נויטווענדיקייט פון דער פאָדערונג, סיי מחמת דער סוביעקטיווער טובה פון דעם אויפגעפאָדערטן. אָבער איך פאַרשטיי, אַז אַזאַ קאַמפּיין, וואָס זיין גאַנצער פּראָגראַם לאָזט זיך, ווי געזאָגט, קורץ דעפינירן: דער בעסטער קאַמפּיין פאַר דער הסתדרות איז צו זיין אין הסתדרות, האָט געקאָנט בלויז אָנגיין אין דער רעם פון יענע יחידים און ציבורים, וואָס האָבן אָנערקענט די פּרינציפּיעלע נויטווענדיקייט און אַקטואַלע מעגלעכקייט פון אונדזער רעסטיטוציע אין אונדזער לאַנד, און זיי זענען ווייט נישט געווען דער רוב אין פּראָגראַמאַטישן און פּראַקטישן ווידעראַנאַנד אין דער יִידישער גאַס. מילא, היינט אַז די אַלגעמיינע באַדינגגן פון אַזאַ רעסטיטוציע זענען דערגרייכט, און מיר האָבן אונדזער אייגענע מדינה — שטייט הינטער איר די ליבשאַפט און די סימפּאַטיע פון אַלע טיילן פון אונדזער פאָלק אויף גאָר דער וועלט; און די פאַר איבערגעלעבטע אָדער איבער־געפּרוּווּרענע גרופּקעלעך, וואָס זאָגן אַ יאַדעשליוון נישט, אָדער אַ הייזעריקן ניין, זענען עס דער וואַקלדיקער יוצא־מן־הכלל, וואָס באַשטעטיקט דעם פעסטן כלל. אָבער מיט יאָרן צוריק איז עס געווען ווייט דערפון, און דער שטח פאַר דער מעג־לעכקייט פון אַ מאַקסימאַלער פאָדערונג איז געווען אַ באַגרענעצטער, און איז

נישט אַריבער דעם תחום פון ציוניזם און ציוניסטן, און דאָס איז, בעצם, די רעם, אין וועלכער איך האָב מיך מיין גאַנץ לעבן געפונען. במילא האָט מיין מאַקסימאַלער צוגאַנג נישט געקאָנט האָבן צו טאָן מיט מענטשן פון כלערליי פּאַרטייען, וואָס האָבן אין דער רעסטיטוציע פון אונדזער פאָלק אין זיין אייגן לאַנד נישט גע־גלויבט און צו איר נישט טענדירט און זי אויך באַקעמפט. איך האָב געקאָנט קומען בלויז צו אַ ציוניסט און טענהן, אַז ער, וואָס גלויבט יאָ אין דער דאָזיקער רעסטי־טוציע און טענדירט צו איר און קעמפט פאַר איר, אַזוי לאַנג ער גופא זיצט דאָ, איז ער אַן אַמפיביע, האַלב יאָקיש האַלב פייבוש, אחד בחלום ואחד בוואָר. און איך בין טאַקע פאַר אים געקומען און אַזוי געטענהט, און איך האָב מיך, אין דער רעם פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, אַזוי לאַנג זי האָט עקזיסטירט, נישט געלאָזט פון מיין שטעל און באַצי אויף אַ האָר אַראָפּפירן.

ו

די קשיא איז אָבער געווען, וואָס טוט מען דאָרט, ווו דער מאַקסימאַליזם האָט קיין האַפט נישט, דהיינו, מחוץ די גרענעצן פון ציוניזם; וואָס לאָזט זיך דאָרט טאָן פאַרן רעאַליזאַציע־ציוניזם, וואָס זיין ממשותדיקער אויסדרוק איז געווען די הסתדרות; וואָס לאָזט זיך טאָן נישט אויפן דרך פון פרינציפּיעלע פשרות אָדער אידעאָלאָגישע נאָכגעבערייען, נאָר אויפן דרך פון מעשים, וואָס ליגן אין בשותפותדיקן אינטערעס פון די נעמערס — ווי עס איז געווען די הסתדרות אין ארץ־ישראל, און פון די געבערס — ווי עס זענען געוואָרן די געווערקשאַפטן אין אַמעריקע, און דאָס איז דער וווקס און די טובה פון אַ יידישער אַרבעטער־שאַפט, ווי זי האָט זיך אויסגעפורעמט אין און דורך דער הסתדרות, אירע אינ־סטיטוציעס און כלים. אַוודאי האָבן זיך די צילן און צוועקן פוןביידע צדדים ווייט נישט געדעקט, אָבער עס איז פירגעקומען דאָס פאַרקערטע פון דעם, וואָס איז שכיח — די צילן און צוועקן פון די נעמערס זענען געווען ווייטער און ברייטער ווי פון די געבערס; אַפילו ווען די דעמאָלט גאָר אָרעמע הסתדרות האָט באַדאַרפט אָנקומען צו די געווערקשאַפטן, כדי אויפצושטעלן אַ פאַכשול, אָדער פאַרפונדעווען איר טאָגבלאַט וכדומה, איז זי שוין געווען די מדינה בדרך, די מדינה־אויפן־וועג, בשעת די געווערקשאַפטן האָבן זיך געמעגט באַנוגענען מיטן באַוווסטזיין, אַז זיי דערלאַנגען אַ וויטאַלע הילף, ווי איין ציבור יידישע אַרבעטער איז עס מחויב לגבי אַן אַנדערן ציבור יידישע אַרבעטער, אָדער אַפאָריסטיש געזאָגט: ווי עס איז מחייב דאָס סאָציאַליסטישע פינטעלע ייד.

אַז אַזאַ שידוך, וואָס איז כמעט נישט מעגלעך געווען אין פוילן, איז נאַטירלעך געווען אין אַמעריקע — איז, ווייזט אויס, נישט קיין צופאַל, און עס דערקלערט זיך מסתמא דערמיט, וואָס צו די פריערדיקע בשותפותדיקע עלעמענטן, ווי

דער אָפּשטאַם פון מזרח־אייראָפּע, די יניקה פון די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען דאָרט, זענען צוגעקומען די שפּעטערדיקע עלעמענטן, ווי דער ווּקס פון מאַטעריאַלן אַחריות פון אַמעריקאַנער יידן פאַרן גורל פון די יידן איוף דער וועלט, דער ווּקס פון דעמאָקראַטישן פּרינציפּ, וואָס דערלאָזט נישט, אַז דער גיבער זאָל ווערן דער אַפּיטראָפּוס פונעם נעמער. אַזוי אַרום איז מעגלעך געוואָרן די באַזונדערע קאָאָפּעראַציע, וואָס האָט ברייטערע אַרבעטער־ און פאָלקס־קרייזן געגעבן אַ שעת־הכושר צו פאַרהעלפן דער הסתדרות און אירע אויפגאָבן, און די עיקרדיקסטע פון זיי — אויפצובויען די יידישע מדינה.

ז

איך האָב די קאָאָפּעראַציע געקענט בלויז פון אירע אויפטוען, אָבער איך האָב אויך, צום טייל, געקענט די שליחים, וואָס זענען פון דאָרט אַהער און די שליחים וואָס זענען פון דאַנעט אַהין געקומען. אַזוי דערמאָן איך מיך, וואָס יוסף באַראַץ האָט דערציילט, אַז מען האָט אים פאַרבעטן אין יוניאָן פון די ניו־יאָרקער יידישע בעקערס, און דער טשערמאַן האָט אויסגערופן: און איצט וועט אונדז געסט באַראַץ דערציילן וועגן אונדזערע גענאָסן די בעקערס אין פּאַלעסטינע. באַראַץ איז געווען אין אַ שטיקל מצודה, ער איז אַפילו נישט געווען זיכער, אויב מיר האָבן אין תל־אביב אַזאַ יוניאָן, האָט זיך אָבער אָנגעטאָן האַרץ, און גענומען אויסברייטן וועגן חילוק צווישן דאָרט און דאָ; אַז דאָ קריגן אונדזערע גענאָסן בעקערס מעל און זיי באַקן ברויט, אָבער דאָרט פאַראַקערן אונדזערע גענאָסן און בראָנעווען דאָס פעלד, און פאַרזייען די תבואה און וואַרטן אָפּ זון און רעגן און שניידן און דרעשן און ברענגען אין שייער און שיקן אין מיל אַריין און צום סוף קומט דאָס מעל צו אונדזערע גענאָסן די בעקערס און זיי באַקן ברויט. און ער האָט עס דערציילט מיט אַלע פּרטים, ווי זיי זענען ממש צוגעגאַנגען אין דגניה, און האָט געהאַט אַ דערפאָלג — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט — כאשר לא דערפאָלגו אבותינו. און אַזוי דערמאָן איך מיך, אַז אין יאָר 1930, ווען איך בין געווען אַ לערער אין טבריה, בין איך געקומען קיין דגניה, ווו מען האָט אויפגענומען שיפּליקאָף, פיינסטאָן און העמלין; איז אַ חבר פון דער קבוצה, אַברהם האַפט, איינגעפאַלן צו פרעגן די שליחים, צי האָט זיין און זיינע חברימס מי אַ ממש, האָט פיינסטאָן געענטפערט, אַז וואָס ער קאָן זאָגן איז בלויז אַ ברכה: „האָטס, איר און דער גאַנצער לאַנד, אַ גוטע און פעטע יאָר". און, בעצם, האָט ער דאָך געטראָפן אין פּינטל, דען ער האָט דאָך, אין זיין פּשטות, איבערגעחזרט, וואָס אַלע דורות יידן זאָגן דריי מאָל אַ טאָג: ברך עלינו ד׳ אלקינו את השנה הזאת ואת כל מיני תבואתה לטובה, טייטש: בענטש גאָט, אונדזער האַר, דאָס איצטיקע יאָר און אַלע סאָרטן פון איר געטרייד צום גוטן.

אַט יענע ברכה אין שמונה־עשרה, וואָס איר נאָענטסטע שכנה איז די אַנדערע ברכה: תקע בשופר גדול לחרותנו ושא נס לקבץ גליותנו, וקבצנו יחד מארבע כנפות הארץ לארצנו, טייטש: בלאָז דעם גרויסן שופר צו אונדזער באַפרייונג, און הייב די פאָן, צונויפצונעמען אונדזערע גלותן און נעם אונדז צוזאַמען גיך פון אַלע פיר עקן ערד אין אונדזער לאַנד אַריין.

דען טו אַ ייִדן — און מעג ער איינשטיין ווי ער שטייט איין — אַ קליינעם קראַץ, שפּרינגט אַרויס איינע און די אַנדערע ברכה פון שמונה־עשרה, און עס מאַכט נישט אויס, וואָס נישט תמיד האָט ער דעם חשק אָדער דעם כוח מודה צו זיין.

## ח

מעגלעך, אַז די גאַנצע חכמה פון הסתדרות־קאַמפּיין איז באַשטאַנען דאַרינען, וואָס מיר, די נעמערס, האָבן זיי, די געבערס, נישט געצוווּנגען דאָס מודה צו זיין, און האָבן זייער אויג געלאָזט זען, ווי די פּרוכט פון זייער הילף גייט ווייט אַריבער די גרענעצן פון זייער כוונה, אָבער דאָס מויל זייערס טייטשט אויס די עצם הילף זייערע, ווי עס האָט זיך אויסגעטייטשט, און זיי האָבן נישט געשפּירט, אַז די אַלע אויסטייטשן זענען בלויז אַ שרעקעוודיקער פּסעוודאָנים פאַר אַהבת־ציון, און אַפילו אַ שעמעוודיקער פאַרדעק פאַר ציוניזם. בערל קאַצענעלסאָן האָט מיר אַ מאָל געזאָגט: ווען זיי וואָלטן זיך לייטיש אַריינגעלייענט אין פּאָרל פון זייערע הויפּט־שרייבער, וואָלטן זיי געוווּסט, אַז אברהם ליעסין האָט שוין לאַנג אַראָפּגעוואָרפן יענע שרעקעוודיקייט און דוד פּינסקי האָט שוין לאַנג אַראָפּגעוואָרפן יענעם פאַרדעק, און פון זיי פאַרוועבן זיך די פעדעם צווישן דאָ און דאָרט.

אגב, בערל קאַצענעלסאָן איז געווען פון די ערשטע שליחים צום הסתדרות־קאַמפּיין און דאַכט זיך, אַז ער האָט נישט איבעריק אויסגענומען, און עס איז גרייטלעך געוועכט געווען בערל לאָקער, וואָס האָט מיר דאָס דערציילט. ווען ער האָט באַמערקט, אַז ער פלעגט פרעגן: נו, וואָס קלערט איר וועגן בערל קאַצע־נעלסאָן? און צוגעגעבן: איך פרעג אייך נישט, ווייל איך וויל האָבן אייער מיינונג וועגן אים, נאָר ווייל איך וויל האָבן אַ מיינונג וועגן אייך.

אָבער מעגלעך, אַז דאָס אומפאַרשטענדעניש האָט אַן אַנדערן מקור — אין טיפּאָלאָגישן אויפטייל פון שליחים געהער בערל קאַצענעלסאָן בפירוש צו די, וואָס אויך מיין ווייניקייט רעכנט זיך צווישן זיי, משמע די וואָס האָבן אַ מאַקסי־מאַלן צוגאַנג, און ער האָט מסתמא נאָך שאַרפער און פּרעציזער געפילט, ווי איך פיל עס הי, אין מיינע פאַלעמישע צוזאַמענשטויסן, אַזוי אַז איך דאַנק גאָט, וואָס ער האָט באַשאַפן אַן אַנדערן טיפּ, וואָס האָט מער פּסיכאָלאָגיש פאַרשטענדעניש

און מער פּעדאַגאָגישע געדולד, ווי עס פֿאָדערט טאַקע אַ לענגערער וועג, וועלכער דויערט אָבער בפירוש צו לאַנג. איך וויל נישט טרייבן קיין גאַווה און זאָגן, אַז דער ערשטער טיפּ איז דער בעסטער, און וויל נישט טרייבן קיין עניוות און זאָגן, אַז דער צווייטער טיפּ איז דער בעסטער; עס איז ווייזט אויס אַ דרך־הטבע, און איך האָב הנאה צו זען, אַז ביידע טיפּן האָבן געפּרוווט טאָן, וואָס זיי האָבן געקאָנט, דער ערשטער וואָס האָט, לרצונו, געפֿאָדערט תיכף דעם פּאַנאַטיקער, און דער צווייטער, וואָס האָט זיך, לכרחו, לעת־עתה באַנוגנט מיטן סימפּאַטיקער — און דער צד השווה איז, אַז ביידע, סיי דער פּאַנאַטיקער סיי דער סימפּאַטיקער, וואָס האָבן, לויטן כאַראַקטער און שיעור פֿון זייער מהות, געגעבן וואָס און וויפֿל זיי האָבן געקאָנט געבן, דאַרפֿן טאָן, וואָס עס האָט געטאָן יענער וועטעראַן, שלמה צמח — כורעים ומשתחווים זיין פֿאַר אונדזער לאַנד, וואָס האָט זיי מער, ווי זיי אים געגעבן, דעם זכות צו זיין שותּפֿים אין אויפֿקום פֿון אונדזער פֿאָלק.

[תש״ל]

# אַ גרוס פון נאָענטע קרובים

אַ וואָרט ביים חנוכת בית־לייוויק

א

איך וועל מודה זיין, אַז דער פאַרבעט פון אונדזער ליבן פריינד ר׳ משה שטאַרקמאַן, דעם פּרעזעס פון ייִדישן פּען־קלוב אין ניו־יאָרק, צו זאָגן אין זייער נאָמען אַ וואָרט, ביים חנוכת בית־לייוויק, האָט מיך געבראַכט אין אַ שטיקל מצודה. דער כבוד, וואָס שטעקט אין דעם האַרציקן צוטרוי, מיר אַזאַ אויפגאַב פּירצולייגן, האָט מיר נישט דערלויבט צו ענטפערן אַ בפירושן ניין; אָבער ווי איינער, וואָס איז מקנא די, וועלכע עס קומט נישט אָן שווער צו פּועלן ביי זיך, צו רעדן אין נאָמען פון אַ רבים, בעת מיר קומט נישט אָן לייכט צו רעדן אין נאָמען פון ווייניקע, און איך דאַנק גאָט, אַז איך קאָן רעדן אין נאָמען פון זיך אַליין, האָב איך זיך נישט דערוועגט צו ענטפערן אַ בפירושן יאָ, און צווישן דעם האַלבן ניי און האַלבן יאָ וואַקלט זיך מיין איצטיקער פּרווו צו באַלאַנסירן צווישן אַ באַגריס אין נאָמען פון אַ רבים, מיינע שולחים, און אַ גרוס, אין נאָמען פון אַ יחיד, דעם שליח. וועל איך, מיט אייער דערלויב, זאָגן וואָס איך ווייס און וואָס איך פיל.

ב

איך ווייס בפירוש, אַז דער ייִדישער פּען־קלוב, משמע זיינע חברים, וואָס יעדער פון זיי איז, ווי שרייבער זענען, אַ וועלט פאַר זיך, זענען מיטן גאַנצן האַרצן דאָ, און פרייען זיך מיט דעם עצם אויפטו, דעם בית־לייוויק, און נישט בלויז ווייל עס גייט אין ליכטיקן זכר און נאָמען פון אַ שאַפער, דעם פּאָעט פון אויסגעוויטיקטן ייִדישן שליחות, און נישט בלויז ווייל עס גייט אין אַ היים פאַר ייִדיש־שעפערישקייט, נאָר אויך, אויב נישט בעיקר, ווייל עס געשעט הי, אין סאַמע האַרץ פון אונדזער לאַנד, און סוף־סוף איז עס דאָך כדרך הטבע, אַז דאָס האַרץ פון אַ שרייבער ציט צום האַרץ פון זיין פאָלק, נאָך מער: זיין האַרץ איז דאָס האַרץ פונעם פאָלק.

איך בין לעצטנס אויסגעפאָרן אַ היפּש שטיק וועלט, און געווען אין כמה

וכמה יידישע ישובים, פון בוענאָס־איירעס ביז מאָנטרעאַל, און פון לאָס־אַנדזשעלעס ביז ניו־יאָרק, און זיך צונויפֿגעקומען מיט כלערליי ליבע ייִדן, בעיקר מיט שרייבער, און איך האָב געפֿונען באַשטעטיקט, וואָס איך האָב אויף פֿריִער געוווּסט, אַז די ייִדן, בפֿרט די ייִדישע ייִדן, זענען נישט בלויז פּאָר און מיט אונדזער לאַנד, נאָר זיי האַלטן, וואָס עס האָט שוין לאַנג פֿירגעזאָגט שלמה שילער, אַז מיטן אויפֿלעב פֿון ייִדישן פֿאָלק אין זיין לאַנד, וועלן אַלע עלעמענטן אין פֿאָלק זוכן און געפֿינען אין אים אַן אָנשפּאַר און אַ יניקה. און באמת, אָפּגערעכנט צוויי־דריי גרופּקעלעך פֿון דאָקטרינאַרן אָדער מאַניאַקעס, וואָס זענען מקיים דעם חוב צו זיין די חלבנה אין קטורת, איז היינט צו טאָג, אין דער קאָלעקטיווער קאָנפֿיגוראַציע פֿון אונדזער פֿאָלק, נישט פֿאַראַן אַ ריכטונג, אַ טענדענציע, אַ ניואַנס, וואָס זעט נישט אין אונדזער לאַנד דאָס באַדערפֿעניש און די מעגלעכקייט צו דערהאַלטן און שטאַרקן די וועדרטן, וואָס זענען זיי, גרויסע אָדער קליינע טיילן פֿון פֿאָלק, באַזונדערס וויטאַל און טייער און מיינען, לרוב מיט פֿולן רעכט, אַז זיי דאַרפֿן און קאָנען אויך זיין וויטאַל און טייער דעם גאַנצן פֿאָלק.

ג

איך פֿיל בחוש, אַז מיינע שולחים שטעלן בערך, די קשיא, וואָס מען האָט מיר, דאָ און דאָרט, געשטעלט: און וואָס וועט זיין ביי אייך מיט טויזנט יאָר ייִדיש־קולטור? וועט איר מיר דערלויבן איבערחזרן מיין דרייִיִקע תשובה אויף דער דאָזיקער קולטור־קשיא. ערשטנס, פּאָר וואָס זאָגט איר: ביי אייך און נישט: ביי אונדז; דען ווער שטערט אייך גופא צו זיין ביי אונדז און מיט אונדז. צווייטנס, אַפֿילו אין גרויסן אַשכנזישן תחום איז, אין די טויזנט יאָר, אונדזער קולטור נישט געווען פֿון דעם סאָרט, ווי איר שטעלט זי פֿיר, כביכול כולו ייִדיש; אין אַכט הונדערט יאָר פֿון ייִדיש איז זי געגאַנגען האַנט־אין־האַנט מיט לשון־קודש, וואָס איז געווען די עיקר־שפּראַך פֿון דער ליטעראַטור, און ביידע שפּראַכן האָבן מקיים געווען אַ וווּנדערלעכן פֿונקציאָנאַלן אויפֿטייל. די קשיא, אויב מה שהיה הוא שיהיה, וואָס איז געווען וועט זיין, וואָס לאָזט זיך נישט פֿאַרענטפֿערן אַזוי לאַנג מיר ווייסן נישט, איך שיהיה, ווי עס וועט זיין, איז טאַקע די פּראָבלעם בהא הידיעה. דריטנס, די קשיא איז נישט איזאָלירט; ווער עס פֿרעגט, וואָס וועט זיין מיט אַ טויזנט־יאָריקן ווערט, דאַרף געדענקען, אַז עס לאָזט זיך פֿרעגן, און עס פֿרעגט זיך אויך — אַ שטייגער, וואָס וועט זיין מיט טויזנטער יאָר קולטור פֿון שבת, וואָס האָט מיחד געווען די ייִדישע גאַס, דעם ייִדישן ישוב; וואָס וועט זיין מיט טויזנטער יאָר קולטור פֿון כשרות, וואָס האָט מיחד געווען די ייִדישע שטוב, די ייִדישע היים, וכדומה.

## ד

און דאָ װעל איך מיר דערלױבן צו דערמאָנען אַ זיס װאָרט פֿון ש״י עגנון, װאָס האָט אַ מאָל געזאָגט צו אַ ייִנגל: אַ ייִד, װאָס קען נישט קײן גמרא, איז אַ האַלבער ייִד; און אַז דאָס ייִנגל האָט זיך געקליגלט און געזאָגט: װעל איך זיך מיט מײַן חבר צונױפֿנעמען און מיר בײדע װעלן זײַן אַ גאַנצער ייִד, האָט אים דער שרײַבער געענטפֿערט: לאָ מיט אַ ספֿק, איר װעט בלײַבן צװײ האַלבע ייִדן. לערן איך אָפּ אַ קל־וחומר לגבי אונדזער איצטיקן ענין: פּונקט װי אונדזער־אײנער, װאָס קען קײן העברעיִש נישט, איז נישט קײן גאַנצער ייִד, איז אונדזער־אײנער, װאָס קען נישט קײן ייִדיש, נישט קײן גאַנצער ייִד, און אַ כּלל גדול פֿון אַ קאָמפּליצירטער קולטור, איז די גאַנצקײט.

בית־לײװיק, װאָס דאַרף, על־פּי־דרכּו, פֿאַרהעלפֿן צו דער גאַנצקײט, איז נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער אױפֿטו בײַ אונדז פֿון און פֿאַר ייִדיש, אָבער איך האָף, אַז מען װעט אים נישט אָנהענגען אַ לונג־און־לעבער אױף דער באַז, װי מען האָט געפּרוּװט אָנהענגען די פֿריִערדיקע אױפֿטוען: „די גאָלדענע קײט״, דער ייִדיש־קאַטעדרע, אַפֿילו דער מאַנגער־פּרעמיע, און דאָס הױז װעט מלכתּחילה געניסן דעם פֿולן צוטרױ, װאָס יענע האָבן געגאָסן בדיעבד.

## ה

אױב און װיפֿל בית־לײװיק װעט פֿאַרהעלפֿן צו אונדזער קולטור־גאַנצקײט, איז נישט אַזױ געװענדט אין זײַנע יום־טובֿדיקע דעקלאַראַציעס, װי אין זײַנע װאָכעדיקע, טאָג־טעגלעכע מעשׂים. װי האָט עקיבֿא בן־מהללאל פֿאַרזאָגט זײַן זון: מעשׂיך יקרבֿוך ומעשׂיך ירחקוך; און מײַן מלמד עליו־השלום פֿלעגט עס פֿאַרטײַטשן אין אַ פֿאַרקערטן סדר: מעשׂיך ירחקוך — דײַנע מעשׂים װעלן דיך דערװײַטערן און װעסט שטײן אין עקסטן װינקל; מעשׂיך יקרבֿוך — דײַנע מעשׂים װעלן דיך דערנענטערן, און װעסט זיצן אין סאַמע אױבן אָן.

צום סוף װעל איך מודה זײַן, אַז איך בין װײַט נישט זיכער, אױב איך בין געװען דער רעכטער שליח־מצװה און האָב מכװן געװען װאָס מײַנע שולחים האָבן אַקוראַט געװאָלט, אָבער אױב עס קומט מיר דערפֿאַר אַפֿילו אַ פּיצל גן־עדן, טרעט איך עס זײ אָפּ, אױב עס קומט מיר, חלילה, אַ שטיק גיהנום, נעם איך עס אין גאַנצן אױף מיר.

[תש״ל]

# זוכצעטל

# לוח הענינים

## זיבעטע פרשה:



## אַכטע פרשה:

## נײַנטע פּרשה:



## צענטע פּרשה:



## עלפֿטע פּרשה: